לזכרון מיין טאטע־מאמע

## משה אהרן און רחל

און מיין שטעטל ליפסק, סואוואלקער גובערניע,

יאגוסטאווער אויעזד, וואס איז צעשטערט

און פארברענט געווארן פון די דייטשע נאצים

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.




אַ יובילײ־װאָרט פון מחבר — משלים

לידער — גראַמאָנאָלאָגן

דערצײלונגען—הומאָרעסקעס — קאַמפּס־לידער

יום־טוב לידער — אײנאַקטערס

מאָנאָלאָגן — אַפאָריזמען־עפּיגראַמען

# מײַן גאָרטן

# MEIN GORTN

## (My Garden)

**Sam Liptzin**

שער־בלאַט געצייכנט פון
דיכטער־מאָלער
מ ש ה  ק י ש

גוטמוטיקע שאַרזשן פון
ו ו י ל י אַ ם  ג ר אָ פּ ע ר
ז ו נ י  מ אָ ו ד



ביכער פון זעלבן מחבר:

אַמאָל איז געווען . . .
אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט
פאַר פרייד און פרידן
אַ פריילעכס
ווי זאָגט דער פעטער
מיט אַ פריילעך פּנים
לעבעדיק און לוסטיק
מיט געזאַנג אין קאַמף
געקעמפט און געלאַכט
אַ גוט־יאָנטעוו
הערט אַ מעשה
רויטע פעפערלעך
פאַר רויטע אוונטן
שפּיל — צום ציל
גוט מאָרגן
קריג און זיג
קאַמפּסלוסטיק
לאָמיר זינגען
ניט־געדאַיגעט
צע־לאַכ־עם די טרערן
אויף לייטיש געלעכטער
איך לאַך פון דער וועלט
פּראָוואָקאַטאָרן, אַ שאַנד פאַרן
יידישן פאָלק! (פאַמפלעט)
קוועקזילבער׳ס פענשטיפערייען
אויף וואַקאַציע
פאַר קליין און גרויס
זינגען מיר פאַר שלום
„אין ספּאַיט אָוו טיערס" (ענגליש)
„טעילס אָוו עי טעילאָר" (ענגליש)
מיין גאָרטן



איקוף  פאַרלאַג

*Published by* Yiddisher Kultur Farband (YKUF)

**Printed in U.S.A.**

 363



**SAM LIPTZIN, 2815 Barker Avenue, New York, N. Y. 10467**

# אינהאַלט:

# אַ יובּילײ־וואָרט פון מחבר



יבע לייענער, חברים און פריינט —

**איך טייל דעם יום־טוב מיט אייך, ווייל נאָר אַ דאַנק אייך און אייער הילף האָט מעגלעך געמאַכט, אַז איר זאָלט איצט האַלטן אין האַנט מיין דרייסיקסטן בוך, „מיין גאָרטן", אַזוי האָט אייער אינספּיראַציע מיר געגעבן מוט אין דער אַרבעט וואָס איך קאָן פאַרצייכענען פינף־און־פופציק יאָר אין דינסט פון דער געזעלשאַפט, פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס. און געוויס האָט דאָס מיך געשטאַרקט איך זאָל איצט קאָנען אונטערציען אַ שטיקל סך־הכל פון מיינע נעכטיקע און אָפט נאַכטיקע טעג פון מיינע פאַרגאַנגענע פינף־און־זיבעציק יאָר.**

שוין פון ניין־צען יאָר האָב איך געטראָגן דעם יאָך אויף זיך פון אַרבעט. געהאַט האָב איך איין גוטן ב אַ ל ע ב אָ ס, ביי וועמען איך האָב געלערנט שניידעריי — דאָס איז געווען מיין טאַטע. דערנאָך האָב איך שוין דורכגעמאַכט כל עבודת פּרך. געוואָרפן געוואָרן פון איין פאַבריק אין אַ צווייטער, זייענדיק אויפן „שוואַרצן צעטל" פאַר מיין טרעיד־יוניאָן־אַרבעט. איך האָב אויך געדאַרפט וואַנדערן פון איין פאַך צו אַ צווייטן, אָפט אויך פאַרזוכט דעם טעם דורך אַנפאַלן פיזיש פון דער אונטערוועלט (ווי עס ווערט, טיילווייז, איבערגעגעבן אין מיין יידישן בוך „אַמאָל איז געווען" און אין ענגלישן בוך, איבערגעזעצט דורך מאַקס ראָזענפעלד, „טעילס אָוו עי טעילאָר"). אַזוי איז דער אַרבעטער־מאַרקעט" (די בירזשע) געווען מיין שולע, די פאַבריקן — מיין „קאַלעדזש", און די „מאָרגן־פרייהייט" מיט דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג — מיין אוניווערזיטעט.

איך וויל ווידערהאָלן וואָס איך האָב שוין ביי אַן אַנדער געלעגנהייט געזאָגט :

ווען איך וואָלט פון דאָסניי איצט געבוירן געוואָרן און געדאַרפט אויסקלייבן מיין וועג פון לעבן און קאַמף, וואָלט איך ווידער געגאַנגען אויפן זעל־

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

ביקן וועג, און לויט דער זעלביקער מ אַ ר ק ס ־ מ אַ פּ ע: צו געווינען די וועלט פאַר די אַרבעטער־ און פאָלקסמאַסן — פאַר די, וואָס זיינען די אמת׳ע שאַפער פון אַלדאָס גוטס אין דער וועלט, פאַר אַ וועלט פון יושר און פרידן.

געווים איז דער וועג אַ שווערער, מיט אָנגעוואָרפענע שווערע שטיינער. אָבער דער וואָס טראַכט פון בויען, ווייסט, אַז די זעלביקע שטיינער, וואָס זיינען אָנגעוואָרפן אין וועג, זיינען אויך גוטער מאַטעריאַל, ווען מ׳נעמט זיי צוזאַמען. זיי מאַכן דעם צעמענט, די ציגל, די ווענט פאַרן נייעם מאָרגן.

בין איך גליקלעך און צופרידן, ווי איינער פון די מאַסן, וואָס האָט גע־מאַכט אַ נוץ פון זיינע טעג און יאָרן. די גרעסטע באַלוינונג האָבן מיר פאַר־אונדזערע אויגן, ווי „ד ע ר ז י י ד ע" מאָרים ווינטשעווסקי האָט עס שוין אין זיין צייט אַזוי קלאָר געזען און געהערט: „הערט איר, קינדער, ווי עס רירט זיך".

יאָ, עס רירט זיך! יעדע געשעעניש איז אַ צייכן פון דער נייער צייט, אַ צייכן פון די פרישע ווינטעלעך, וואָס ברענגען אַ שענערן היינט און אַ ליכטי־קערן מאָרגן!

דערפאַר פיל איך זיך מונטער און פריידיק. איך פיל זיך ווי אַ שותף, ווי איינער פון די מיליאָנען, ווען איך זע צעאַקערטע ערד, קאָרן און בלומען, דעם אויפשטעל פון נייע היימען, מענטשן־דערוואַכונג, לענדער־דערוואַכונג, די נייע דערגרייכונגען אויפן געביט פון קולטור, דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און שאָוויניזם, דעם קאַמף פאַר גלייכהייט צווישן אַלע פעלקער און אונדזער יידישן פאָלק בתוכם. דאָס איז מיין לוין, מיין פרייד און גליק אין לעבן.

איך דערוואַרט ניט מיט מיין שרייבן זיך איינצושאַפן אומשטערבלעכקייט. איך שרייב פאַרן היינט, צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די פאָלקס־מאַסן, מ׳זאָל ניט שטענדיק זען דעם טויט פאַר די אויגן.

געווים איז דער קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן ניט אויסגעבעטט מיט טעפּי־כער, אָפט קומט אויס צו ווערן געשטרויכלט אויף די שטיינער פון קלאַסן־שונא. אָפט גליגנט זיי אויך צו פאַרכאַפּן אַ פירער און אים איבערפירן . . . אָבער אַ דאַנק דעם גלויבן אין באַוואוסטזיין, אין דעם אידעאַל, פאַרשטייען שוין איצט מענטשן איבער דער וועלט, אַז פון הינטער די וואָלקנס מוז סוף־כל־סוף אַרויסשיינען די זון.

איך באַטראַכט מיין שרייבן, ווי די אַרבעט פון דער קראַנקן־שוועסטער,

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

וואָס טוט אַריין אַביסל זאַפט אין דער מעדיצין עס זאָל דעם קראַנקן אויפ־מונטערן.

איך ווייס ניט צי אַלע מאָל געלינגט מיר מיין שרייבן די לידער, הומאָ־רעסקעס, פּעפּערלעך, צי די אַפאָריזמען־עפּיגראַמען. מיין כוונה איז אַרויסצו־קריגן אַ שטיקל שמייכל פון אַ אומעטיקן פּנים, געבן אַ משל צו אַ נמשל, נאָר די הויפּט־זאַך — וועקן און מונטערן די פאָלקס־מאַסן צו שאַפן אַ דערנעענטע־רונג אין קאַמף קעגן ראַסיזם, שאָוויניזם, אַנטיסעמיטיזם, פאַר שלום אויף דער וועלט.

איך בין צופרידן וואָס מיינע קינדער און אייניקלעך וועלן זיך ניט דאַרפן קריגן איבער מיין ירושה. איך האָף, אַז זיי וועלן לייענען, אַביסל לאַכן און הנאה האָבן פון מיין פאַרמעגן אין די 30 ביכער. זיי וועלן גרינג זיך קאָנען צעטיילן מיט די הונדערטער הומאָרעסקעס, לידער און מיט די אַרום אַכט טויזנט אַפאָ־ריזמען־עפּיגראַמען, וואָס געפינען זיך — ניט אין ב אַ נ ק — נאָר אין ש ר אַ נ ק, אין די ביכער „אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט", „ווי זאָגט דער פעטער", „מיט אַ פריילעך פּנים", דאָ אין „מיין גאָרטן" און אין אַנדערע ביכער.

אַ האַרציקן דאַנק און אַ וואַרעמען האַנט־דרוק די אַלע ספּאָנסאָרס, לייע־נער און פריינט איבערן לאַנד, און דעם פאַרלאַג „איקוף", ניו־יאָרק.

**לחיים ולשלום פאַר דער וועלט און פאַרן קיום פון יידישן וואָרט.**

סעם ליפּצין

**1969**

# הערט זיך צו קינדערלעך

הערט זיך צו קינדערלעך: חיים׳ל, דוד׳ל און גיטעלע,
איר לערנט שפּראַכן, זייער פיין, דאָס איז ניט קיין חידוש,
נאָר פאַרוואָס פאַרגעסט איר אָן איין שפּראַך —
אונדזער פאָלקס-שפּראַך — מאַמע-לשון, יידיש?

מאַמע-לשון, חיים׳ל, איז אַ שפּראַך טיף-איינגעוואָרצלט,
אַ שיינע, אַ געזונטע, פון לאַנגע דורות אַ ירושה.
דורכגעטראָגן די שווערסטע וועגן, געהיט דאָס ווי אַן אוצר,
מעגסטו, קינד, זיך פילן שטאָלץ, ניין, ס׳איז ניט קיין בושה.

און ווען דיין באָבע, רחל׳ע פלעגט דיר גיטעלע, מיין טעכטערל,
זינגען אַ שיין לידעלע אויפן לשון פון דיין מאַמען,
פלעגסטו קוועלן גאָר געשמאַק פון אַ יעדער וואָרט,
ווי עס וואָלט פאַרמאָגט אין זיך גאַנצע טויזנט טעמ׳ען.

יאָ, און דו מיין דוד׳ל, פלעגסט דאָך שרייבן יידישע בריוועלעך,
און יידיש, זאָפטיק האָסטו גערעדט שטענדיק מיטן זיידן,
איצט — אַזוי פיל שפּראַכן קאָנסטו רעדן שוין,
נאָר יידיש, מאַמע-לשון, אַ וואָרט קאָנסטו ניט ריידן.

פרעג איך איצט אייך, קינדערלעך, איז דאָס פאַר אייך שיין,
זיך אָפּרייסן פונעם שיינעם בוים, פון די געזונטע שטאַמען?
איר קעמפט דאָך פאַר אַלע פעלקער און שפּראַכן,
טאָ נעמט-זשע קינדער אויך אונדז אַריין — אייער טאַטן, מאַמען.

ס ע ם ל י פ צ י ן / מ י י ן ג אָ ר ט ן

## מאַמע־לשון זאָל ניט ווערן פאַרלאָשן!

די באָבע פלעגט לייענען איר תחינה
אין פאַרטייטשן יידיש — מאַמע־לשון.
די קינדער פלעגן נעמען אויף פריקאַט
א יידיש מעשה־ביכל פאַר צוויי גראָשן.

די מאַמע האָט מיט ליבשאַפט שטענדיק געזונגען
פאַר אונדז יידישע לידער אין איר מאַמע־לשון.
אָפט אין די אָוונטן פאַרוויגט אַזוי די קינדער —
ביז דאָס ליכטל האָט אַליין זיך פאַרלאָשן.

אַפילו יאַנעק דער פאַטשאַליאַן, אַ קריסט מיט אַ בערדל,
אַ ריז, אַ גרויסער, ווי עוג מלך הבשן,
פלעגט איבערלייענען ברייוו אין יידיש פאַר בלינדע,
געלייענט ווי אַ וואַסער — אין זאַפטיקן מאַמע־לשון.

עלי דער פורמאַן פלעגט אַפילו רעדן צו גאָט,
אין אַ יידיש אַ האַרטן, ווערטער ווי געדראָשן.
פלעגט מאַנען ביי גאָט: ברויט, קליידער און שיך —
אין דעם אמת־יידישן יידיש — אין מאַמע־לשון.

## וואו זענט איר לייענער?

ווען דאָס יידישע לשון איז געווען אָרעם,
איז זייער רייך געווען דער פאַרלאַנג,
וואָס מער ביכער צו לייענען, לערנען,
וואָס מערער זאָל זיין יעדער „גאַנג".

נאָר ווען דאָס יידיש לשון איז רייכער,
אין אידיאָמאַטיק, שפּראַך און געדאַנק,
איז, ווי האָט אַן אומגליק געטראָפן —
דער לייענער געפינט זיך שפּראַך־קראַנק...

מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# איציקל וויל פאַרשטיין

געדעדט שטענדיק האָט איציקל די שפּראַך פונעם לאַנד דאָ,
געמיינט רעדן יידיש איז אפשר אַ שאַנד דאָ.
האָט ער אין גאַס מיט די קינדער גערעדט נאָר איין שפּראַך,
און ווען געהערט האָט ער יידיש, פלעגט ער זיך געבן אַ לאַך.

אָפט פלעגט ער אויך בייז זיין אויף באָבען און זיידן,
ווען זיי האָבן געשמועסט און שטיל געלאַכט בײדע.
ער האָט געקוקט אויף די ליפּן, ניט פאַרשטאַנען אַ וואָרט,
פלעגט ער אַ בייזער אַנטלויפן פון דאָרט.

אזוי, ווען טאַטע און מאַמע האָבן געוואָלט אַ וואָרט היטן,
האָבן זיי גלייך די רייד אויף יידיש פאַרביטן.
האָט איציקל מיטן נעזל זיך געגעבן אַ קרים,
ער האָט גלייך פאַרשטאַנען — מ׳רעדט וועגן אים . . .

איין טאָג האָט איציקל אַרויסגערופן אַ חידוש,
ער האָט פלוצים באַשלאָסן צו לערנען זיך יידיש,
און דערקלערט טאַטע־מאַמע דעם אמת, פאַרוואָס
ער וויל זיך באַקאָנען מיט דעם יידישן אות:

ווען איך זיץ מיט פאַמיליע ביים טיש דאָ צוזאַמען,
וויל איך פאַרשטיין זיי, און אויך דעם טאַטן און מאַמען,
כ׳וויל ניט זיצן אַ פרעמדער, פאַר זיך נאָר אַליין,
נאָר אין מאַמע־לשון קאָנען — אייך אַלעמען פאַרשטיין ! . . .

מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# אויך יידיש איז קודש

עס איז גוט צו הערן דעם טאַטנס זינגען,
ווי דער מאַמעס מעשה׳לעך — אין מאַמע־לשון.
ווערטער וואָס באַלויכטן דאָס יידישע לעבן —
מוזן די קינדער זען עס זאָל ניט ווערן פאַרלאָשן!
פון דור־צו־דור דאַרף די שפּראַך זיך טראָגן,
איינער צום צווייטן איבערגעבן די ירושה.
אַ ירושה אַ רייכע, אַ קולטור פון פּערל, בריליאַנטן —
אַזאַ ירושה ניט היטן — איז ממש אַ בושה . . .
אַ בוים האָט צווייגן, די צווייגן האָבן בלעטער און בליאונג,
דערנאָך קומען פּרוכטן — לויטן מוסטער פון דער מאַמען.
אַלע איינע ווי איינע — טראָגן דעם זעלביקן נאָמען,
און האַלטן זיך נאָענט ווי אַ פאַמיליע צוזאַמען.
אין סאָד לעבן בוימער מיט פאַרשיידענע פּרוכטן,
פאַרוואָרצלט אין שטאַם, אַרום מיט צווייגן געדיכטע,
יעדער בוים מיט זיינע קינדער בליען און וואַקסן —
און דערציילן דורך די בלעטער פון זייער רייכער געשיכטע.
און פּונקט ווי אין וואַלד האָבן ביימער פאַרשיידענע קאָלירן,
יעדער איינער קומט פון אַנדערע שטאַמען,
דאָך לעבן זיי בשלום ווי שכנים, פריינט נאָענטע —
און היטן די ירושה פון זייער טאַטן און מאַמען!

# אַ בוך ווי אַ מענטש

אַ בוך, ווי אַ מענטש, דאַרף אַ האַרץ און אַ מוח,
צו שטאַרקן דאָס לעבן מיט אינהאַלט און כוח.
אַ בוך, ווי אַ מענטש, טאָר ניט שטיין מיטן רוקן,
מיט גוף און נשמה — ווייזן אַ צייכן פון לעבן.

אַ בוך, ווי אַ מענטש, מעג שטימונגען בייטן,
נאָר ניט גרויסן זיך מיט פעטינקע זייטן.
אַ בוך, ווי אַ מענטש, טאָר ניט שטיין מיטן רוקן,
אין אַן אָפענעם בוך איז אַ מחיה צו קוקן . . .

ס ע ם  ל י פ צ י ן  /  מ י י ן  ג אָ ר ט ן

# איין שלום־עליכם

מיר הויבן אונדזערע הענט, ווי פרומע, צו „שאו ידיכם",
צו דערמאָנען מיט יראת־הכבוד, דעם נאָמען שלום־עליכם,
וואָס האָט באַוויזן פאַר יידן אָט־דעם גרויסן חידוש,
צו וועלט־ליטעראַטור דערהויבן „שפחה יידיש" . . .

אין די טיפענישן פון פאָלק געשעפט זיינע טעמעס,
און צוריק געגעבן דעם פאָלק — נאַדיר און נעם עס.
די וועלט האָט עס אויפגעכאַפּט פונעם קינסטלער, דעם חכם,
וואָס ניטאָ קיין פאַרגלייך איז פאַר אים און נאָך אים.

פון די טיפע קוואַלן געשעפּן הומאָר, פרייד ביז טרערן,
צו לערנען, צו לאַכן און גאָר אַ סך צו קלערן:
פונעם אָרעמאַן, בעל־מלאכה, און פאַראַזיטן־מייסטער,
ווי פונעם פאַלשן בעל־צדקה, וואָס שאָקלט דעם טייסטער . . .

אַלץ באַשריבן, אָפּגעמאָלן אין די ריכטיקע פאַרבן,
אַזוי האָבן זיך ביכער געבונדן — ווי אויף פעלדער די גאַרבן.
פול מיט חכמה, סאַטירע און אַלע מאָל אַ מוסר־השכל,
וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער לענדער ווי אַ בת־קול . . .

אין אַלערליי שפּראַכן, פון נאָענטן און פון ווייטן,
מיט פאַסיקע טעמעס, וואָס דערמאָנען אַלע צייטן.
אַלץ פול מיט חן, מיט אַ ברייטער האַנט געגעבן
און די הויפּט־זאַך: לאַכן איז געזונט — גוט פאַרן לעבן.

דערפאַר הומאָריסטן, זייט ניט פאַרזויערט און ביטער,
וואָס אַ נייער שלום־עליכם קאָן זיין אפשר אַ „דריטער",
ווייל אַ צווייטן שלום־עליכם, האָט דאָס גוט אין זינען —
איז אין דער גאַנצער וועלט איצט ניט צו געפינען! . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# געקראָגן ירושות

פון איין זיידן האָב איך אַ ירושה זיין נאָמען.
פון דעם צווייטן — צו לערנען וואָס מער.
פון דער מאַמען — איר פאָלקסטימלעכן מאַמע־לשון,
און פון דעם טאַטן — זיין נאָדל און שער...

פון איין פעטער — אַ ירושה ספרים.
פון אַ צווייטן — ווי צו לעבן פאַר אַ נוץ.
פון אַ דריטן — זיינע הענט די האָרעפּאַשנע,
און פון אַ פערטן — זיין חוש פאַר אַ וויץ...

פון ערלעכע פירער האָב איך אַ ירושה,
ווי צו דינען מיין פאָלק און מיין קלאַס.
כ'בין שטענדיק פול מיט מוט און בטחון —
און פאַרלאַך יעדן ווייטיק מיט שפּאַס...

פון די פאָלקס־העלדן האָב איך געלערנט
צו ברעכן צאַמען פון שרעק און פון נויט,
און פאַרגעדענקט גוט זייער לערע און אָנזאָג:
דער וואָס אַרבעט איז באַרעכטיקט צום ברויט!

פון דערפאַרונג — האָב איך אַ גרויסע ירושה,
ווען מ'גייט צוזאַמען איז זיכער דער גאַנג:
מ'קאָן זיך ווערן, קעמפן און באַשיצן
קעגן אָנפאַל פון אַ גיפטיקער שלאַנג...

אַזוי לעב איך אויף רייכע ירושות.
מיך אַרט ניט דאָס גרויען זיך די האָר —
איך וואַרט נאָר אויף דער באַבעס ירושה —
צו דערלעבן ווי זי — הונדערט יאָר!

סעם ליפּצין / מיין גאַ־טן

## מיינע ירושות פאַר אייך

איך האָב ניט קיין פאַרמעג פון קיין הייזער.
איך ווייס ניט פון געשעפטן מיט ברייזער.
איך בין ניט קיין רענטלאַרד אויף דירות.
אָ, יאָ — איך פאַרמאָג מיינע „ווערט־פּאַפּירן",
נאָר ניט פאַר חשבון, צי געשעפטן פירן:
ביכער און ביכלעך — זיינען מיינע עשירות...

איך האָב ניט קיין רייכטום פון טאַטן.
פאַרמאָג ניט קיין פאַבריקן, ווארשטאַטן.
קיין טויזנטער ניט באַוויזן צו קלייבן.
מיין פאַרמעגן — הונדערטערס אין סקיצן,
טויזנטערס — אין אַפאָריזמען, פען־שפּריצן
און אַלץ, וואָס כ'האָב געקאָנט נאָר באַשרייבן...

איך האָב ניט קיין אוצרות אין באַנקן,
איך האָב ניט קיין גאָלד אין די שראַנקן,
קיין זילבערנע בעכערס, לייכטער און קווערטלעך.
ווען מיין מויל ט'זיך שליסן, די אויגן פאַרמאַכן,
וועלן מיינע יורשים רואיק קאָנען זיצן און לאַכן,
זיך טיילן מיט לידער און גלייכווערטלעך...

## איך האָב ליב צו זען

איך האָב שטענדיק ליב צו זען
מענטשן גוטמוטיק, שטיפעריש, לאַכנדיק.
כאָטש שווער איז געווען דאָס לעבן —
אָפט אַ שטיקל לעבן ניט מאַכנדיק,

דאָך אין אָנגעשטרענגטע שווערע צייטן,
געפּרוווט צרות אין פרייד איבערמאַכן.
און געפונען אַ טרייסט אין דעם,
ווען איך האָב געזען מענטשן לאַכן...

## פייגל אין נעסט — אויף אייגענע קעסט

אַרום אַ הויז מיט אַ שיינעם גאָרטן,
מיט אַ בוים אין דערמיט,
געפינט זיך אַ נעסט מיט פיר פייגל,
וואו די מאַמע פאַדעט, פליט.

לויפט אַרום אין גראָבנס זוכן,
וואו אַ ברעקל ווייץ, אַ ביסל רייז,
צו דערנערן זיך און קינדער,
מיט דעם נויטיקן שפּייז.

נאָר ווי גיך ס'האָבן די פיר קינדער
זיך צעוואַקסן שיין און גרויס,
האָט זיי די מאַמע אַ וועג געוויזן,
ווי אַזוי מ'זוכט שפּייז זיך אויס.

די קינדער האָבן דאָס באַנומען,
ווי זיך צו העלפן אין אַ נויט.
אַרויסגעפלויגן, אויסגעזוכט זיך,
און געבראַכט פיר קרישקעס ברויט.

האָט זיך צעזונגען אַ לויב די מאַמע
צו די קינדער אין דעם נעסט.
וואָס זיי זיינען שוין פאַרזאָרגטע,
קאָנען לעבן אויף אייגן קעסט.

## פייגעלע, פייגעלע

זאָגט דאָס יינגעלע: — פייגעלע, פייגעלע,
כ'האָב פאַר דיר אַ האָניק-טייגעלע,
אויך פון גאָלד אַ שיין שטייגעלע . . .
און וועל דיך היטן ווי מיין אייגעלע.

ענטפערט „פיף-פיף" דאָס קליינע פייגעלע:
— איך בין דיר מוחל דיין גאָלדן שטייגעלע.
בעסער אַ קערנדל אויף דער פריי —
און זיך וויגן אויף אַ צווייגעלע . . .

# דערציילונגען און הומאָרעסקעס

„אָט אַזוי נייט אַ שניידער"...

פּ. יודיטש: „מ'לאָזט ניט אַרבעטן מיט דער נאָדל, שטעפּט ער מיט דער פּען"...
(שער־בלאַט פון בוך „אַ פריילעכס", 1938

# ליכטיק זאָל ווערן!

## (אַ סימבאָליש מעשה'לע)

דאָס שטעטעלע איז געווען אַ קליינס, אַ פינצטערס. דאָס גאַנצע שטעטעלע איז געלעגן אין אַ טאָל, עפּעס ווי עס וואָלט אַרונטערגעשווענקט געוואָרן פון אַ הויכן באַרג.

די פּאָר געוועלבן און מייסטערסקאָיעס זיינען געווען באַלויכטן פון חלב'נע ליכטלעך. די חורבה־שטיבלעך — מיט קינעלעך, אַזעלכע אָנגעשפּאָלטענע שטיקלעך האָלץ. מ'פלעגט דאָס אָנצינדן און אַריינשטעקן אין די שפּאַלטן פון די הילצערנע ווענט. וואָס אַנשטאָט געבן ליכט, האָבן זיי אָנגעפילט דאָס הויז מיט רויך . . .

בלויז אין בית־המדרש האָט מען פון פּרייטיק ביז פּרייטיק אָנגעצונדן אַ גאַז־לעמפּל, וואָס האָט געברענט ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען יאַנעק דער „שבת'ניק". מ'האָט אים גערופן, איז ער געקומען און אויסגעלאָשן.

ווען מ'האָט אינעם שטעטל זיך דערוואוסט, אַז הערצל'ס זון, וועלכער איז געפאָרן אַרבעטן אין אַ גרויסער שטאָט, האָט זיך גאָר פאַרנומען צו לערנען, גיין אין גימנאַזיע, האָט מען די הערצל־פאַמיליע ווי אַריינגעוואָרפן אין חרם. די לייזונג אין זייער געוועלבל איז כמעט ווי אָפּגעשניטן געוואָרן.

אין אַלע הייזער, אויף אַלע פּריזבעס, האָט מען גערעדט אין איין רעדן. די אומוויסנדיקע מאַנסבילן און פרויען האָבן געטייטלט מיט די פינגער אויף דער הערצל־פאַמיליע. די פּראָסטע יונגען האָבן געסטראַשעט מיט קלעפּ. הער־שעלע דער בדחן האָט אויסגעפּלאַכטן חוזק אין גראַמען און זיי אומעטום געזונגען.

אַלטער הערצל'ס איז געזעסן אין דער גרויסער שטאָט און געלעבט, געלערנט, און אַז אין שטעטל האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז אַלטער איז געוואָרן אַ דאָקטאָר, און אַז מ'רופט אים שוין טאַקע „דאָקטאָר אַלטער זאַמקאָף", האָבן צוריק אויפגעלעבט די אַלע גערייד־ערייען אויף די פּריזבעס. פּליאָטקעס האָבן זיך געטראָגן ווי אַ וואַלד־פייער.

דער פורמאַן חיים־אַרע האָט דערציילט ווי ער האָט אַליין געזען דעם דאָקטאָר אין דער גרויסער שטאָט אין אַ קורצן רעקל מיט אַ שטעקל אין האַנט און אַז ער האָט געראויכערט אַ פּאַפּיראָס פּרייטיק, טאַקע שוין נאָך ליכט־

בענטשן. און יאָשע דער קרומער האָט דערציילט, ווי אין דער גרויסער שטאָט האָט ער געהערט, ווי דער דאָקטאָר שפּאַצירט נאָר מיט מוידן אַרומגענומען און עסט פליישיקס מיט מילכיקס, ניט טראַכטנדיק אַפילו פון א קוק צו טאָן אויפן זייגער.

צום שטאַרקסטן האָבן זיך אַרום די פריזבעס געהערט די רייד פון באַנדע דעם זנאַכער, פייוול דער אָפּשפּרעכער און מייטע די פּיאַווקע־שטעלערין.

— ס'הייסט, — האָבן זיי גע'טענה'ט, — ווען גאָט וויל העלפן, דאַרף ער עס דורך א דאָקטאָר פון „גומענאַזי” מיט אַ גלאַנציקן קאַזיראָק?...

— פּע, פּע, פּע! — פלעגט מייטע דריי מאָל אויסשפּייען.

אַזוי זיינען זיך געגאַנגען טעג און נעכט, די קינעלעך האָבן געברענט, די ווייבער האָבן געפּליקט פעדערן און גערעדט, און גערעדט.

איינמאָל אין א קאַלטן ווינטער האָט זיך א מגפה צעבושעוועט אין שטעטל. אייניקע האָבן דאָס גערופן סקאַרלאַטין, אייניקע — אַ כאָלערע, אַנ־דערע — א פּאָקן־און מאַזלען־קללה. נאָר דאָס קומט אַלץ פאַר זינדיקן.

באַנדע דער זנאַכער האָט אָפּגעשפּריצט מיט וואַסער, פייוול האָט אָפּ־געשפּראָכן עין־הרע'ס און מייטע האָט געשטעלט באַנקעס מיט פּיאַווקעס...

גאָר צופרידן פון דער מגפה זיינען געווען יויזקע קברן, נעכע די ליכט־פּאַרקויפערין און איטשע דער תהלים־ און קדיש־זאָגער....

איין פרימאָרגן האָט זיך איבערן שטעטל צעטראָגן די נייעס, אַז דאָקטאָר אַלטער זאַמקאָף איז געקומען אין שטעטל, און געקומען איז ער צו היילן די קראַנקע.

אַ צווייטן פרימאָרגן האָט מען שוין געוואוסט, אַז אַהעלע כּאַשע־באַשע'ס האָט ער אָפּגעראַטעוועט פון טויט. ביי שלמה זונדל'ס האָט ער אַראָפּגענומען א מכה פון קאָפּ ווי מיטן האַנט. שרה די קלישאַווע האָט ער געשטעלט אויף די פיס. מיט איין וואָרט, מ'האָט אויפגעהערט צו שטאַרבן אינעם שטעטל... יויזקע קברן האָט זיך אַפילו געשוואָרן, אַז ער ווייסט אויף געוויס, אַז דער דאָקטאָר אַלטער זאַמקאָף איז אַ מכשף און דער וואָס וועט אים הרג'ענען וועט זיין פּטור פון חיבוט־הקבר..

נעכע האָט זיך געשוואָרן ביי איר חלק עולם־הבא, אַז זי האָט אַליין געזען דורכן פענצטער ביי דעם מכשף, ווי ער האָט אַ גאַנצע נאַכט געמאַכט בליצן און גערעדט מיט טויטע ביי אַ גרויסן פייער...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

אַזוי האָבן זיך אײַן בײַנאַכט צוזאַמענגעקליבן ייזקע קברן און די חברה־קדישא פֿונעם שטעטל אויף אַ באַרג און אַרונטערגעקוקט אין דאָקטאָר אַלטער זאַמקאָפּ'ס שטוב. אויף מאָרגן האָבן אַלע געשוואָרן: זיי זאָלן אַזוי זוכה זײַן צו זען אור־און־אייניקלעך, ווי זיי האָבן געזען אַזאַ מוראָ'דיק ליכט ברענען, עפּעס אַזאַ לאָמפּ מיט בליצן, און דאָקטאָר אַלטער זאַמקאָפּ איז געזעסן מיט אַ שאַרבן פֿון אַ טויטן און געקוקט אינעם לאָמפּ אַרײַן.

די מעשיות און לעגענדעס האָבן זיך געוועבט אַלץ מער און מער און אַלץ ווײַטער.

די קלוגע און פֿאַרשטענדיקע האָבן גענומען אַלץ מער קומען מיט זייערע קראַנקע צום דאָקטאָר. פֿון שטעטלעך און דערפֿער האָט מען גענומען רופֿן דעם דאָקטאָר צו ראַטעווען זייערע קינדער. מענטשן מיט געשפּאַנטע פֿערד און וואָגן האָבן געוואַרט אויף זײַן הילף, אָוועקצופֿירן אַ רפֿואה קעגן דער מגפֿה.

נאָר ייזקע קברן האָט זיך געבראָכן די הענט און געשריגן: „שלעכט!" „אַן אומגליק האָט מיך געטראָפֿן!" — האָט נעבעך זיך געריסן די האָר פֿונעם קאָפּ. „ווי איז צו אונדז, ווי איז צו אונדז! מיר טאָרן אָבער ניט שווײַגן", — האָט איטשע דער קדיש־זאָגער געקלאַפּט מיטן שטעקן. — „ער וויל אונדז אָוועקנעמען דעם ביסן ברויט פֿון מויל . . . דער מכשף וויל אונדז קוילענען אָן אַ מעסער . . ."

אויף די פּריזבעס האָט מען ווידער גערעדט, און גערעדט האָט מען שוין, אַז דאָקטאָר אַלטער זאַמקאָפּ טראַכט שוין גאָר פֿון אַזאַ קונצעלע: ניט נאָר ווי צו היילן קראַנקע, נאָר פּשוט אָפּשטעלן דעם טויט, הרג'ענען דעם מלאך־המות, אײַנפֿירן אַן אייביק לעבן . . .

ייזקע קברן האָט געהייסן רײַסן קבֿרים . . . איטשע האָט געהייסן תּהלים זאָגן . . . און נעבעך האָט געשריגן: „פּאַטשן דאַרף מען אים, נאָר פּאַטשן! ס'הייסט, אָוועקנעמען חיונה בײַ ייִדן, אָפּרײַסן אַ שטיק פֿונעם ברויט בײַ אַן אָרעמער אַלמנה? — פּאַטשן דאַרף מען, פּאַטשן!"

אויפֿן שול־הויף האָבן ייִדן געשמועסט: יאָ, נו, טאַקע, וואָס וועט איצט זײַן מיט שכר ועונש? מיט גיהנום און גן־עדן? און וואָס וועט ווערן פֿון לויתן, פֿון שור־הבור? אויס מיט חיבוט־הקבר! און וואָס וועט ווערן פֿון עולם־הבא? און וואָס וועט ווערן מיט חברה־קדישא? מיטן קברן? מיט קדיש־זאָגער? מיטן מצבה־קריצער? מיטן אל־מלא מאַכער? מיט דער קנייטל־

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

ציערין? מיט די יאָרצייט־ליכט? מיטן בית־עולם? און וואָס וועט טאָן דער מלאך־המות?

און דאָס ברויט פון באַנדע דעם זנאַכער, און פּייוול דעם אַפּשפּרעכער און מייטע מיט די פּיאַוועק־שטעלערין?

און וואו וועט מען זיך אַהינטאָן? אַ קליין שטעטל, ס'איז אַזוי ענג! — האָט יונה טורבאָן דער שטעקל־דרייער זיך געקראַצט די מאָרדע. — בלויז איין קעלבל שעכט מען אויף שבת, איין בעקעריי איז נאָר פאַראַן אויף טשאָלנט צו שטעלן, און די גאַנצע מזרח־וואַנט אין שול איז שוין פאַרנומען! . . . און דאָ וועלן אַזוי פיל מענטשן לעבן, לעבן? . . .

האָבן זיך צוזאַמענגענומען יויזקע קברן, איטשע דער קדיש־זאָגער, פּייוול דער אַפּשפּרעכער און אַלע וועלכע האָבן דערזען די געפאַר פון לעבן . . . מיט באַנומענע קולות האָט געשריען יונה טורבאָן, געשריען און געפאָכעט מיטן שטעקל: — „האָט גאָט געגעבן קרענק, מוז מען קרענקען! גאָט האָט געגעבן טויט, מוז מען שטאַרבן!"

מיט רידלען, לאָפּעטעס און שטיינער זיינען זיי אין אַ ביינאַכט באַפאַלן די העל־באַלויכטענע היים פון דאָקטאָר זאַמקאָף. „אַט־אַ־דאָ ליגט דער כישוף, — האָט יויזקע קברן אַנגעוויזן אויף דעם גרויסן בליץ־לאָמפּ. — יהי חושך! פינצטער זאָל זיין!" — האָט ער אַ געשריי געטאָן און אַ וואָרף געטאָן אַ גרויסן שטיין גלייך אין לאָמפּ אַריין.

אַ פרייד האָט אַרומגעכאַפּט דער חברה. זיי האָבן גענומען טאַנצן אין גאַס. נעכע האָט צוגעפּאַטשט מיט די הענט: „מ'וועט שוין שטאַרבן! מ'וועט שוין שטאַרבן! . . ."

---

אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען ווידער גערעדט אויף די פּריזבעס: דאָקטאָר זאַמקאָף האָט מיליאָנען לעבנס אין זיך. ער היילט קראַנקע, און מ'קומט צו אים ווי פריער, און דער כישוף־לאָמפּ ברענט שוין ווידער גאַנצע נעכט, ניטאָ שוין מער קיין טויט פאַר דער שטענדיקער ליכט. דער כישוף־לאָמפּ האָט שוין אַן אייביק לעבן! . . .

---

דאָקטאָר אַלטער זאַמקאָף האָט ניט געטראָגן קיין כעס אויף די אומווּיסנדיקע אין שטעטל. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זיי שרעקן זיך אַזוי פאַרן ליכט פונעם לאָמפּ, פאַרוואָס זיי אַלע קוקן אויף אים ווי אויף אַ

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

שונא — ס'איז די אומוויסנקייט און נויט. ס'איז זייער לעבן אַלע יאָרן אין דער פינצטערניש . . .

דאָקטאָר זאַמקאָף האָט גענומען זוכן מיטלען ווי אַרויסצוהויבן די גע־פאַלענע פונעם אָפּגרונט. ער האָט צונויפגענומען די אַלע יונגע, וועמען ער האָט געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט, און צוזאַמען מיט זיי — זייערע טאַטעס און מאַמעס, וועלכע האָבן זיך געוואָלט צוהערן צו זיינע רייד, און ער האָט גענומען לערנען מיט זיי — ניט נאָר ווי צו היילן אַ קראַנקהייט, נאָר — ווי אַ קראַנקהייט צו פאַרמיידן.

— הערט, קינדער, — האָט דאָקטאָר זאַמקאָף פּרובירט זיי אויפקלערן, — שפּייט ניט אויפן דיל, ווייל דורכן שפּייען פאַרשפּרייט איר אייערע באַצילן, וואָס וועלן אָנשטעקן אַנדערע קינדער מיט די זעלביקע קראַנקהייטן.

אויף מאָרגן האָבן שוין די אומוויסנדיקע גערעדט אויף אַלע פּריזבעס, אייניקע מיט בייזקייט און אַנדערע מיט חוזק:

— וואָס זאָגט איר ניט אויף דעם משוגענעם מכשף? — האָט פּייוול דער אָפּשפּרעכער זיך געקייקלט פון געלעכטער.

מייטע האָט זיך געקאָכט ביז בייז בלוט:

— וואָס זאָגט איר ניט אויף דעם טיראַן? ער וויל שוין גאָר פאַרווערן אַ מענטשן אַ שפּיי צו טאָן? טפו, טפו, טפו! — האָט זי דריי מאָל אויסגע־שפּיגן, — צו זיין קאָפּ, צו זיין לייב און לעבן!

— ווי געפעלט דאָס אייך? — האָט יונה טורבאַן זיך געקראַצט אינעם קאָפּ. — היינט וועט ער זאָגן מ'טאָר ניט שפּייען, מאָרגן — מ'טאָר ניט ניסן, משוגע מיינע שונאים!

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען שוין אויפן שול־הויף זיך געקאָכט און יונה טורבאַן העכער פון אַלע:

— איך האָב אייך געזאָגט, דער מכשף וועט ניט לאָזן ניסן . . . הערט אַז איינפאַל — ניסן נאָר אין נאָז־טיכל . . .

יויזקע קברן האָט סאַרקאַסטיש געלאַכט:

— כ'האָב בירושה אַ נאָז־טיכל פונעם זיידן, וויל ער איך זאָל ניסן אין איר . . . אַלע חלומות צו זיין קאָפּ!

יויזקע האָט צעעפנט די טאַבאַק־פּושקע און גענומען אויסטיילן אַלעמען אַ שמעק־טאַבאַק אונטערן נאָז:

—נעמט, יידן, שמעק־טאַבאַק, ניסט . . . ווייזט דעם מכשף, אַז פון ניסן

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

שטאַרבט מען ניט . . . האַפּטשו—האַפּטשו—האַפּטשו — געגאַסן פאַרן אמת...

ווען דאָקטאָר זאַמקאָף האָט געלאָזט וויסן דורך זיינע פריינט, ווי נויטיק ס'איז זיך צו וואַשן, באָדן און ריין־האַלטן דעם קערפּער, האָט מאַטקע דער בעדער און גיטל די טוקערקע גענומען זאָגן אַ גוט וואָרט פאַרן דאָקטאָר זאַמ־קאָף. דערפאַר האָבן זיי שוין אויף מאָרגן געפונען פאַרשטאָפּט מיט זאַמד און שטיינער די רינע אין באָד, די פענצטער צעבראָכן און דעם ברונעם וואַסער מיט ליים אויסגעמישט.

איין פרימאָרגן איז צעטראָגן געוואָרן די נייעס ביי טיר און טויער, אַז דאָקטאָר זאַמקאָף האָט באַשטעלט צוועלף לאַמטערנעס. וואָס וועלן באַלייכטן די הויפּט־גאַס אינעם שטעטל, און מ'זאָגט, אַז יויזקע קברן וועט זיי אַלע אוונט אָנצינדן און אַלע אינדערפרי אויסלעשן. ער וועט קריגן דערפאַר געצאָלט פונעם דאָקטאָר צוועלף רובל אַ חודש.

— ס'קאָן ניט זיין! — איז מייטע גרייט געווען אויסצורייסן די אויגן יעדן איינעם, וואָס האָט דאָס געזאָגט. — יויזקע קברן וועט ניט זינדיקן קעגן גאָט. ווען גאָט מאַכט פינצטער — דאַרף זיין פינצטער, און אַז גאָט וויל ליכט — ווערט ליכט . . .

ווען מייטע האָט דערזען דעם ערשטן אוונט, ווי יויזקע טראָגט דעם לייטער מיטן צינד־האָלץ, האָט זי זיך גענומען רייסן די האָר פונעם קאָפּ:

— יידישע קינדער! אין יויזקע קברן איז אַריין אַ ניט־גוטער . . . ער וועט שוין מיט זיין טויט ניט שטאַרבן . . .

אויף מיילן ווייט האָט זיך געטראָגן די נייעס פונעם גרויסן דאָקטאָר זאַמקאָף. דערציילט האָט מען, אַז זיין גאַנצע צייט גיט ער אוועק צו ראַטעווען די אָרעמע און ער גיט זיי נאָך פרייע מעדיצינען.

דאָס שטעטל איז געוואַקסן, האָט דאָקטאָר זאַמקאָף גענומען טראַכטן פון אויסבויען אַ שפּיטאָל — אַ שפּיטאָל, וואו מ'זאָל פּרובירן אַלעמען העלפן, אַלעמען היילן.

ווען די ערשטע צוויי עטאַזשן זיינען אויפגעבויט געוואָרן, זיינען מיט דעם אויפגעבויט געוואָרן צענדליקער עטאַזשן מיט מעשיות און לעגענדעס. יונה טורבאַן האָט געטייטלט מיטן שטעקל:

— איר זעט, אַ נייער טורעם צו גאָט, וואָס וועט ברענגען אַ נייעם דור־הפלגה . . . דער מכשף וויל אַרויפקריכן אויפן הימל און אַראָפּוואַרפן גאָט . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

דאָ האָט שוין אויך ר' זעלמעלע גענומען אַ וואָרט: „מ'מוז דעם מכשף אריינוואַרפן אין חרם". באַנדע דער זנאַכער איז געלאָפן צום פּאָפּ, צום קשאַנדזש, צום סטראַזשניק.

דער פּאָפּ האָט באַשלאָסן, אַז דער שפּיטאָל טאָר ניט זיין העכער ווי די צערקווע, און דער קשאַנדזש האָט באַשלאָסן, אַז דער שפּיטאָל טאָר ניט זיין ברייטער ווי דער קלויסטער, און דער סטראַזשניק איז אַרומגעגאַנגען מיט ביידע הענט אויף הינטן . . .

ווען דער שפּיטאָל איז פאַרטיק געוואָרן, איז דאָס גאַנצע שטעטל געלאָפן אויפן בייז־וואונדער. און איינס פון די וואונדער איז געווען, ווי אַזוי מייטע די פּיאַווקע־שטעלערין האָט שלום געמאַכט מיטן גדאַנק. זי האָט אַלעמען אריינגעשושקעט אין אויער, אַז דאָקטאָר זאַמקאָף צאָלט איר צוועלף רובל אַ וואָך און וועט איר מאַכן אַ ניי קלייד אויף שבת . . .

צוועלף רובל, צוועלף רובל, צוועלף רובל, און עסן, און שיך און קליידער, און אַ היים צו שלאָפן . . . ניט מעגלעך, ניט מעגלעך, ניט מעגלעך . . .

אויף אַלע פריזבעס האָט מען גערעדט, אויף אַלע פריזבעס גע'טענה'ט, מ'האָט געציילט און גערעכנט — עס וועט ניט אויסהאַלטן, ניט אויסהאַלטן, ניט אויסהאַלטן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

טעג זיינען געגאַנגען, וואָכן האָבן זיך גערוקט, און יאָרן זיינען געפאָרן. דאָס שטעטעלע איז געוואָרן אַ שטאָט. די קראַנקע זיינען געוואָרן געזונט. אויף אַלע גאַסן און געסלעך האָבן געגומען ברענען לאָמפּן. ס'איז ליכטיק. ליכטיק און וואַרעם . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די מאַמעס דערציילן איצט מעשה'לעך די קינדער, אַז ווען יויזקע קברן האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט ער צוזאַמענגערופן זיינע קינדער און זיי געזאָגט:

— „גיט אַכטונג, קינדערלעך, שטענדיק זאָלן ברענען די לאָמפּן, דר. זאַמקאָפ'ס לאָמפּן. דאָס וועט זיין אַ נר־תמיד פאַר מיין נשמה און אַ ליכטיקע וועלט פאַר אייך !. . ."

# דאָס פישעלע וויל עסן

## (דערציילונג)

די קינדערלעך זיינען געזעסן אַרום לעבלעכן אויוון און געשפּילט זיך. דער צוועלף־יעריקער ווילי מיט די גרויסע ברעמען איז „באַנקיר“, סערקע, די צען־יאָריקע, און מאַרים דער זעקס־יאָריקער — „דעפּאָזיטאָרס“ . . .

די צוויי דעפּאָזיטאָרס זיינען געשטאַנען אין ריי מיט אָנגעשאָרענע פּאַפּירלעך אין האַנט פאַר אַסיגנאַציעס און געוואַרט צו מאַכן זייער דעפּאָזיט.

ווילי, דער באַנקיר, האָט אָנגעבלאָזן זיין איינגעדאַרט בייכל און אַריינגענומען אין מויל אַ צעטריקנט מערן — פאַר אַ ציגאַר, און אַט אַזוי זיך צעטענה׳ט מיט זיינע דעפּאָזיטאָרס:

— אַמעריקע איז אַ רייך לאַנד, אַ וואויל לאַנד. ראַקעפעלער האָט מיליאָנען געמאַכט פון שפּאָרן. שפּאָרט, און איר וועט אויך זיין רייך.

די צוויי דעפּאָזיטאָרס, סערקע און מאַרים, האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ:

— געוויס, וואָס מ׳שפּאָרט ניט אָפּ דאָס האָט מען ניט . . .

דער פאַרזשמורעטער עליקסל, דער יינגסטער אין הויז, שטייט ביי דער גלעזערנער באַנקע וואָס שטייט אויפן שאַפע און שפּילט זיך מיטן גאָלדענעם פישעלע. אַלע ווײַלע האָט ער איבערגעריסן דאָס שפּיל פון די גרעסערע מיט אַ וויינענדיקן אויסרוף:

— כ׳וויל עסן, וואו איז מאַמע?

דער באַנקיר און די דעפּאָזיטאָרס פלעגן זיך אַ ווײַלע פאַרלירן. אַ קוק געבן צום טיר. דער באַנקיר האָט געענטפערט:

—דאָ איז אַ לאַנד בלויז פאַר די וואָס קענען מאַכן דעפּאָזיטס, איר מוזט דאָ זיין אַ פּרעמדער — האָט ער אויסגערופן צו דעם וויינענדיקן עליקסל — טאָ גייט אייך פונדאַנען . . . מיר דאַרפן ניט קיין אַרבעטלאָזע, קיין שנאָרער.

עליקסל האָט זיך אַזוי לאַנג געשפּילט ביז דאָס הערצעלע האָט שטאַרקער גענומען חלש׳ן. די אויגעלעך האָבן זיך אויף אַן אמת צעוויינט:

— וואו מאַמע? כ׳וויל עסן.

אויך דער באַנקיר און די דעפּאָזיטאָרס האָבן דערפילט אַ נאַגעניש אונטער די הערצלעך. עס האָט זיך שוין אויך זיי געוואָלט עסן. האָבן זיי איבערגעריסן די שפּיל:

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

— איך דערקלער זיך „באַנקראָט" — האָט ווילי אויסגערופֿן, צומאַכנדיק זיין באַנק. און איז צוגעגאַנגען איינשטילן דעם יינגסטן ברודערל.

אין דרויסן קערן שנייען און ווינטן די וועלט. אויף די פענצטער מאָלט פראָסט פאַרשיידענע בילדער פון וואַלד מיט גרויסע הויכע ביימער. די פענצטער רייצן זיך מיט דעם זשיפּענדיקן פייער אין לעבלעכן אויוון.

עס איז שוין ניט דער ערשטער טאָג אַז די קינדערלעך בלייבן אַליין אין הויז און וואַרטן פאַר ברויט.

אַלע פיר קלייבן זיך אַרום ביי דער שאַפע וואו עס שטייט דאָס גאָלדענע פישעלע. די קינדערלעך טרייסטן איינס דאָס אַנדערע: — „באַלד קומט פּאַפּאַ, באַלד קומט מאַמע".

זיי שפּילן זיך מיטן פישעלע, וואַרפן ברעקלעך פּאַפּיר, נאַרן דאָס אָפּ, עס זאָל זיך דערווייל אַ לאָז טאָן דאָס כאַפּן.

— דאָס פישעלע וויל אויך עסן ! — רופט אויס סערקע.

— איך וועל דאָס פישעלע געבן ברעקלעך פון מיינע — פאַרזיכערט מאַרים און וואַרפט דערווייל וואָס אים קומט צו דער האַנט אין גלאָז אַריין — זאָל נאָר מאַמע קומען און עפּעס ברענגען.

עליקסל לאָזט זיך מער ניט פאַרשפּילן. ער האַלט אין איין ווידערהאָלן :

— כ'וויל עסן, וואו איז מאַמע ?

שפּעט אין אָוונט קומען טאַטע־מאַמע. זיי ברענגען אַביסל שפּייז פאַר די קינדער. גיבן זיי עסן. און מיט פאַרשטיקטע טרערן באַלייגט מען זיי שלאָפן.

— וואָס וועט זיין דער סוף ? — רייסט דער פאָטער איבער די שטילקייט.

— איין גאָט ווייסט — גיט די מאַמע אַ מאַך מיט דער האַנט — איין גאָט ווייסט.

ביידע רוקן זיך אָוועק שטיל אין באַזונדערע ווינקעלער.



אַ פרימאָרגן ווי אַלע טאָג שטייען זיי אויף, לואיס און מערי, גייען אַרויס זוכן אַרבעט.

ס'איז שוין אַזוי אַ לענגערע צייט, אַז ביידע לאָזן זיך אָוועק גאַנץ פרי פון הויז אין פאַרשיידענע ריכטונגען איבערן שטאָט, זוכן וואו אַ סענט צו פאַרדינען.

דער טאַטע לואיס האָט געפירט אַן עלעווייטאָר אין אַ גרויסער פאַבריק,

און פֿאַרדינט דרייסיק דאָלער אַ וואָך. מערי האָט געאַרבעט אין אַ רעסטאָראַן, געהאָלפֿן אין קיך און פֿאַרדינט אַכטצן דאָלער אַ וואָך.

לואיס און מערי האָבן שוין געהאַט פֿון זייערע פֿאַרדינסטן אָפּגעשפּאָרט עטלעכע הונדערט דאָלאַר. זיי האָבן אויך אַלע מאָל געלערנט די קינדער און אָנגעוויזן ווי פֿון שפּאָרזאַמקייט זיינען מענטשן גליקלעך געוואָרן . . .

אין די פֿרייע זונטיקס פֿלעגן לואיס און מערי נעמען די קינדערלעך, אַרויספֿאָרן צו אַ ברעג ים כאַפּן פֿיש, אָדער זיצן ביים שכן און פֿאַרברענגען.

אין הויז האָט מען אַריינגענומען מעבל אויף אָפּצאָל, זיך איינגעאָרדנט און געמאַכט אַלעם אויסזען לייטיש, פֿאַרוואָס מערי פֿלעגט מיט פֿרייד קושן די קינדערלעך און לויבן דעם אַלמעכטיקן גאָט.

מיט דעם קראַך פֿון זייער פֿריינט איז צעשמעטערט געוואָרן דער פֿונדאַמענט פֿון לואיס און מערי׳ס גליקלעך לעבן. זייערע עטלעכע הונדערט דאָלער, וואָס זיי האָבן געבאָרגט צו אים אין די ביזנעס אויף פּראָצענט, איז אין גאַנצן פֿאַרלאָרן געגאַנגען.

מערי האָט אים און זיך געטרייסט: — דאָס דאַרף זיין אַ שטראָף פֿון גאָט — האָט זי געזאָגט. — מיט דעם געלט האָבן מיר זיך און אונדזערע קינדערלעך אויסגעקויפֿט.

מערי איז נאָך פֿרימער געוואָרן און ווידער גענומען שפּאָרן אַ סענט צו אַ סענט, לויבנדיק גאָט וואָס ער גיט זיי אַרבעט און כוח צו אַרבעטן.

איידער זיי האָבן נאָך ווידער באַוויזן אָפּצושפּאָרן אַ סענט, זיינען זיי מיטגעשלעפּט געוואָרן אין דער אַרמיי פֿון די מיליאָנען אַנדערע און אויסגעשפּיגן געוואָרן פֿון פֿאַבריק אין גאַס אַרויס.

האָט מערי ווידער גאָט געבעטן, געטוליעט די קינדערלעך נאָענט צו זיך און אויך זיי געהייסן מורמלען אַ געבעט פֿאַרן באָס, פֿאַר דער פֿאַבריק, עס זאָל זיך ווידער עפֿענען.

— דאָס איז אַ נייע שטראָף, — האָט זי פּרובירט באַווייזן לואיס׳ן, — בעט אויך גאָט, אפֿשר וועט ער פֿאַרגעבן.

מיט יעדן טאָג האָבן זיך מער פֿאַבריקן פֿאַרמאַכט. די לאַגע איז געוואָרן שווערער. מיט צווייפֿל אין די אויגן האָט לואיס און מערי געקוקט אויף זייערע פֿיר קינדערלעך.

• • •

ווען די קרעדיטאָרן האָבן דאָס אָרימע ביסל מעבל פֿון הויז אַרויסגענומען,

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

איז מערי אַ ווײלע געבליבן שטיין קוקנדיק אויף די פיר ווינקעלעך. דערנאָך האָט זי גענומען אַ נאַסן טוך, אַרומגעווישט דאָס הינקענדיקע טישל וואָס איז געבליבן און דאָס שאַפקעלע. זי האָט אַריבערגעפירט אין אַ צווייטן ווינקל דאָס אויפלייג־בעטל, אויסגעשטעלט איבערן אויוון די פוסטע כלים, האָט זיך אַ ווײלע אַרומגעדרייט מיט פאַרבראָכענע הענט, וואַרפנדיק פאַרטרערטע בליקן צו די קינדער, ביז איר אויג איז געפאַלן אויפן באַנקע מיטן גאָלדענעם פישעלע.

מערי האָט דאָס פישעלע זייער ליב געהאַט. לואיס האָט דאָס געבראַכט אין הויז. איז זי געשטאַנען אָן ווערטער מיט די קינדערלעך, אַריינגעקוקט אין גלאָז, ווי דאָס פישעלע שפּילט זיך אַזוי פיין . . .

לואיס און מערי האָבן זיך גענומען אַרויסלאָזן אַלע טאָג זוכן אַרבעט. זיי האָבן געבראָדזשעט טאָג נאָך טאָג און געקומען אַ היים מידע, דערשלאָגענע און פאַרצווייפלטע.

מערי פרעגט לואיס'ן אין האַלבע ווערטער: — פיליכט האָסטו אַזוי שווער געזינדיקט וואָס גאָט'ס קללה וויל זיך ניט אָפּטאָן פון אונדז?

לואיס גיט איר צו פאַרשטיין, אַז די זינד איז אַ גרויסע, אַן אַלגעמיינע, נאָך מיליאָנען גייען אַרום ליידיק, פונקט ווי ער.

איין פרימאָרגן איז מערי אַריינגעקומען מיט אַ פרייד אין הויז. דער לענדלאָרד פון איבער דער גאַס האָט אַרבעט פאַר לואיס'ן.

לואיס האָט ווי אַ הירש אַ שפּאַן געטאָן איבער דער גאַס. דער לענדלאָרד האָט אים דערקלערט: ס'איז פאַראַן אַרויסצושטעלן אַכט טענענטס, וואָס ווילן ניט צאָלן קיין רענט, און ער וועט דאַרפן העלפן זיי אַרויסצושטעלן.

לואיס'עס פרייד איז גלייך געוואָרן איבערגעריסן. ער האָט דורכן פענצ־טער דערזען דאָס אָנקומען פון אַ מאַסע מענטשן. זיי זיינען שטיין געבליבן מיט אים פנים־אל־פנים. ווען ער האָט די טיר אַ עפן געטאָן, האָט ער דערהערט רייד פון זיי, ווי צו זיינס גלייכן.

דער הויז־קאָמיטעט פון די סטרייקנדיקע שכנים האָט דערקלערט:

— היינט וואַרפט דער לענדלאָרד אונדז אַרויס פון די צימערן, מאָרגן וועלן דאָס די אַנדערע לענדלאָרדס טאָן צו זייערע שכנים.

לואיס איז געבליבן שטיין פאַרקלעמט. ער האָט ניט געהאַט וואָס צו ענט־פערן. ווען ער איז אַרויסגעקומען אין דרויסן האָט ער פאַר די סטרייקער גע־שילדערט זיין לאַגע, ווי ער האָט דאָס געלט און דעם דזשאַב פאַרלאָרן, דאָס

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

אָרימע ביסל פאַרניטשור האָט מען אָוועקגענומען, די גאַז פאַרמאַכט, פיר קינדערלעך מיט אַ גוטער מאַמע זיצן אין הויז הונגעריק.

דער הויז־קאָמיטעט האָט אים צו זיך גערופן. גענומען ריידן און דער־קלער ווער ס'איז שולדיק אין די אַלע זאַכן. ווער עס זיינען די אמת'ע זינדיקע... און פון וואַנען ס'קומט די שטראָף . . .

לואיס האָט געבעטן מ'זאָל וואַרטן אַ ווײַלע. ער איז געלאָפן און אויך אַריינגעפירט מערי'ן צום מיטינג.

ווען דער פאַרשטייער האָט גערעדט, זיינען ביידע געזעסן מיט צעעפנטע מײַלער. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט און פייערווערק האָבן זיך געצונדן אין זייערע אויגן.

ווען ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן דעם גאַנצן בלאָק הײַזער און אויסקעמפן, אַז די וואָס אַרבעטן ניט, זאָלן ניט ווערן אַרויסגעשטעלט פאַר ניט צאָלן קיין רענט, האָבן לואיס און מערי זיך איבערגעקוקט און איינגעלאַדן צו האַלטן דעם נעקסטן מיטינג ביי זיך אין הויז.

אין אָוונט, ווען די שכנים זיינען זיך צוזאַמענגעקומען ביי לואיס'ן אין הויז, איז מערי גלייך אַרויסגעלאָפן און אַריינגעבראַכט אַ פּאָר ליכטלעך.

לואיס האָט גענומען אַ ליכטל, איינגעשמעלצט אויף דער שאַפּקע און האָט דאָס אָנגעצונדן. מערי האָט אַ פאַרצווייפלטן קוויטש געטאָן.

די קינדערלעך זיינען צוגעלאָפן און מערי האָט אַלעמען געוויזן מיט דער האַנט:

אין דער גלאָז, אויף דער שאַפּקע, איז דאָס גאָלדענע פישעלע געלעגן מיטן ווייסן־בייכעלע איבערגעקערט — טויט! דאָס גאָלדענע פישעלע איז פון הונגער געשטאָרבן.

מיט פאַרקלעמטע הערצלעך זיינען די קינדער געשטאַנען און צוגעקוקט ווי דאָס ליכט האָט געשמאָלצן צוקאַפּנס פון דעם פישעלע—זודיקע טרערן . . .

מערי האָט אַ כאַפּ געטאָן אירע קינדערלעך און מיט טרערן אין די אויגן צו די אַרומיקע געזאָגט:

— אויב מיר וועלן ווייטער שווייגן, וועלן מיר אויך ליגן מיט געשוואָלענע בייכער פון הונגער, ווי דאָס שטומע פישעלע . . .

● ● ●

מערי און לואיס ווייס שוין איצט פאַר וועמענס זינד זיי ליידן. זיי קוקן

ניט אוים מער פאַר הילף פון גאָט. נאָר צו דעם אָרגאַניזירטן כוח פון די אַר־בעטער־מאַסן.

אין די פרייע מינוטן זיצט מערי מיט די קינדערלעך, דערציילט זיי ווי באַנקירן, באָסעס, לענדלאָרדס האַלטן די אָרימע פאַר שטומע פיש . . .

די קינדערלעך הערן זיך צו, וואַרפנדיק זייערע אויגעלעך צו דער שאַפקע, וואו עס שטייט די ליידיקע גלאָז, וואו דאָס גאָלדענע פישעלע האָט זיי אזוי פיל פרייד פאַרשאַפט . . .

## דער קאמף פאַרן לעבן

אַ שטענדיקער געפעכט צווישן לעבן און טויט,
פון דער ערשטער מינוט קומט־פאָר דער קריג.
ס׳איז ניטאָ נאָך דער דאָקטאָר און די מעדיצין —
דער טויט האָט שטענדיק צום סוף זיין זיג.

דאָך אַ טרייסט האָט דער לעבעדיקער מענטש,
וואָס אין זיין וויסן שטעקט אָט־די קראַפט:
ווי אַזוי ער באַרייכערט דעם גאַנג פון דער וועלט
און עם לעבט פאַרן לעבן דאָס וואָס ער שאַפט ! . . .

# „די צווייטע יוגנט"...

## (הומאָרעסקע)

אַריינגעקומען אין מושב־זקנים איז איטשע־בער, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער אַלטער, נאָר זייענדיק אין דעם זעלביקן פּלאַץ און אין דעם זעלביקן צימער פאַר די לעצטע פופצן יאָר, איז ער טאַקע געוואָרן אַן אַלטער־אַלטער. ער אַליין, איטשע־בער, זאָגט אויף זיך, „פאַר די לעצטע פופצן יאָר האָב איך זיך טאַקע אַביסל געעלטערט"...

ווען לאַנדסלייט קומען אין מושב־זקנים אים באַזוכן, און גיבן אים אָפּט אַ פרעג, צי וואָלט ניט בעסער געווען פאַר אים צו זיין מיט די קינדער, אי־בערהויפּט איצט, ווען די אַלטינקע איז אַוועק שלאָפן אויף אייביק? — גיט איטשע־בער אַ קנייטש זיין קלוגן שטערן און ענטפערט אויף זיין סאַטירישן שטייגער:

— אמת, ביי די קינדער וואָלט איך איצט געוואָרן אַביסל יינגער, ווייל אַן אַלטן טאַטן איז גרינג צו קירצן די יאָרן... אָבער ס'איז שוין ניט פאַר מיין כוח זיך צו שלעפּן מיט אַ צווייטער יוגנט...

איטשע־בער האָט שוין דעם חשבון געהאַט פון פריער, ווען די אַלטינקע האָט נאָך געלעבט און ער פלעגט נאָך פאַרדינען אין שאַפּ עטלעכע דאָלער אַלס פרעסער.

ווען ס'איז אים אויסגעקומען צו רעדן מיט זיין פרוי פעשע, וועגן די על־טערע יאָרן, פלעגט ער איר דערקלערן: „פעשעניו, ווען מיר וועלן זיין אין אַ מושב־זקנים, וועלן די קינדער קומען אונדז אָנקוקן כאָטש איין מאָל אַ זונטיק. זיי וועלן זיך אַריינזעצן אין דער מאַשין, מיטנעמען מיט זיך עטלעכע פון די אייניקלעך און אפשר אויך אַריינלייגן אין אַ שקאַרמיץ עטלעכע קיכעלעך, אַ שטיקל לעקעך, אָדער אַ שטיקעלע געפילטע פיש און זאָגן: היינט פאָרן מיר זען די „אַלטע"... אָבער, חלילה־וחס, מיר זאָלן דאַרפן זיין ביי די קינדער, וועט מען אונדז ניט וועלן אָנקוקן ניט נאָר אין אַ זונטיק, נאָר אַפילו ניט אין אַ פּראָסטן מיטוואָך...

פעשע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און פאַר זייטיקע פלעגט זי נאָך אונ־טערזאָגן: „אַ געזונט אויף מיין איטשע־בער, ער איז ניט נאָר קלוג, נאָר אויך געריכט".

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

ווי גיך ער האָט זיך געזעגנט מיטן פּרעס־אייזן, האָט ער, איטשע־בער, גלייך געמאַכט די נויטיקע אָראַנזשירונגען צו קאָנען אַריינגיין מיט זיין פּעשעניו אין אַ היים פאַר אַלטע. מיט די פּאָר דאָלער, וואָס זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט און מיט דער הילף פון די לאַנדסלייט, האָבן איטשע־בער און פּעשעניו גע־קראָגן אַ שיינעם, ליכטיקן און לופטיקן צימער אין אַ מושב־זקנים.

ווען זיי האָבן באַטראַכט די נייע פיר ווינקעלעך, וואו די זון האָט אַריינ־געשיינט מיט איר גאַנצן ליכטיקן פּנים, די ריחות פון די קאָליר־רייכע בלומען אַרום דער היים, האָבן אַריינגעשמעקט דורך די צוויי ברייטע צעעפנטע פענצטער, האָט איטשע־בער אָנגענומען זיין פּעשעניו פאַרן שפּיץ פון דער גאָמבע און פאַרווישנדיק פון דער זייט אַ טרער פון אויג, אַזוי געזאָגט:

— פּעשעניו, דאָס איז דער שענסטער און ליכטיקסטער צימער, וואָס מיר האָבן ווען געהאַט אין אונדזערע וואוינונגען. פּעשעניו, דאָס צימער וועלן מיר נאָר אויסבייטן אויף אַ צימער אין גן־עדן — ניט ווייניקער . . .

פּעשעניו און איטשע־בער האָבן זיך איינגעאָרדנט אין דער נייער היים. זיי האָבן די היים אַפילו ליב געקראָגן, ווי פּעשע פּלעגט אָפט באַטאָנען צו די שכנים: וואָס קאָן זיין בעסערס, אַז איך זע זיך מיט מיין איטשע־בערן טאָג און נאַכט. אַמאָל, אַמאָל, — האָט זי מיטן ברעג פון איר טיכל אויפן קאָפּ אַ וויש געטאָן זיך די אויגן, — איז ניט געווען קיין טאָג און ס׳איז ניט געווען קיין נאַכט, ס׳איז געווען אַ געיאָגטער לעבן . . .

גאָר גרויס איז געווען איר פאַרגעניגן, ווען אין אַ שיינעם זוניקן טאָג האָבן זיך די אַלטינקע צעזעצט אויף די בענק אַרום מושב־זקנים און אַלע אַרום האָבן געקוקט איטשע־בערן אין מויל, צו הערן פון אים זיינע קלוגע רייד.

— נו, נו, דערציילט עפּעס פון אייערע חכמה׳לעך, — האָבן די אַרומיקע אים גענומען בעטן.

איטשע־בער איז אָבער אַלעמאָל גרייט געווען צו פאַרווילן זיך מיט די שכנים. חוץ אַ תורה־ווערטל, האָט ער אויך געדענקט אַ גאַנצע ריי לידער וואָס ער האָט אָפט ליב געהאַט צו באַפּוצן מיט זיינע רייד און אַפילו זינגען.

ווען איטשע־בער האָט גענומען דערציילן פון די גרינע יאָרן, פון די סוועט־שאָפּ באַדינגונגען, פון דער גרויסער נויט אין דער היים, ווי זיי האָבן דערצויגן זייערע קינדערלעך, פון די פינצטערע דירות, וואו זיי האָבן אַלץ גע־וואוינט, פלעגן זיך אָפט די אַלטינקע אַרום באַגיסן מיט טרערן.

איטשע־בער האָט אָבער פיינט טרערן, פלעגט ער גיך אַריינוואַרפן אַ

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

ווײַ, אַ ווערטל, צו צעשטרײַען די שטימונג, אַזוי פֿלעגט ער פּלוצלינג אַ זאָג טאָן: יידן, איר ווילט שלום אויף דער וועלט? שטעלט ניט אָפּ קיין ירושה ... מיר האָבן אונדזערע קינדער באַזאָרגט מיט שלום, זיי וועלן ניט האָבן פֿאַרוואָס זיך צו קריגן ... און זיי וועלן ניט דאַרפֿן צאָלן קיין קבורה־געלט — אַלץ איז באַזאָרגט ...

בײַ אַן אַנדער געלעגנהייט, דערציילט ער זיי אַ מעשה: אַ טאַטע האָט געהאַט פֿיר רײַכע זין און יעדער זון האָט געוואָלט געבן דעם טאַטן פֿון דעם בעסטן ... שרײַט איין זון: „גיי, טאַטעניו, צו משה׳ן אויפֿן פֿאַרם. ער האָט אַ שיינע הויז מיט הינער, פֿרישע אייער און גוטע לופֿט. דו וועסט זיך פֿילן ווי אין דער היים.

זאָגט משה: „ווינטער וועט זײַן צו קאַלט פֿאַר דיר. גיי, טאַטעניו, בעסער צו חיים׳ען. חיים האָט פֿינף צימערן מיט אַ שול לעבן הויז, און — אַ טעלע־וויזיע".

צע׳טענה׳ט זיך חיים: „ער ווייס ניט וואָס ער רעדט. דאָ אין גאַס איז דער טומל אַזוי גרויס, אַז דו וועסט ניט קאָנען צומאַכן אַן אויג. פֿאָלג מיך, טאַטע, און גיי צו יונה׳ן. יונה האָט אַ הויז אין באָראָ־פּאַרק, וועסטו אָנקוועלן. זומער איז דאָרט קיל און ווינטער איז וואַרעם. דו וועסט האָבן די אמת׳ע קאַונטרי".

„וואָס? — האָט זיך צעשריגן יונה, — איר ווילט, אַז דער טאַטע זאָל עסן טרפֿות? איר ווייסט דאָך, אַז מײַן דינסט ווייסט ניט פֿון כשר ... די בעסטע זאַך פֿאַרן טאַטן איז פֿאָרן צו הערשלען אין יאָנקערס. ער האָט דאָרטן אַ שטיק לאַנד, וואָס איז אַזוי גרויס" — — — .

דער אַלטער טאַטע האָט אונטערגעכאַפּט: קינדערלעך, זאָרגט אײַך ניט, קרקע האָב איך שוין! ... איך דאַרף ניט קיין לאַנד ...

בײַ אַן אַנדער געלעגנהייט דערציילט איטשע־בער די אַלטינקע אַרום אים, ווי אַזוי די קינדער דאָ האַלטן נאָר פֿון עלף חדשים אין יאָר, ווײַל פֿון חודש אב (כיבוד־אב) ווילן זיי ניט וויסן ...

„און דאָס האָט איר שוין אַמאָל געהערט?" צעלאַכט ער זיך קודם־כּל אַליין, „ווי דאָס אייניקל קומט צו צום זיידן און פֿרעגט אים:

„זיידעניו, פֿאַרוואָס פֿאַרמאַכסטו ניט דײַנע אייגעלעך?"

„ווײַל איך וויל נאָך ניט שלאָפֿן", — זאָגט דער זיידע און גיט אַ גוטן קוש דאָס אייניקל אין קעפּעלע.

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

"יאָ", זאָגט דאָס אייניקל מיט פֿאַרדרוס, "אָבער פּאַפּאַ זאָגט דער מאַמען, אַז ווי גיך דו וועסט פֿאַרמאַכן די אויגן, וועלן זיי האָבן אַ הויז מיט געלט"...

אַזוי האָט איטשע־בער אַלעמאַל גוטמוטיק פֿאַרבראַכט מיט זיינע שכנים, אַפֿילו אין די שווערע טעג, ווען ער האָט זיך צעשיידט אויף אייביק מיט זיין פּעשעניו. פֿלעגט ע ר גאָר פּרובירן טרייסטן די אַלטיטשקע אין און אַרום מושב־זקנים, אַנשטאָט זיי זאָלן אים טרייסטן:

"איר ווייסט, קינדערלעך, אַז מיין פּעשעניו האָט געהאַט מער מזל פֿאַר מיר... זי איז געשטאָרבן, בין איך כאָטש געבליבן צו דערמאָנען איר צום גוטן, אָבער ווער וועט מיך דערמאָנען?"...

דערפֿאַר איז איטשע־בער לעצטנס אַרומגעגאַנגען אין אַ געדריקטער שטימונג, ווען דער פֿאַרוואַלטער פֿון מושב־זקנים האָט אים געלאָזט וויסן, אַז איצט, ווען ער איז אַליין, קען ער ניט פֿאַרנעמען אַזאַ ליכטיקן, גרויסן צימער פֿאַר זיך, וואָס איז באַשטימט נאָר פֿאַר צוויי מענטשן, — און מ'האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אַז גאָר אינגיכן וועט ער זיך דאַרפֿן אַריינקלייבן צו אַ צווייטן ייִדן, וואו ס'שטייט אַ ליידיק בעט.

ווען איטשע־בער האָט זיך גענומען באַקלאָגן פֿאַר זיינע שכנים — און זיי האָבן דאָס טאַקע שוין געהאַט געהערט אויך פֿון אַנדערע, — האָט מען גענומען טראַכטן פֿון אַ שידוך פֿאַר איטשע־בערן, אַ שידוך, וואָס זאָל אים ראַטעווען דעם צימער.

איטשע־בער האָט זיך געלאָזן צורעדן. אַזאַ צימער האָט מען אים אָנגעוויזן, ווי ער האָט, איז ניט צו געפֿינען, אָבער אַ שידוך קען ער נאָך קריגן איינס און צוויי.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און מ'האָט געמאָלדן דעם פֿאַרוואַלטער פֿון מושב־זקנים, אַז איטשע־בער וועט אינגיכן חתונה האָבן, און ער וועט ווידער בלייבן ביים צימער.

ביי דער חתונה האָט מען געטרונקען לחיים, מ'האָט געטאַנצט, געגעבן דרשה־געשאַנק פֿאַר דער היים, נאָר איטשע־בער איז אַרומגעגאַנגען און געמאַכט חוזק פֿון אַזאַ משוגענער וועלט: "שלעכט, קינדערלעך, שלעכט, אַז מ'זאָל דאַרפֿן צוליב אַ צימער — זיך נעמען אַ פֿרוייענצימער"...

"הערסט", זאָגט ער מיט זיין שטענדיקן הומאָר צו זיין ניי־אַלטער פֿרוי: "טאַקע גאָר־גאָר אַ צעדרייט וועלטל. ווען איך קען, וואָלט איך דאָס אַלץ איבערגעפּרעסט אויף דאָס ניי!"...

# מלקות מיט חשבון...

## (הומאָרעסקע)

אַ גאַנץ יאָר האָט מעקסעלע גאָלדפּיש אונטערגעזינדיקט אויף אַלע געביטן, נאָר אַלס באַלעבאָס אין שאַפּ האָט ער געשפּילט די ראָלע פון אַ גאָטס־פּאַרכטיקן. האָבן די אַרבעטער אים גערופן „גאָטס־סטראַפּטשע".

אין שאַפּ פלעגט מעקסעלע אַריינגעמען צו דער אַרבעט נאָר לאַנדסלייט. ער אַליין פלעגט אויף זיך זאָגן, אַז ער איז אַ בעל־רחמנות. נאָר אַז עמיצער האָט פון אים פאַרלאַנגט אַ העכערונג אין די שכירות, אָדער אַ הלוואה, האָט ער געהאַט איין ענטפער: „בעט ביי גאָט, און אויב גאָט וועט דיר ניט געבן — וועל איך דיר אויך ניט געבן, ווייל איך קאָנקוריר ניט מיט גאָט"...

דערפאַר האָט אָבער מעקסעלע גאָטס־סטראַפּטשע אָפּגעגעבן אַ ווינקל אין שאַפּ, וואו מ'האָט געמאַכט דערפון אַ צימער, וואָס האָט געהייסן „דאָס שניידער שטיבל" צום דאַווענען. דער פּרעסער ניסל איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט פונעם „שטיבל".

דעם עלטערן ניסל, אָדער ווי די מערסטע האָבן אים גערופן, „ניסעלע", האָבן אַלע אין שאַפּ ליב געהאַט און רעספּעקטירט פאַר זיין ערלעכקייט און גוטמוטיקייט און אָפּט אַפילו שטיפערישקייט.

גאָטס־סטראַפּטשע, דער באַס, וועלכער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ פרומען יידן, פלעגט אָפּט דערמאָנען די אַרבעטער וועגן די יידישע יום־טובים און פלעגט זיך באַרימען, אַז ער גייט מיט זיין פרוי אין שול צו הערן די טייערסטע חזנים, וויסנדיק, אַז די אַרבעטער וועלן דאָרט ניט זיין אים צו כאַפּן ביי אַ ליגן...

אָבער פאַר ראש־השנה און יום־כיפור, די טעג פון די ימים־נוראים, האָט ער געציטערט ווי אַ בלאַט אין האַרבסט... ער פלעגט זאָגן צו ניסעלען בלומרשט אין שפּאַס: „רב ניסעלע, זעט אויסצובעטן אַ „גוטן קוויטל", וועלן מיר מאַכן אַ לעבן"...

ניסל האָט שוין געהאַט אַן איינפיר, אַז פאַר יום־טוב פלעגט ער זינגען ביי דער אַרבעט, און לויטן זינגען האָט מען שוין געוואוסט, וועלכער יום־טוב עס קומט אָן. פאַר פּסח האָט ער אויסגעזונגען די גאַנצע הגדה; פאַר שבועות — אקדמות, און צו די ימים־טובים האָט ער שוין געזונגען אויף אַלע כלים...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

„פּרייע" און גלויביקע האָט ער אַריינגעצויגן אין געזאַנג. פאַר דער אַרבעט מיטיק־צייט און אַפילו אַרבעטנדיק, פלעגט ער אויסציקלען דעם „מפּני חטאינו", „ ונתנה תוקף", „כל נדרי", און יאַשקע לץ פלעגט ביי דער מאַשין כאַפּן אַ ליידיקן שפּול און „מאַכן פּראַבע" אויף בלאָזן שופר.

אין „שטיבל" האָבן די רעליגיעזע יידן געהאַט יעדן טאָג אַ מנין. עס פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן אַ צען־צוועלף יידן, ווער צוליב אַ קדיש, ווער צוליב אַ יאָר־צייט, און ווער גלאַט אַ טובה טאָן ניסעלע׳ן. ער דאַרף אַ צענטן — גייט מען.

פאַר ימים־נוראים פלעגט ניסעלע אין שפּאַס אויסרעכענען, ווי אַזוי יע־דער איינער אין שאַפּ דאַרף זיך שלאָגן על חטא, אָדער קריגן מלקות. זיין חשבון איז געווען: יאַשקע לץ דאַרף זיך קלאַפּן אין די ציין, ווייל ער זינדיקט שטענדיק מיט גראָבע רייד, הערי דער „דעזאַינער" (מאָדע־מאַכער), דאַרף זיך אָנקלאַפּן אַ פאַר „בלויע אויגן", ווייל ווי גיך עס קומט נאָר אַריין אַ שיינע אַרבעטערין אין שאַפּ, וואַרפט ער גלייך זיינע גנבישע אויגן אויף איר . . .

צו דעיווידן, דעם פאָרמאַן, דאַרף מען ברענגען אַ פאַלק סאָלדאַטן און מיט פּראָלניקעס זאָלן זיי אים קלאַפּן אין זיין שטיינערנע האַרץ, ווייל אויף אַלע אַרבעטער האָט ער אַ בייז האַרץ . . . מישאַ דער אָפּערעיטאָר דאַרף זיך קלאַפּן אין די לונגען, ווייל ניט גענוג וואָס ער אַרבעט שבת, רויכערט ער נאָך אום שבת, און דערצו נאָך ביליקע ציגאַרן . . .

אָט אַזוי רעכנט־אויס רב ניסעלע אַלעמענס זינד.

ווען מיטיק־צייט שטייען אַרום אים די אַרבעטער און הערן זיך צו צו זיינע שטיפערישע שטראָף־רייד, כאַפּט ער זיך: „יאָ, און וואָס דאַרפן טאָן פיליפּ דער „באַנדל־כאַפּער" און יונה „דער טרעגער"? האָב איך אויך אַ חלק פאַר זיי," שפּאַסט ניסעלע.

פאַר כאַפּן „באַנדלער" (פעקלעך מיט אַרבעט), דאַרף ער זיך קלאַפּן איבער די הענט.

ניסעלע גלעט זיך דערביי אין זיין קמיץ־בערדל: און וואָס דאַרף טאַקע טאָן יונה דער טרעגער, פאַר טראָגן מסירה׳לעך צום באָס, פאַר טראָגן „פּאַטשטן" צום פאָרמאַן, פאַר טראָגן ליגנס און רכילות פון איין אַרבעטער אויפן צווייטן?

ניסעלע האָט געשטשובעט זיין שפּיץ בערדל, און צום סוף גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט:

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

„ווייסט איר וואָס, קינדערלעך, יונה דעם טרעגער גיב איך איבער אויף אייערע הענט און באַשטימט אַליין, וואָס ער פאַרדינט פאַר זיינע זינד?

„זעט איר, דעם באַלעבאָס אַליין, „גאָט'ס סטראַפּטשע", לאָז איך איבער אויף גאָט'ס באַראָט. ער זאָגט דאָך אַלע מאָל, אַז ער אַרבעט מיטן קאָפּ... דאַרף ער שוין אַליין פאַרשטיין ווי זיך צו קלאַפּן על חטא...

ערב יום־כיפּור האָט זיך צוזאַמענגעקליבן דער מנין אין „שטיבל" מ'זאָל דורכפירן די צערעמאָניע מיט געבן מלקות. ווען די פּרעסערס האָבן געזען, ווי יונה „דער טרעגער" לייגט זיך צו קריגן זיין חלק מלקות, האָבן זיי אים צוגעהאַלטן ביי די הענט און פיס, און מיט אַ גומענער קישקע פון אַ פּרעס־אייזן אים גענומען ציילן די מלקות און דערביי געזונגען: פאַר מסירות, פאַר רכילות, פאַר כזב, פאַר שקר!

ווען יונה „דער טרעגער" איז זיינס אָפּגעקומען, האָט ער פאַר שרעק פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, ווי נאָך אַ תענית.

רב ניסעלע האָט ערנסט אַ זאָג געטאָן: — חברה, לייגט אים צו אַ האַנ־טוך מיט וואַסער צום קאָפּ — וואָס צום קאָפּ איז צום קאָפּ...

# אַ וועלט פאַר זיך

**(אַ האַרבסט־מעשה׳לע)**

האַרבסט. אַ מילד ווינטעלע רייסט זיך אַריין אונטערן קאַלנער, ווי עס וואָלט וועלן זיך אַליין אָפּשטעלן פון ווייטערדיקן לויפן . . .

די זון שיינט אַרויס, וואַרפט ליכטיקע שטראַלן, אָבער איר וואַרעמקייט איז ווי פון אַן אַלטינקן, וועלכער פאַרנעמט די פּאָלעס צום טאַנצן, — אָבער די פיס הויבן זיך שוין ניט . . .

אין פּאַרק זיצן מענטשן, קוקן אויף די באַשעפענישן אין דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן און וואַרפן דערביי אַ לעצטן בליק אויף די אָראַנזש־געלע בלעטער, וועלכע ווערן צעטראָגן פון די נייע האַרבסט־ווינטעלעך.

ס׳איז האַרבסט. די פּאַרוויאַנעטע בלעטער האָבן ניט קיין כוח זיך קעגנצושטעלן. דער בוים טרייסלט זיי אַראָפּ פון זיך און זיי — געפאַלענע, אין בלאָטע געזונקענע — האָבן ניט מער קיין פנים ביי מענטשן, ווערן זיי געטראָטן און געוואָרפן פון גאַס צו גאַס . . .

אַרום אַ גרויסן אַלטן בוים גרופּירן זיך טייבעלעך, ווי דער פּאַרק וואָלט זיין זייער פּאַר־בירזשע, וואו זיי קומען פאַרדינגען די הענט און פאַרדינען אויף ברויט . . .

די טייבעלעך שפּרינגען, טאַנצן, קוק דעם מענטשן גלייך אין מויל אַריין. אָט, פּילט יעדעם טייבעלע, וועט ער, דער מענטש, באַלד אַ וואַרף טאָן אַ הויפן אָפּגעשיילטע ניסלעך אָדער קערלעך; זי גרייט זיך צו כאַפּן און, אויב נויטיק, אַרויסכאַפּן דעם ביסן ברויט — דאָס ניסעלע, ביי איר קאַלעגע טייבעלע. דאָס פרידלעך טייבעלע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ כאַפּעריין. ווען עס קומט צו עסן — זיינען די שטילע טייבעלעך כמעט ווי מענטשן . . . מ׳רייסט זיך פאַרן ביסן ברויט.

צווישן דער גרופּע טויבן געפינט זיך איינע עפּעס אַ דערשלאָגענע, אַ קריפּל. זי הינקט אויף אַ פוס. זי שטייט אַ ביסל אַן אַ זייט און וואַרט אויף דעם צופאַל וואָס אַ קערעלע דערקייקלט זיך צו איר זייט, אָבער באַלד שפּרינגט צו אַ געזונטע, אַ פלינקע, גיט דער הינקענדיקער אַ שאַר אַוועק אין אַ זייט און פאַרכאַפּט דאָס קערעלע.

די טייבעלעך האָבן, ווייזט אויס, זיך אויסגעלערנט מענטשלעכע קונצן, די קונצן פון כאַפּ־לאַפּ . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

צווישן דער גרופּע טויבן שפּרינגען אויך אַריין פויגעלעך, וועלכע שאַפן גלייך דעם איינדרוק פון דעם שוואַכן געשלעכט, די פרוי אין דער קאָנסערוואַטיווער געזעלשאַפט. דאָס פייגעלע מעג פליען, שפּרינגען, טאַנצן, אָבער גלייכהייט — דאָס ניט . . .

און אַרום און אַרום צווישן די גראָז־קוסטן שאַרט זיך אַ וועווריק. עפּעס דאַכט זיך אויס, אַז אים פעלט אַ היים. מ'ווייסט ניט צי ער האָט אַ נעסט, אַ ווינקל אין דער גרויסער וועלט. אָט לויפט ער אויף אַ בוים, אָט שפּרינגט ער אויף אַ באַנק; ער איז צעשראָקן, ער ווייסט קיינמאָל ניט דעם ציל פון דער האַנט, וואָס דער מענטש שטרעקט אויס פאַר אים מיט ברויט — מיט אַ ניסל. ער לויפט אַרום ווי דער וואַנדערנדיקער ייד און ווייסט ניט וואו ער קאָן זיך פילן זיכער . . . און אַז ער כאַפּט שוין דאָס ניסל, לויפט ער מיט דעם; ער מוז עס פאַרבאַהאַלטן פאַרן מאָרגנדיק טאָג. אויף גיך, לעבן אַ קוסט פון אַ בוים, גיט ער אַ שאַר מיט די פיסלעך, מאַכט אַ גריבעלע, מיטן פיסקעלע רוקט ער אַריין דאָס ניסל, און ווידער מיט די פיסלעך פאַרשאַרט ער דאָס פּלאַץ. ער פילט שוין, אַז ער וועט זיין באַזאָרגט מיט שפּייז פאַרן ווינטער, אויף אַ רעגנדיקן טאָג . . .

אַ גרויסער חזיר, וועלכער שפּאַנט אַרום און פילט זיך פריי און ווי עס וואָלט געווען זיין וועלט, גיט מיטן שנוק אַ גראָב, אַ ראַיע אונטערן בוים און — שוין, עס איז קיין סימן ניטאָ פון דעם ביסן ברויט, וואָס דער צעשראָקענער וועווריקל האָט זיך פאַרגרייט . . .

מענטשן גייען, גייען. ניט אַלע זעען, ניט אַלע ווילן זען און — ניט אַלע קאָנען זען אָט דאָס קליין וועלטל, דאָס וועלטעלע וואָס שפּיגלט אָפּ די גרויסע וועלט — די וועלט פון כאַפּ־לאַפּ, די וועלט פון גרויסע טויבן . . . גרויסע פייגל . . . גרויסע וועוויאָרקעס . . . און — גרויסע חזרים . . .

שאָקלען זיך ווי ברוגז'ע די צווייגן אויף די ביימער און פון זייער געבריל און געפּייף הערט זיך ווי אַ לאַכן: אַ מאָדנע וועלט, אַ משוגענע וועלט! פאַראַן אַזויפיל וואָס צו עסן, אַזויפיל ניסעלעך, און קערעלעך, און בולבעס, און קאָרן — צו וואָס דאָס כאַפּן? ווער וועמען האָט געלערנט: דער מענטש דער חיה, צי די חיה דעם מענטש?

ס'איז האַרבסט. דאָס ווינטעלע בלאָזט אָבער — ס'וועט קומען אַ נייער פרילינג! . . .

# יום-טוב לידער




צום יובילײ פון צוואַנציק יאָר פען־אַרבעט און די דערשײַנונג פון בוך
„קריג און זיג" („מאָרגן־פרײַהײט", 1942)

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# „יידישע קולטור", שעפּעריש, פּלייסיק —
# צום יובּילײ דרייסיק

דרייסיק יאָר „יידישע קולטור" — אַ „שלושים" פול מיט לעבּן,
וואָס האָט יידישע ביכער, זשורנאַלן אין די טויזנטער געגעבּן,
צו שטאַרקן דעם קיום פון יידישן וואָרט —
עס זאָל אין וועלט־ליטעראַטורן פאַרנעמען זיין אָרט.

„יידישע קולטור", אָן סובּסידיעס פון פונדאַציעס,
אָן אָן „אָפּרו", אָן שום „וואַקאַציעס" —
שיינט און דערשיינט פון די פאָלקס־מאַסן באַשיצט,
פון 1938 — און אַזוי צום יום־טוב — איצט!

יעדן חודש, יאָר־איין, יאָר־אויס — שטראָמען די קוואַלן
מיט ליטעראַטור, מאָלערייען, זיינען פול די זשורנאַלן;
פּראָזע, פּאָעזיע, זאָל אונדזער פאָלק ניט זיין פרעמד —
ס'איז דער יום־טוב'דיקער בגד, דאָס זיידענע העמד . . .

און וואָס מער מיר לערנען פון קולטור צו גענים,
וועלן אונדזערע קינדס־קינדער אויך אַ יידיש וואָרט וויסן,
ווי מיר דאַרפן פאַרן לעבּן פיזישע שפּייז פאַרן גוף —
איז אונדזער גייסטיקע שפּייז — „יידישע קולטור" ביים איקוף!

ווינטשן מיר דעם איקוף אַ בריוועלע אַזאַ; בנוסח ידידי,
אַז דער קולטור־מיניסטער פון לאַנד האָט באַשטימט אַ סובּסידיע,
מ'זאָל קאָנען נאָכמער זיך צעוואַקסן, שעפּעריש, פּלייסיק —
„יידישע קולטור" זאָל ווערן כּפל כּפלים אין די קומענדיקע דרייסיק!

1968

ס ע ם   ל י פ צ י ן   /   מ י י ן   ג אָ ר ט ן

# לכבוד דעם בוך־חודש

צעעפן דיין בוך־שראַנק און גיב נאָר אַ זוך,
קאָנסטו געפינען צווישן די ביכער אויך אַ יידישן בוך?
אַ יידיש בוך וואָס עפנט זיך פון רעכטן זייט מאָוול —
ליגט ער ניט ערגעץ אין אַ ווינקל ווי אַ פאַר־יתום׳טער אָבל?...

געדענקסטו ווי געשמאַק פלעגסטו הערן אָפט ריידן,
מיט משפחה ביים טיש — מיט באָבען און זיידן.
איצט קוקט מען מיט זאָרג און מ׳פרעגט מיט חידוש —
וואו איז די זאַפטיקע שפּראַך — מאַמע־לשון יידיש?

דו האָסט יעדן טאָג דיין פיזישע שפּייז:
פלייש, מילך, ברויט, פוטער און רייז.
ווי דו דאַרפסט אַ בגד פאַרן לייב, פאַרן פוס אַ שוך,
דאַרף דיין קאָפּ האָבן גייסטיקע שפּייז — אויך אַ בוך.

אַ גוטער בוך אין יידיש, פאַרדינט זיך צו לעבן,
צו קאָנען ווייטערדיקע דורות שפּינען און וועבן.
צו צעטיילן דאָס פאַרמעגן, ווי אַ ירושה פון אַן עושר,
העלפן דער מענטשהייט אין קאַמף פאַר שלום און יושר.

אַ גוטער בוך איז אַ וועגווייזער — פאַר יעדן פאָלק אַ געשאַנק.
עס באַרייכערט אייער ווייסן, גיט אייך אַ נייעם געדאַנק.
איר באַקענט זיך מיטן „זיידן” מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם,
און דעם נייעם דור שרייבער, איר דאַרפט קאָנען אויך אים —

צו ציען ווייטער דעם פאָדעם פון קולטור פאַרן מאָרגן,
פון שרייבער און קינסטלער דעם קיום באַזאָרגן.
מאַמע־לשון זאָל לעבן טיף פאַרוואָרצלט און זיכער —
צווישן אַלע וועלט־ליטעראַטורן — אויך יידישע ביכער!

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# ישראל לחיים!

**(לכבוד צוואַנציק יאָר ישראל)**

אַלע ליבהאָבער פון שלום, באַזונדער און משפּחות,
ווינטשן דיר, ישראל, צום יום־טוב, שלום און ברכות:
צו דערלעבן דעם טאָג און ווערן עולה לגדולה,
ווען דו און די שכנים וועלן לעבן אין שלום, שמחה וצהלה.

זאָלסט האָבן אַרבעט פאַר אַלעמען פון אייגענע קוואַלן,
און מיט פרידלעכע שיפן פאָרן איבער אַלע קאַנאַלן;
פאַרגעסן יענע פינצטערע טעג פון קצבה און פעקלעך,
זאָלסט אַ שלום אונטערשרייבן און — שרייבן אייגענע טשעקלעך...

בוימער זאָלסטו פלאַנצן, קאָרן און ווייץ זאָלסטו זייען,
מיט געזאַנג זאָלסטו שניידן, מיט אַלע פעלקער זיך פרייען.
אָפן זאָלן ווערן אין לענדער פאַר דיר אַלע טירן,
צו קאָנען קויפן, פאַרקויפן — דיינע געשעפטן צו פירן.

זאָלסט פירן אייגענע פּאָליטיק, ניט באַהערשט זיין פון שענדער,
נאָר אַ חשוב'ער מיטגליד, צוגלייך מיט אַלע לענדער.
עס זאָלן וואַקסן וואָס גרעסער אין לאַנד דיינע רייען,
און צוזאַמען מיט די שכנים אין אַ „האָראַ" זיך פרייען.

עס זאָל זיין שלום אויף דער וועלט מיט ישראל בתוכם,
מ'זאָל זיך שטענדיק באַגריסן מיט אַ שלום־עליכם.
מיט פרייד און פרידן זאָל מען לעבן און שאַפן,
און טרינקען לחיים פאַר פרייהייט אָן שקלאַפן!

1968

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# פון ליים און ציגל — געשאַפן אַ שפּיגל

**(צום 10טן יובילייַ פון „ראובן בריינין קליניק“ אין ישראל)**

ווי זאָל מען פאַרגעדענקען דעם מענטש ראובן בריינין,
וואָס זאָל אָפּשפּיגלען זיין ליבשאַפט צום מענטש און זיין שאַפן,
וואָס האָט געגעבן זיין האַרץ פאַר אַ וועלט אַ באַפרייטער,
און שטענדיק געוועדט זיך, ער זאָל זיין פען ניט פאַרשקלאַפן? . . .

האָבן פאָלקס-מענטשן באַטראַכט זיין גייסטיק פאַרמעגן,
זיין ליבע צום פאָלק, זיין ליבע צו יידיש-העברייאיש,
ווי ער איז געשטאַנען פאַר אַלץ וואָס ליב איז דער מענטשהייט,
און ערלעך, אויפריכטיק אַלץ באַנומען אידייאיש.

אַזוי האָט אין געדאַנק אַ מאָנומענט זיך געשאַפן,
פאַרטראַכט מיט דרך-ארץ ווי זיין נאָמען זאָל שיינען —
געשאַפן אַ שפּיגל פון זיין גוט-האַרץ, הדרת פּנים,
און דער שפּיגל איז אַ „קליניק“ אויפן נאָמען ראובן בריינין.

אַזוי איז פון ציגל צו ציגל געוואָרן געשאַפן דער שפּיגל,
אין אַ געגנט פאַראָרעמט אינעם לאַנד פון ישראל,
און פון פענצטער צו פענצטער האָט ליכט זיך באַוויזן,
עס איז געוואָרן דערהויבן דער פאַרפינצטערטער טאָל.

איצט קומען אין קליניק אָרעמע מאַמעס מיט קינדער,
און בענטשן די מענטשן, וואָס האָבן פאַראייביקט דעם נאָמען.
זיי דאַנקען און ווינטשן, זאָלן די שטאָקן זיך מערן —
און די קינדערלעך ענטפערן מיט אַ ליבלעכן אָמן!

1968

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# זאָל דיין גאָרטן זיין „אייביק גרין"

(לכבוד בער גרין און זיין בוך „אייביק גרין")

זיצט אַ דיכטער ביים שרייב-טיש מיט ווענט פון ביכער באַשיצט,
פאַרמאָגט שטאָלענע נערוון, און אַ זיידן-האַרץ ער באַזיצט.

פון פּאַפּיר שאַפט ער הויט, און פון טינט מאַכט ער בלוט,
קוקט ניט אויף קיין זייגער, אָפּט ניט געשלאָפן, ניט גערוט.

זיין געדאַנק אָנגעשפּיצט איז צום שפּיץ פון דער פען,
ווי ער וואָלט מיט זיין חוש אַ גליק וואו דערזען.

ער קאָן שוין ניט רוען, פון נאַכט ווערט אים טאָג,
ביז ער שלייפט-אוים זיין וואָרט — זיין ליטעראַרישן זאָג.

ווי אַ טויכער פון דער טיף, ציט ער אַרוים פון געדאַנק,
ברענגט אויף פּאַפּיר צו דער וועלט אַ געשאַנק.

באַווייזט אָפּט תחית-המתים פון שמ'עס פּאַפּיר,
זיין עסיי לעבט-אויף אַ נשמה פון פּראָזע און שיר.

די פען מוז אים פאָלגן, פאָרן אויף רעלסן צום ציל,
צעפּירט בלומען און ברויט — און צעטיילט אין דער שטיל.

בענטשן מיר דעם דיכטער, דעם שרייבער פון אינהאַלט און זין:
זיין שאַפן — ווי זיין נאָמען — זאָל זיין „אייביק גרין!"

1965

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# לכבוד דעם מוזיק־חודש

מיר זינגען פון פרייד, ווען מיר האָבן פאַרגעניגן;
חלילה אַ טרויער — איז אַ טרויעריקער ניגון.
מ׳זינגט דעם „אוי־וויי״ — און מ׳זינגט דעם „אַי־גוט״ —
געזאַנג מיינט לעבן, מיינט מונטער, מיינט מוט.

טאַנצט מען — באַגלייט מען דעם טאַנץ מיט זינגען.
אַזוי אויך דאָס שפּרינגען, אַזוי אויך דאָס קלינגען.
קומט מען אין טעאַטער, שפּילט געזאַנג די הויפּט־ראָל,
און לאָזט זיך באַגלייטן פון פידל־פייפיאָל.

טיילט מען צו כבוד דעם טוער, דעם געלערנטן,
פירט מען דורך, ווי עס פּאַסט, שיינע קאָנצערטן,
און אַלע באַגריסן מיט לויב און דורך געזאַנג,
דער טאַקט פון מוזיק העלפט אַלע אין גאַנג . . .

אויך די וואָס קעמפן פון קייטן זיך באַפרייען,
העלפט זיי געזאַנג מיט מוט זיך צעשטרייען:
„וואַכט אויף!״ וועקט, לאָזט ניט זיין מיד,
ווי פייגל אין קאַיאָר — מונטערט דאָס ליד.

מעגן שטימען זיין שוואַכע, צוזאַמען — אַ כוח.
ווען זיי קומען פון האַרצן מוזן זיי דערגרייכן צום מוח,
ווייל געזאַנג לאָזט זיך הערן אַפילו פון טאָל,
דער עכאָ צעטראָגט שוין אין די הויכן דאָס קול! . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# צו דיין געבורטסטאָג...

גערוידמעט מיין ליבער פרוי אַנאַבעל (חנה־ביילע)
צו איר 70סטן געבוירנטאָג.

שפּאַן אין לעבן מיט אַ מונטערגאַנג,
האַלט דעם שמייכל אויף דיין פּנים.
צע־לאַכ־עס, פאַר די גוטע פריינט,
און — צו'להכעיס די בייזע שונאים...

אויב עס ברעכן די ביינער דיר,
עס קרעכצן אונטער דיינע גלידער,
איז פאַר אַ גוטן יאָר אַריין אין כאַר —
אַ צווייטע יוגנט הויב־אָן ווידער...

מאַך זיך פון חשבון ניט־וויסנדיק,
פון די זיבן קיילעכדיקע צענער...
גיב יונג אַ שפּרונג, אַריין אין שפּאַן —
און לאָז הערן דיינע טענער!...

אַ צווייטן זיבעציק פון דאָס ניי,
די גוטע אַרבעט צו דערגאַנצן,
און זען די גוטע רייפע פרוכט,
וואָס דו האָסט געהאָלפן פלאַנצן.

1969

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# „סאָוועטיש היימלאַנד" — אַ זשורנאל אַ קוואַל!

אַ ברודערלעכער שלום־עליכם דיר „סאָוועטיש היימלאַנד":
עס פרייט מיך צו זען דיך שיין־באַקליידטער זשורנאַל.
מיר האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט אויף דיין קומען —
ווי אַ דאָרשטיקער וואַרט אויף קלאָרן וואַסער פון קוואַל.

איצט זיץ איך און בלעטער, לייען אַרויס פון די שורות,
און צייל אויך די פּירות פון דעם פרוכטבאַרן בוים.
פאַרוואָרצלט אין טיפן און ברייט זיך צעוואַקסן,
עס פילט זיך: דער שאַפער איז ביי זיך אין דער היים...

און ס'איז ליב אַזוי און וואַרעם דיין היימיש לשון,
דאָס לשון פון מיין מאַמען — די פאָלקישע שפּראַך.
מ'זעט דעם שרייבער, דעם קינסטלער מיט קערנדיקע סנאָפּעס,
טראָגן די גייסטיקע שפּייזן — אונטער איין דאַך.

אַ דאַך, וואָס באַשירעמט אַזוי פיל שפּראַכן און פעלקער,
דערלאָזט ניט קיין ווילד־גראָז, פאַרטרייבט פּאַראַזיט;
זאַמלט די פּראַצע פון די מאַסן וואָס שאַפן,
די קונסט און די אוצרות ווערט פאַר זיי אָפּגעהיט.

איך באַוואונדער די דימענטן וואָס שיינען אין יעדן באַציר,
צייל ווי פּערל יעדעס וואָרט, יעדן אות,
יעדער פערז אַ מאָנומענט, יעדער ליד אַ דערמאָנונג,
אַלץ האָט אַ באַדייט, און אַלץ מיט אַ מאָס.

פיל איך זיך איצטער מיט דיר זיכער און היימיש.
איך זע אין דיין אויפבוי די גאַנצקייט פון בריק,
וואו דער העלד, אָשר שוואַרצמאַן, שיינט מיט זיין נאָמען,
וואו עס זינגט: „זאָג ניט קיינמאָל" דער קעמפער הירש גליק.

### סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

איז מיר אַזוי נאָענט דער טעם, ווי ראַזעווער ברויט,
אַזוי היימיש באַהאַרצט ווי מיין מאַמעס אַ וואָרט.
איך זע די פרייד פון שאַפער, פון מענטש,
וואָס האָט אַ היים, אַן אדרעס, אַ בכבודיק אָרט.

באַגרים איך דיך מיט „לחיים", מיט אַ ברוך־הבא!
שיין זאָל בליען און וואַקסן „סאָוועטיש היימלאַנד",
זאָלסט זיין אַ צווייג אַ געזונטער אינעם בוים פון וויסן
אויף דער ערד און הויך — אין דעם רוים־לאַנד!

1961

## עס לעבט דער ערשטער מאַי!

צי ערשטער מאַי אויף אַ סקווער, צי ערשטער מאַי אין אַ זאַל,
וויזט קאַלענדאַר אַן דעם „ערשטן"—יום־טוב'ן אים פעלקער איבעראַל.

אַמאָל ביחידות אין האַרצן, אַמאָל מיט פאַמיליע אין דער היים,
און אַמאָל ווי אַנוסים — פאַרבאַהאַלטן אין אַ קעלער, געהיים.

אַמאָל רעדט מען דורך הויכרייידער, אַמאָל אויפן וואונק — אויפן רמז,
נאָר דאָס פאָלק עס פאַרשטייט שוין ס'איז אַ וואונק אויפן אמת.

עס מיינט ערשטער מאַי ברויט, עס מיינט פרייהייט און פריד,
עס מיינט גלייכהייט פאַר פעלקער, צוזאַמען מיט נעגער און ייד.

ערשטער מאַי איז דער ערשטער, וואָס זאָגט פריידיק אונדז אָן:
די וועלט גייט פאָראויס — און פאָראויס פלאַטערט פאָן!

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# מיט איין וואָרט — דער קאַראַוואַן פאָרט!

(צום 50־יאָריקן יובילײ פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע)

„ס׳וועט ניט אַרבעטן, ניט גיין, ניט פאָרן״ —
אַזוי האָט געשריען רעאַקציע פיל יאָרן;
געקעמפט מיט געווער און מיט וואָרט,
דורך שווינדלער־בלבולים אויסגעטראַכטע,
העצעס אין דער ליגן־פאַבריק געמאַכטע —
נאָר דער קאַראַוואַן איז אין שפּאַן — ער פאָרט!

עס האָט געבושעוועט אַ קאָלטשאַק, אַ דעניקין, אַ מאַכנאָ,
אַ יודעניטש, אַ ווראַנגל און אַ צאַריסטישע מחנה.
שוואַרצע מאה, ווייסע גוואַרדיע — צונויפגעפאָרט,
איינגעשפּאַנט, יעדע צרה און זאַראַזע,
וואו נאָר מעגלעך געמאַכט האָבן שונאים אַ באַזע —
נאָר דער קאַראַוואַן איז געפאָרן — און פאָרט!

שונאים האָבן געשטורעמט, געקערט וועלטן.
ניט אויפגעהערט העצן, זידלען, שעלטן.
גאַזעטן האָבן געשריבן וואָס נאָר אין קאָרט,
מ׳האָט געהאַלטן אין טרומייטערן און שאַלן:
„אָט־באַלד וועט זיין אויס — ס׳וועט פאַלן!״, —
נאָר דער קאַראַוואַן איז אין שפּאַן — און פאָרט!

מ׳האָט געמאַכט פאַרשווערונגען, קאַלטע און הייסע.
פאַרפירט מלחמות קליינע און גרויסע;
פּראָוואָקאַציעס געמאַכט פון יעדן סאָרט:
„ס׳וועט ניט קאָנען דער מוזשיק, דער פויער,
ווערן אַן אַרכיטעקט, אַ אינזשיניער, אַ בויער״, —
נאָר דער קאַראַוואַן לייגט שפּאַן — ער פאָרט!

„זיי האָבן קיין גאָט ניט, עס הערשט אַ נישט־גוטער;
טאָ וואו וועלן זיי קריגן ברויט, מילך און פוטער,
שווין ניט־רעדנדיק פון קוואַס, בראָנפן און טאָרט?"
און אין דער שטיל געהאָלפן די „ווייסע"־חיילות,
מיט געווער און מיט געלט — פאַר די „רויטע" מפּלות —
נאָר דער קאַראַוואַן, לויט זיין פּלאַן — פאָרט!

איצט האַלט די וועלט אַלץ אין איבערשאַפן.
אַ קאַמף פאַר שלום, פאַר גלייכהייט — אָן שקלאַפן.
פאַר ראַסיסטן, פאַשיסטן, ניט זיין זאָל קיין אָרט.
און דערגרייכט מיטן „ספּוטניק" אין הימל די לבנה.
אויך פאַרפאָרן צום ווענוס אָן שום סכנה —
און דער קאַראַוואַן פאָרט ווייטער — און פאָרט!

אויב אַמאָל געבלאָנדזשעט אויף שווערע וועגן.
געפירט אַ קאַמף מיט די ווינטן אַנטקעגן,
דאָך וואַכזאַם געהיט יעדעם אָרט.
איצט רעכענען זיך פעלקער מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד —
מ'שאַצט די דערגרייכונגען, דעם אויפטו פון לאַנד —
און דער קאַראַוואַן, שוין פופציק יאָר — פאָרט און פאָרט!

1967

## פיר טייערע אותיות

ווי פיר סטרונעס אויפן פידל,
זיינען פיר אותיות אין אַ וואָרט,
וואָס יעדער מענטש וויל הערן —
האָט אין האַרץ פאַר דעם אַן אָרט.

טאַטעס, מאַמעס, חתנים און כלות,
אַלע מיט זאָרג — וואַרטן אויף דעם:
שלום — פיר סטרונעס, ליכטיקע אותיות —
שלום! — שין־לאַמעד־וואָו־מעם! . . .

# עס זינגט אַ לאַנד!

**(איינדרוק פון דעם סאָוועטישן פילם „גרענד קאָנצערט")**

ווי אין כאָר עס זינגען פעלקער,
מוזיק — די האַנדלונג און די רייד.
די אויגן זיינען פול מיט פייער,
און די הערצער — פול מיט פרייד.

יעדער גיט זיין שטים צושטייער,
ס'וויל קיין זאַך ניט שווייגן שטום;
אויפן בוים עס טאַנצן צווייגן,
ס'זינגט אין גאָרטן יעדע בלום.

ס'זינגען פעלקער פאָלקס-געזאַנגען,
צווישן זיי זינגט אויך דער ייד;
לויטן ריטעם עס באַוועגט זיך
אין דעם ריז אַ יעדער גליד.

די לופט איז פול מיט מוזיק-נאָטן —
שפּילט יעדע ביינדל אין קלאַוויר.
די מאַטאַ, זעט מען, איז דאָס לעבן,
מוזיק אַפילו — סקריפּ פון טיר.

עס זינגט די סאָכע און די בראָנע,
מיט רויטע בעקלעך קוועלט די פרוכט:
טאַנצן אויגן, זינגען שירה —
ווער עס האָט דעם טעם פאַרזוכט.

עס זינגט דער עפּל אויפן בוים,
און דער קאָרן טאַנצט אין פעלד;
און איבער אַלץ — עס וואַקסט דער מענטש,
דער קעמפער, בויער און דער העלד.

אין דער פאַבריק און אין קאָלכאָז
הערט זיך דער זעלבער פרייד-געקלאַנג.
ווען דאָס לעבן זינגט האַרמאָניש —
קלינגט האַרמאָניש דאָס געזאַנג!

# דער גרויסער חלום—פאַר גלייכהייט און שלום!

## (מאָנאָלאָג פון אַ נעגער)

### (אין אָנדענק פון דעם נעגער־נביא, ד"ר מאַרטין לוטער קינג)

נעגער, אין ארבעט־קליידער, גייט צו דער ארבעט מיט אַ רידל אויפן אַקסל, זינגט שטיל פאַר זיך: „ווי שעל אָווערקאַם!":

—יעס־סער, איך בין אַ נעגער מיט שוואַרצער הויט אויף מיין לייב. די נאַטור האָט מיך ברוין און שוואַרץ געמאַכט, נאָר מיין בלוט איז רויט. מיין האַרץ קלאַפּט ווי אַלע מענטשלעכע הערצער; מיין מוח טראַכט, ווי אַלע דענקענדיקע מוחות; מיינע געפילן, מיין בליק — ווי ביי אַלע מענטשן אויף דער וועלט. איך קאָן ליבן און אויך האַסן. איך קאָן וויינען און קאָן לאַכן. איך קאָן לעבן אַ געמוטשעטע לעבן, ווי אַלע אָרעמע מענטשן! איך קאָן זיין אַזוי פאַרשווענדעריש ווי אַלע רייכע מענטשן. איך פיל אַ ליבע צו מיין טאַטע־מאַמע, ווי אַלע קינדער, און ליב מיינע קינדער ווי אַלע טאַטע־מאַמעס. דאָך, ווייסער באָס, רופסטו מיך מיט באַליידיקנדיקע נעמען. דו ווילסט פאַר־שוואַרצן מיין רויט־בלוט און פאַררויטיקן די ווייסלען פון מיינע אויגן . . .

יעס־סער, דו ווייסער באָס, האָסט מיך באַזעצט ביי די ברעגן פון שטאָט, ביי די רעלסן פון די באַנען, אין געטאָ־ווינקלען פון שמוץ און אָפּפאַל. דו, ווייסער באָס, ווילסט זיין אויבערהאַר איבער דעם אָרעמען, פאַרשקלאַפטן, און דערמיט ווערן מעכטיקער, רייכער — און נאָך רעדן „אין גאָט'ס נאָמען".

דו לאָזט מיך נישט לערנען און שרייסט, אַז איך בין נישט געלערנט; דו נאַרסט מיך אָפּ אין וואָג, אין מאָס, אין געלט, און איך — איך בין ביי דיר דער ליגנער, דער שווינדלער. איך בין דער גנב. דו באַרויבסט מיך אויף מיין שפייז, אויף מיינע קליידער, און איך דאַרף ביי דיר באַרגן געלט און צאָלן גרויסע פּראָצענטן, וואוינען אין דיינע סלאַמס. דו שינדסט מיין שוואַרצע הויט — און דאָ איז דיר מיין שוואַרצע הויט זייער ליב . . .

יעס־סער, מיין נעגער־פאָלק רופסטו „פוילער־נעגער". דו באַשמוצסט, באַ־

# סעם ליפצין / מיין גאָרטן

לייִדיקסט, נאָר איך צעאַקער דיין לאַנד, פלאַנץ דיין גאָרטן, רייס פאַר דיר די פרוכט, וואָס און קאָם דיינע רייט־פערד, פאַשע דיינע שאָף, זעג דיין האָלץ, פיר דיין פראַכט, וואַש דיינע באַנעז, קאָך דיינע מאָלצייטן, סערוויר דאָס עסן, בעט־אויס דיין פולמאַן־בעט, פוץ אָרום דיינע שיך. נאָר וויל זיך דער נעגער זעצן אַפּרוען, זאָגט אָן אַ שילד — „בלויז פאַר ווייסע" — דו, נעגער, גיי אין דיין געטאָ־ווינקל — „בלויז פאַר שוואַרצע" . . .

און ווען דער פאַרשטענדלעכער ווייסער מענטש זעט דעם באַרבאַריזם, פּראָטעסטירט, נעמט זיך אָן פאַר דעם באַליידיקטן, וואַרפסטו אים פאָר: דו „נעגער־ליבהאָבער", דו „ווייסער אַפּאַל", און דו ביסט גרייט אים אומברענגען, ער זאָל ווערן געלינטשט און ווערן פאַרברענט אויפן שייטער־פייער פון ראַסן־האָס.

יעס־סער, מיין נעגער־שוועסטער פוצט דיין טיר, וואַשט דיינע פענצטער, רייניקט דיין וועש, ניאַנטשעט דיין קינד, קאָכט דיין עסן, וואַשט דיין געשיר, און ווען עס גלוסט זיך דיר פרויען־לייב — פאַרגוואַלדיקסטו מיין שוועסטער, מאַכסט זי פאַר דיין מעטרעסע; נאָר עסן ביי איין טיש? דו מיט אַ נעגער־פרוי, ניין!

יעס־סער, האָסט ליב נעגער־געזאַנג, האָסט פאַרגעניגן פון נעגערשער פאַרוויילונג, האָסט ליב זען דעם נעגער טאַנצן, „דזשיגן", שפּילן, נאָר — אַלץ פון דער בינע . . .

וויל דער נעגער אַריינגיין אין טעאַטער, אין קאַבאַרעטן, אין רעסטאָראַנען, וואו קינסטלער פון זיין פאָלק באַטייליקן זיך, — דאָס ניט: ס'איז פאַר די „אויסדערוויילטע", פאַר די הערן, פאַר די שקלאַפן־טרייבער, ראַסיסטן — „בלויז פאַר ווייסע". נעגער, גיי אין דיין געטאָ־ווינקל, אין דיין סלאַם־געסל, וואָס איז איינגעוויקלט אין אָרעמקייט, גיי צו דיינע פיר ווענט — אַרויס!...

יעס־סער, דו ווייסער דזשענטלמען, מיין שוואַרצע ראַסע „פאַרשוואַרצט" דיר דאָס פּנים: די נעגער־טאָכטער מעריאַן ענדערסאָן מיט איר צויבער־שטימע; דער נעגער פאָל ראָבסאָן, וואָס איז וועלט־באַרימט מיט זיין שטימע און וואָרט; דער גרויסער געלערנטער, דער פאַרשטאַרבענער שרייבער, דענקער, דר. דיובאָיס, אַזוי אויך דער נעגער־קינסטלער בעלאַפאָנטע, פאָל דאַנבאַר, לענגסטאָן היוז, און אַזוי דער מאַרטירער עווערס, וועמענס יונג לעבן איז דורך ראַסיסטן פאַרשניטן געוואָרן. און ווי קאָן מען פאַרגעסן דעם נביא פון נעגער־פאָלק, דר. מאַרטין לוטער קינג, און אַזוי הונדערטער אַנדערע מאַרטירער,

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

קעמפּער פאַר גערעכטיקייט. נאָר דאָס בלוט זידט, קאָכט, מאָנט — מאָנט גערעכטיקייט, גלייכהייט, פרייהייט.

און אַזוי שרייט די וועלט, און מאָנט דעם חוב, וואָס אַמעריקע איז שול־דיק — דעם חוב, וואָס דער גרויסער לינקאָלן האָט צוגעזאָגט, גאַראַנטירט דעם נעגער־מענטש צו אָפּצאָלן. שוין צייט! צאָל־אָפּ!

מאָנען די טויזנטער וויסנשאַפטלייט, פּראָפעסאָרן, גרויס־געלערנטע, שרייבער, דענקער, צוזאַמען מיט טויזנטער ווייסע גייסטיקע ריזן, יידן און קריסטן — גלייכהייט פאַר די נעגער, גלייכהייט פאַר אַלע פעלקער, פאַר אַלע מענטשן, אַלע קינדער פון אונטער איין הימל.

יעס־סער, און מיינע שוואַרצע ברידער זיינען גוטע פּאַטריאָטן פון אונד־זער לאַנד, גוטע סאָלדאַטן, בראַווע קעמפער. דער נעגער האַרי מילער, געפאַלן אין שלאַכט קעגן די נאַצים, קעמפנדיק בראַוו צוזאַמען מיט די ווייס־הויטיקע העלדן. דאָס רויטע בלוט אויפן שלאַכטפעלד האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן. דאָס בלוט ווייסט ניט פון ווייס און שוואַרץ, ייד אָדער קריסט — רויט בלוט, רויט בלוט! . . .

נאָר קומט צום לעבן, ווילסטו, ראַסיסט, באַזונדערע באַראַקן. עסן ביי באַ־זונדערע טישן, פאָרן אין באַזונדערע באַנען — און טראָגן די מעדאַלן.

יעס־סער, דו ביסט אַ צינדער פון קריג, אַ צינהער פון ראַסן־האַס, אַ פאַר־שקלאַפער פון דער וועלט.

מיין בלוט איז רויט; אויך מיין מאַמע האָט געליטן געבורט־ווייען ביי מיין געבורט; מיינע ציין האָבן אויך נערוון; מיין מאָרך — צעלן, און מיין האַרץ — געפיל. ווען דו פאַרשמוצט מיך, ווער איך ניט רויט; ווען דו שרעקסט מיך מיט שטריק און לינטשעריי — ווער איך ניט ווייס . . . ווייל מיין הויט איז שוואַרץ, אָבער מיין בלוט זידט און קאָכט. דאָס אויג זעט אין דיר, ראַסיסט, אַ שונא פון דער מענטשהייט.

מיין הויט איז שוואַרץ, פאַרברענט פון דער זון. דיין האַרץ איז שוואַרץ — פון שטענדיקן פייער, וואָס דו צעצינדסט פאַר ראַסן־האַס, פאַר אונטערדרי־קונג, פאַר עקספּלואַטאַציע.

דו האָסט מורא פאַר פרייהייט, ווייל דו ווילסט מיך האַלטן פאַר אַ שקלאַף; דו לאָזט מיך ניט שטימען, ווייל דו ווילסט אַליין באַשטימען; דו האַלטסט מיין קערפּער אין קייטן, כדי מיין גייסט צו האַלטן געדריקט. מיין

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

מויל ווילסטו האַלטן געשלאָסן, ווייל איין וואָרט ווילסטו נאָר הערן : האָסט ליב צו הערן — יעס־סער, יעס־סער !

שריי איך איצט, און די וועלט זאָל הערן : „נאָ־סער", „נאָ־סער !" — עס קאָן ניט זיין קיין פרייהייט, וואו עס איז ניטאָ קיין גלייכהייט, און כדי צו האָבן פרייהייט און גלייכהייט — מוז זיין גערעכטיקייט ! „יעס־סער" — גערעכטי־קייט! דר. לוטער קינג'ס גרויסער חלום פאַר אַ וועלט פון גלייכהייט און שלום ! דער חלום פון הונדערט יאָר — מוז ווערן וואָר !

ער פאַרוואַרפט ווידער דעם רידל אויפן אַקסל, נעמט
ווידער גיין, זינגענדיק : — „ווי שעל אָווערקאַם !"

pains when she bore me; my teeth have nerves too; my brain cells and my heart feelings. When you degrade me I do not get red; when you threaten me with rope and lynching, I do not become white, because my skin is black, but my blood gets sizzling hot, my eyes see in you a racist, an enemy of humanity.

Yessir, *my skin* is black, burned by the sun. And *your heart* is black, burned by the perpetual fires of race hate and exploitation. You're afraid of freedom because you want to keep me a slave; you don't let me vote because you want to run the world your own way; you keep my body in chains because you want to shackle my soul; you put a lock on my mouth because there's only one word you want to hear—"Yessir . . . Yessir."

But now I say—"Nosir!" and I say it loud and clear for the world to hear—Nosir! There's no freedom where there's no equality! And there's no freedom and no equality where there's no justice! Yessir!—Justice!

Dr. Martin Luther King's great dream for a world of peace and equality!

The hundred year old dream must become a reality!

*He shoulders his spade again and sings:*
*"We shall overcome!"*

*Translated from the Yiddish by* Max Rosenfeld

chop your wood, load your freight, cook your meals, wait on your tables, make your beds, shine your shoes. But when I want to sit down to rest my weary bones, the sign says "For Whites Only!"

And when white people recognize the inhumanity of it and take my side, you call them "nigger-lover" . . . O how you'd love to lynch them!

Yessir, my sister polishes your doors, washes your windows, scrubs your clothes, washes your dishes, and, when the mood strikes you, is forced to become your mistress. But to eat at the same table with you—that would be "unseemly."

Yessir, you love Black music, Black entertainment, Black dancing—as long as it's on the stage. But should I want to come into your theatre, your cabaret, your restaurant, where my brothers and sisters are on the stage, that's "Not Allowed"—whites only, slave-drivers only, racists only. . . .

Yessir, white gentleman, I "darken" your life. Dr. Dubois, Marian Anderson, Paul Robeson, Harry Belafonte, Paul Dunbar, and Langston Hughes—they demand justice, freedom!

How can we forget the prophet of the Black people, Dr. Martin Luther King, and hundreds of other martyrs, fighters for justice?

In their name we demand justice, equality and freedom for the Black people!

They speak to the world, they demand payment on a debt, a debt that America owes us, a promise made by Abraham Lincoln, with a guarantee to pay. And the time has come. Pay up!

Yessir, and they're all good American patriots, good soldiers, brave fighters. Dore Miller, Black, fell in battle next to his white comrade, their red blood spilled and fused on the battlefield. Blood is indifferent to "white and black" . . . "Jew and Christian" . . . But when it comes to living, not dying, you build separate barracks, set separate tables, assign separate trains. Oh yes,—you *do* give out the same medals.

Yessir, you are a warmonger, a monger of race hatred, an enslaver of the world. My blood is red. My mother too suffered birth

# THE GREAT DREAM

(Monologue by a Black Man)

*In Memory of the Black prophet*—Dr. Martin Luther King

*By* Sam Liptzin

*A Black, in work clothes, with a spade on his shoulder, sings to himself— "We shall overcome!"*

Yessir, I'm a Black man—I was born that color—but my blood is red. My heart beats like all other human hearts; my brain thinks like all thinking brains; my feelings are like everybody else's. I can love—and I can hate. I can cry and I can laugh. I can live a miserable life like all other poor people and if I had lots of money I could be as big a spendthrift as any other rich man. I love my mother and father, as all children do, and I love my kids as all parents do. Yet, white boss-man, you call me insulting names. You want to soil my red blood and make the whites of my eyes blood-red.

Yessir, boss, you settled me at the outskirts of town by the railroad tracks, in ghetto corners of dirt and filth. You want to be lord over the poor and the enslaved while you grow richer and more powerful and even talk "in God's name."

You don't let me go to school and then you scream that I'm not educated; you cheat me on weights and measures and money and I'm the one who's supposed to be the thief, the swindler and the crook. You cheat me when I buy duds and groceries and then I have to borrow money from you at high interest to live in your slums. You skin me alive—and that's the only thing about my black skin you *do* like.

Yessir, you call me "l a z y," but I plow your land, plant your garden, pick your fruit, curry your horses, tend your sheep,

# גערט׳ס אים אַמעריקע!

## (מאָנאָלאָג וועגן אַן אַנטיסעמיט)

לויט דעם טאַראַראַם איז שטעטל האָבן יונג און אַלט דערוואַרט אַ צירק, — אַ צירק מיט העלפאַנטן, לייבן, און שלאַנגען. ווען דער טעאַטער איז אָנגע־פילט געוואָרן, האָט זיך גאָר געיאָוועט אַ נייע חיה, — אַן אַנטיסעמיט.

ער האָט געוואָלט נעמען דעם עולם מיט שטורעם, האָט ער גלייך אָנגע־הויבן: אַמעריקע פאַר די אַמעריקאַנער! אַרויס מיט די פרעמדע, די יידן! אַרויס די נעגערס! אַרויס די רוסן, מיט די פּאָליאַקן, מיט די כינעזער, יאַפּאַ־נעזער, מעקסיקאַנער, סיריער, גריכן! אַרויס פון אַמעריקע די אַלע אימיגראַנ־טן — אַמעריקע פאַר אַמעריקאַנער!

אַן אַלטער אינדיאַנער האָט זיך אויפגעשטעלט מיט אַ גרויסער ליולקע אין האַנט און אַ פרעג געטאָן מיט שרעק: „מאַי גאָד!" (מיין גאָט!) וואָס וועל איך דאָס טאָן מיט אַזויפיל לאַנד?... אַלע זייענען „פרעמדע", אָבער דאָס לאַנד איז דאָך אונדזערס!

דער אַנטיסעמיט האָט זיך באַרואיקט פונעם געלעכטער, וואָס האָט אויס־געבראָכן אין טעאַטער, און ער האָט ווידער גענומען רעדן: מיר דאַרפן ניט קיין פרעמדע שפייזן אין אונדזער לאַנד. די רעסטאָראַנען זיינען פאַרלייגט מיט פרעמדע שפייזן — רומענישע מאַמעליגע, אונגאַרישער גולאַש, וואַרשע־ווער וואורשט, ביאַליסטאָקער קוכנס, רוסישער ברויט, כינעזישע טשאַו־מעין, האָלענדער קעז, איטאַליענישע ספּאַגעטי און איזראַעל מצות...

אַ פרוי האָט זיך אויפגעשטעלט מיט אַ פראַגע:

— ווי איז מיר! איז וואָס זאָל איך עסן, נאָר באָסטאָן בינס?...

— „נעווערמאַינד!" — האָט ער זיך שוין צעשריען, — איר האָט וואָס צו עסן: אַמעריקען טשיז, שיקאַגער פלייש, ניו־דזשיורזיער אייער, און קאַלי־פאָרניער אָראַנזשעס.

— נו, — האָט מיט חוזק אַ געשריי געטאָן איינער פון דער באַלקאָני, — און וואָס איז וועגן משה׳ס פּאָמפּערניקל?

יענער האָט זיך געמאַכט מוט און גלייך געענטפערט:

—אויב משה׳ס פּאָמפּערניקל איז געקומען מיט דער „מעיפלאַוער", איז עס אַמעריקאַנער...

— אָבער דאָס איז ניט אַלעס! — האָט דער רשע זיך געקאַכט. — מיר מוזן גיין ווייטער. מיר ווילן ניט מישאַ עלמאַנ׳ס פידל, שאָסטאַקאָוויטש׳עס

סימפּאָניעס, קאַרוזאָ׳ס און ראַבסאָנ׳ס געזאַנגען, טאָסקאַניני׳ס דיריגירן. זיי זיינען אַלע „פּאַרעינערס״, פרעמדע. מיר ווילן אַמעריקע פאַר אַמעריקאַנער. מיר ווילן „גאָד בלעס אַמעריקאַ״.

עס איז געוואָרן אַ געלעכטער און איינער האָט אַ זאָג געטאָן:

—אָבער אוירווינג בערלין איז דאָך דער פאַרפאַסער פונעם ליד, און ער איז אַ ייד!

— וואָס? — האָט יענער זיך געמאַכט האַרץ, — איך קאָן באַווייזן, היטלער אַליין האָט געלאָזט וויסן, אַז בערלין איז — יידן־ריין . . .

— מיר דאַרפן ניט, — האָט ער ווייטער גע׳דרשנ׳ט, — קיין פרעמדע מענטשן און פרעמדע געטער. די פרעמדע געטער האָבן דאָס געשאַפן אַזאַ וועלט, וואָס זאָל זיך דרייען אַרום דער זון, און דאָס איז אַ טריק פונעם יידישן גאָט. דרייט זיך אונדזער אַמעריקע לעבן גאַליציע, כאַפּן זיך אַרויף די גאַליציאַנער יידן; דרייט זי זיך לעבן רומעניע, כאַפּן זיך אַריין אין אונדזער לאַנד די פרעמדע. מיר מוזן אָפּשטעלן דאָס דרייען זיך פון דער ערד — אַמעריקע פאַר אַמעריקאַנער!

איר גייט דורך די גאַסן, זעט איר ווי די פרעמדע האָבן אַלץ פאַרכאַפּט — העסטער סטריט, שיף־פּאַרקוועי, לבנון סטריט, הערצל סטריט, בריסטל סטריט, מאָרים סטריט, דאָס מיינט משה׳ס סטריט, איר הערט? און וואָס הערט זיך טאַקע מיט בראָנזוויל? מיט מיאַמי ביטש, מיט ווענים, קאַליפאָרניע? . . .

— און וואָס הערט זיך מיט בית ישראל האָספּיטאַל? — האָט איינער אין שפּאַס אַ געשריי געטאָן.

— טאַקע, טאַקע, — האָט אַ צווייטער אונטערגעכאַפּט, — בלויז אַזעלכע „אַמעריקאַנער״ ווי ער דאַרפן דאָרט ליגן . . . די פרעמדע אַרויס!

דער אַנטיסעמיט האָט זיך ווידער צעלאָזן:

— און אַז איר פאָרט דורך דאָס לאַנד, זעט איר סעמעטערים, פרעמדע סעמעטערים. דאָס האָבן די יידן פאַרכאַפּט דאָס לאַנד, אונדזער ערד. לבנון־סעמעטערי, מאָנטעפיאָר־סעמעטערי, עדת־ישראל סעמעטערי און נאָך און נאָך . . . איר אימיגראַנטן ווילט שטאַרבן, גייט אייך אין יוראָפּ! דאָ די ערד געהערט צו אונדז!

— ריכטיק! — איז איינער אויפגעשפּרונגען, — דאָ ליגן אין דר׳ערד מעג נאָר דער רעדנער און נאָך אַזוינע ווי ער . . .

— גערעכט! — האָט דער עולם געשטורעמט, — בלויז דער רעדנער איז באַרעכטיקט צו ליגן דאָ אין דר׳ערד . . .

# ווי אַלט בין איך?

## (מאָנאָלאָג)

ווי אַלט איך בין, פרעגט איר? זאָל איך אַזוי ניט וויסן פון מיין דלות, ווי איך ווייס ניט. איר קענט מיר שאַצן, אַזוי ווי אייך געפעלט.

איר מיינט, אַז מיין מאַמע האָט יאָ געוואוסט? אַ נעכטיקער טאָג! ווי איר קוקט מיך אָן, איז באַלד ביי מיין געבורט שוין געווען אַ סיכסוך וועגן מיין עלטער.

מיין מאַמע האָט געזאָגט: איך בין אַ זיבעלע. מיין טאַטע — אַז איך בין געבאָרן געוואָרן צו אַכט מאָנאַטן. און די באַקאַנטע האָבן גע'טענה'ט, אַז איך בין טאַקע פולע ניין מאָנאַטן אַלט, נאָר טאַטע־מאַמע האָבן צו שפּעט חתונה געהאַט . . .

אַז טאַטע־מאַמע האָבן מיך הערזוען אויף דער וועלט איז ביי זיי געוואָרן אַ פראַגע ווי אַזוי מיך צו פאַרשרייבן . . .

דער טאַטע האָט געזאָגט: מ'זאָל מיך פאַרשרייבן מיט אַ פּאָר יאָר מער, וועל איך גיכער קריגן „וואָרקינג־פּייפּערס" (אַ פּאַפּיר אַז איך מעג שוין אַר־בעטן). די מאַמע, ווידער, האָט גע'טענה'ט: אַזוי ווי די וועלט־שלינגער ווילן אַ נייע מלחמה, זאָל מען מיך בעסער פאַרשרייבן, אַז איך בין ניט געבאָרן געוואָרן . . .

דערנאָך, אָבער, ווען ס'איז געקומען צו באַפּן פּעטש פאַר ניט לערנען גוט, האָט דער טאַטע זיי מיר דערלאַנגט אין קעש. ער האָט כסדר געשריען: זעט נאָר, אַ זיבן־יאָריקער יונג שוין — און לערנט נאָך אַלץ ווי אַן אלף־בית יינגל! נאָר אַז איך בין געפאָרן מיט דער מאַמען אויף דער באַן, בין איך ביז 14 יאָר קיינמאָל ניט עלטער געווען ווי 4 יאָר, און טאָמער האָב איך מיין קאָפּ ניט אַריינגערוקט אין בוזים־קעשענע אַזוי גיך ווי זי האָט מיך געהייסן, פלעגט זי זיך צעשרייען פאַר אַלע מענטשן אין קאַר: אַ צען־יאָריקער בחור און ס'האָט קיין שכל ניט; אַז אַ קינד וואַקסט אָן שכל, דאַרף עס ניט האָבן קיין יאָרן!... און — ס'איז שוין דעמאָלט געווען אַ בראָך צו מיינע יאָרן . . .

אויב איך האָב געוואָלט אַריינגיין אין אַ „מואווי" פאַר 50 סענט, בין איך אַלט געווען קוים 12 יאָר. נאָר ווען די מאַמע האָט געוואָלט, אַז איך זאָל לייגן תפילין, האָט זי געגוואַלדעוועט, אַז איך בין שוין ריכטיק דרייצן . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

נאָר ווען אַ פּאַליסמאַן האָט מיך, טאָקע דעמזעלביקן טאָג, געוואָלט אַרעסטירן פאַר ניט גיין אין סקול אַריין, בין איך מיטאַמאָל געוואָרן גאַנצע 16 יאָר . . .

זעט איר, חתונה געהאַט האָב איך פּונקט צו 24 יאָר. מיין ווייבל האָט געוואָלט ניט אַנדערש, נאָר איך זאָל זיין בלויז מיט איין יאָר עלטער פון איר... אָבער, אַז איך האָב געזוכט אַ דזשאָב און מ'האָט פאַרלאַנגט אַ מאַן מיט דערפאַרונג, האָב איך אָנגעגעבן „עקספּיריענס" פון 30 יאָר . . .

פונדעסטוועגן, ווען איר זעט מיך קומענדיק פון אַ יוניאָן מיטינג, זע איך אויס ווי אַ יונגערמאַנטשיק. ווידער פאַרקערט, ווען איר זעט מיך אַהיימקומענדיק פון אַ טאָג אַרבעט אין שאָפּ, וואָלט איר געמיינט, עס גייט אַרום אַ מת, וואָס האָט זיך פאַרגעסן אוועקצולייגן . . .

יאָ, גיי ווייס, ווי אַלט מ'איז! . . . ווען איך בין אַריין צו מיינע לאַנדסלייט אין סאָסייעטי, האָט מען מיר געזאָגט, אַז ס'איז בעסער איך זאָל אָנגעבן וואָס ווייניקער יאָרן. נאָר איצט אָבער, אַז עס איז אונטערגעקומען די עלטערפּענסטע־צאָלונגען, זאָגט מען מיר, אַז ס'וואָלט בעסער געווען, ווען איך גיב אָן אַביסל מער יאָרן . . .

איך זאָג אייך, איך ווער פאַרעלטערט טראַכטנדיק, ווי אַלט בין איך . . . און ווען מיין לענדלאָרד, באָס און פאָרמאַן קירצן מיר ניט די יאָרן, ווער ווייס וואו איך וואָלט שוין איצט געווען פאַרפאָרן? . . .

וואָס זאָגט איר? איך זע נאָך ניט אויס אַזוי אַלט? . . . אַ דאַנק אייך פאַרן קאָמפּלימענט . . . אָבער זאָגט מיר, כ'בעט אייך, ווי אַלט בין איך פאַרט?

מיין מאַמע פלעגט זאָגן, אַז ציין און יאָרן טאָר מען ניט ציילן. פונדעסטוועגן ווייס איך, אַז ווען איך וואָלט געהאַלטן מיט מיינע יאָרן, ווי מיט מיינע ציין, וואָלט איך איצט געווען אַ זויג־קינד . . . מיינע ציין פאַלן און די יאָרן — שטייגן, ניט צו פאַרזינדיקן . . .

וואָס טויגן אָבער די קונצן, אַז מ'האָט פינצטערע טעג, איז אַ קלאָג צו די יאָרן . . .

ס'הייסט, איך זאָל אייך זאָגן, ווי אַלט איך בין?... וואָרים איך ווייס דען און איך זאָג אייך ניט? . . . פאַרשרייבט, ווי ס'לוינט זיך בעסער . . .

גלויבט מיר, ווען איך האָב די יאָרן וואָס מיין טאַטע־מאַמע האָבן מיר אַזוי צעטאַכלעוועט, וואָלט איך איצט געקאָנט ווינטשטן: אַז אַזויפיל זאָלן מיינע שונאים קרענקען, און איר זאָלט אַזויפיל יאָרן לעבן אין גוטס און אין פריידן . . . נאָר גאָר ניט: אַלץ הייסט געלעבט. אַ קלאָג צו מיינע יאָרן! . . .

# ווען איך עס פיש — רעד איך ניט...

## (אַ מאָנאָלאָג)

— איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן. ווען איך עס, פיר איך ניט קיין דיס־קוסיעס. איך האָב מיר שוין מיין דערפאַרונג. ווען איך עס — עס איך.

איר פאַרשטייט? באַטלאָנעווען, באַרעדן, שפּילן קאָרטן, זיך קריגן — איז גוט בציבור, אָבער ווען איך עס — וויל איך עסן.

איך וועל אייך ניט ענטפערן אַ וואָרט, ווען איר זאָלט רעדן פון היינט ביז מאָרגן. און מיינט ניט, אַז אַ וואָרט איז ביי מיר מיט גאָלד צוגלייך. און אויב איר דענקט, אַז איך האָב אייך ניט וואָס צו ענטפערן, מאַכט איר אַ טעות. נאָר איך האָב איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַשלאָסן, אַז איך קאָן ניט טאָן צוויי מלאכות מיטאַמאָל. ווען מ׳רעדט — רעדט מען, ווען ס׳קומט צום עסן — וויל איך עסן.

אייגנטלעך האָלט איך שוין פון דעם מנהג אַלע מיינע יאָרן. איך גיי שטענדיק עסן ווען אַלע האָבן שוין אָפּגעגעסן. און קום איך אַריין אין רעסטאָראַן, זוך איך מיר אָפּ אַ טישל ערגעץ אין אַ ווינקל, זעץ מיך אַוועק, ווי איך וואָלט זיין איין מענטש אויף דער וועלט, און—עס, וויל אויב עסן—איז עסן!

איבערהויפּט, פאַרשטייט איר מיך, האָב איך ליב צו עסן אַליין, ווען איך עס פיש. פאַר אַ שטיקל פיש וועל איך אייך אַוועקגעבן הימל און ערד, און אויב דאָס איז נאָך אַ שטיקל העכט, קאָנט איר ביי מיר קריגן מיין חלק עולם־הבא, דעם שטול אין גן־עדן. און אַז איר שפּאַרט זיך איין ביי מיר, קאָנט איר אַרויס־קריגן די גאַנצע יענע וועלט, אַ חוץ דעם לויתן...

איז אַט אַזוי ווי איר זעט, ליגט ביי מיר דער העכט און שווייגט ווי אַ פיש, און איך — אַזוי ווי ער... ווען איך עס — עס איך.

אַנומעלטן גיי איך מיר אַזוי אַריין אין רעסטאָראַן, קוק דורך אַלע טעפּלעך און פענדלעך, און צום סוף באַמערק איך ווי די קעכין גיט אַזוי אַ שטעל אַוועק אַ טאָץ מיט פרישינקע, הייסע העכטלעך. די פאַרע האָט נאָך געשלאָגן ביי דעם פיש פון מויל, ווי ער וואָלט איצט אַרויס פון וואַסער אויף דער יבשה.

וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איך האָב אַ נעם געטאָן דעם קאָפּ פונעם העכטל, אָפּגעזוכט אַ ווינקל און ווי שטענדיק זיך אַוועקגעזעצט ביחידות.

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

נאָר, אָט גיב איך אַ דריי אויס דעם קאָפּ צו נעמען דאָס ביסל כריין — אַ, אַ, לחיים יידן, מאָטל סערענודע איז דאָ.

אַז מאָטל האָט צוריקגעצויגן זיין צעפּאַרעטע האַנט מיטן שלום־עליכם, האָט ער אָפּגעדלובעט אַ שטיק ווייסע ברויט פון דעם פּענעץ וואָס איז געלעגן ביי מיר אויפן טעלער, געגומען קייקלען קייקעלעך און דערביי אויסגעדריקט פוייד, וואָס ער האָט מיך געטראָפן.

— איך וואָלט, — זאָגט ער, — גיכער דערוואַרט צו טרעפן מיין עלטער־זיידן פון יענער וועלט, ווי דיך טרעפן אין אַ רעסטאָראַן.

הכלל, מאָטל סערענודע האָט גענומען רעדן, דערציילן, שטעלן פראַגעס — און טאָקע צו מיר אין מיטן עסן.

איך זאָג אייך בפירוש, אַז איך ווינטש דאָס נאָר אַן אַנטיסעמיט, ער זאָל עסן פיש, האַלטן אַ פולן מויל מיטביינדלעך און דאַרפן ענטפערן אַ מאָטל סערענודע.

זעט, איר האָט שוין אַמאָל געהאַט אַ פיש־ביינדל אין גומען, אַ צווייטן צווישן די ציין, און מיט אַ דריטן זאָלט איר זיך ווערגן, און — הערן ווי מאָטל סערענודע שרייט:

— וואָס זאָגסטו?

און דאָס מאָל האָט ער עפּעס אויסגעקליבן ספּעציעל טשיקאַווע פראַגן! און אַז איך האָב אים אַזוי גיך ניט געקאָנט ענטפערן, מחמת דאָס ביינדל האָט מיר געשטאָכן אין גומען, האָט ער מיט טריאומף אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

— אַה, אַ, — האָט ער זיך צעלאַכט, — דער פיש האָט אַנגענומען אַ פולן מויל מיט וואַסער... אַנו, ענטפערט אַ וואָרט?!

און ווי גיך איך האָב אַריינגענומען אַ ביסן האַרטע ברויט אין מויל ביי־צוקומען דאָס ביינדל, וואָס האָט געמאַכט אַן „אויפשטאַנד" אין גומען... — האָט ער מיר פאַרפאָרן אַ צווייטע פראַגע:

— וואָס דענקסטו, — פרעגט ער, — וואָלט מען באַדאַרפט טאָן, ווען מ'פּאַקט דעם באַנק־רויבער אַ לעבעדיקן?

דעם אמת געזאָגט, האָב איך ניט געוואוסט וואָס אים צו ענטפערן, וואָרים דאָס פיש־ביינדל, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן צווישן די ציינער און געשטאָכן דעם צונג, האָט מיך מער פאַראינטריגירט ווי זיין פראַגע.

מאָטל סערענודע האָט ווידער געהאַט אַ זיג איבער מיר און מיר פאַר־פאָרן מיט אַ נייער פראַגע:

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

—ווי דענקסטו, מ׳וועט זיך נאָך אַמאָל דערטראַכטן צו אַ פּעטענט, אַז סאָבמאַרינס זאָלן קאָנען פליען ווי עראָפּלאַנען?

געוואָלט האָב איך אים זאָגן: זקס, בהמה, פערד, וואָס דרייסטו מיר אַ קאַפּאָר? איך האָב פּאַר זיך אַ פיש, אַ העכט, מיט ביינדלעך פון אַלע זייטן, פאַרוואָס לאָזטו אַ מענטשן ניט עסן? איך האָב ליב, אַז ווען איך עס פיש — זאָל איך עסן.

עס איז אָבער גוט צו רעדן און צו זאָגן, ווען דו וואָרגסט זיך ניט מיט דער זשעבערע פונעם פיש־קאָפּ. איך האָב זיך אָבער געוואָרגן, אַזוי געוואָרגן, אַז מיינע אויגן האָבן שוין אויסגעקוקט אַזוי ווי די אויגן פון מיין העכט . . .

מיינע אויערן האָבן נאָך אַלץ געהערט פראַגן. פראַגן, מיינונגען און חוזק . . . פון אַ מענטשן, וואָס קאָן ניט ענטפערן אויף קיין פראַגן!

וואָס זאָל איך אייך זאָגן? — צו גוט האָב איך ניט אָפּגעשניטן. מיין פיש־קאָפּ איז געבליבן אויפן טיש און מיך האָט מען צוגענומען אין שפּיטאָל.

דער איינציקער וועג ווי איך האָב זיך מיט מאַטל סערענודע אָפּגערעכנט איז געווען, ווען ער איז מיך געקומען באַזוכן אין שפּיטאָל, האָב איך געבעטן דעם דאָקטאָר מ׳זאָל אים אונטערזוכן, ס׳הייסט זיין פאַרשטאַנד.

פון דאַן אָן איז ביי מיר אַ מנהג — וואָס רעד איך אַ מנהג — אַ געזעץ, אַ שטרענגער געזעץ: ווען איך עס — עס איך!

איך זאָג אייך, אַז איך וועל אייך אַ וואָרט ניט ענטפערן, איר וועט מיר ניט פאַררעדן די ציין . . . איך בין געקומען עסן, בין איך. און אַז איך קום עסן — איז עסן.

איך בעט אייך, זייט ניט קיין מאַטל סערענודע. אימירצעשעם, אַז מיר׳ן האָבן אַנטיסעמיטן אין שטייג, וועלן מיר זיי געבן עסן דריי מאָל אַ טאָג העכט, קאַרפּ און יאַזשן, און אַלע מאַטל סערענודעס וועלן זיצן אַרום טיש, קאָנען האָבן מיט זיי אַן אינטערוויו, שטעלן פראַגן און מאָנען ענטפערס.

אָבער מיר, וואָס האָט איר צו מיר? לאָזט מיך רואיק אָפּעסן! ביי מיר, אַז איך עס — עס איך! איך וועל אייך אַ וואָרט ניט ענטפערן! איך שווייג ווי דער פיש . . . אַי, ס׳איז מיר ווידער אַריין אַ ביין אין האַלדז! . . . — — — —

# אויסגעקעמפט א חתימה טובה

**(מאָנאָלאָג)**

איך ווייס ניט ווי ביי אייך, נאָר ביי מיר, אַז עס קומט יום־טוב, פיל איך זיך יום־טוב׳דיק.

אַ גאַנץ יאָר זע איך ניט אַן אַ לאַנדסמאַן, אַ באַקאַנטן, אַן אַלטן פריינט, נאָר צוויי־דריי מאָל אַ יאָר — ווייס איך — אַז כ׳וועל זיי טרעפן אין שול — קומען „שפּילן" אויף „מזל", צו געווינען אַ גוט „קוויטל" . . .

איך אַליין, כאָטש אַ ייד אין די יאָרן, בין איך ניט קיין פרומער, ניט קיין „פרייער", נאָר אַ פּאַרעווער. ביי מיר אָבער צו זען אַ לאַנדסמאַן, אַ יוגנט־פריינט, פרישט מיר אָפּ מיינע יאָרן, ווען איך זע אים. דאָס דערמאָנט מיך העט, העט, נאָר אין יענע יאָרן, ווען מ׳האָט גע׳חלומ׳ט פון אַ סך זאַכן, און היינט זעען מיר דאָס פאַרווירקלעכט אין לעבן.

ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך אויך אַ סך יאָרן חוץ קומען זיך זען מיט לאַנדסלייט, אויך געפּראַוועט „שפּילן" מיין מזל אויף אַ גוט „קוויטל". נאָר די צייט האָט מיך געלערנט, אַז מיט פרעמדע הענט איז זיך ניט גוט צו גלעטן און זיך צו קראַצן.

איר פאַרשטייט, אויף גערונגענע „בעטער" קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן. דער „זינגער", דער „זאָגער" און דער „בלאָזער" אַרבעטן פאַר זיך. ווען זיי קריגן ניט גוט באַצאָלט, ווייס איך ניט, צי זיי וואָלטן מיך געזען און — צי איר וואָלט זיי געהערט.

אין די יונגע, גרינע יאָרן, האָב איך געפרעגט מיינעם אַ לאַנדסמאַן, צי ער אַרבעט שבת און יום־טוב, האָט ער זיך צעלאַכט: „הלוואי איז אַלע טאָג שבת אָדער יום־טוב, דאָס זיינען דאָך די בעסט־באַצאָלטע טעג. מ׳קריגט דאָך „אַמאָל און אַ האַלב באַצאָלט". ווי איר זעט, איז יעדער חזן זינגט פאַר זיך"...

איר מיינט מיר צו זאָגן, אַז ווען די אַלע כלי־קודש קריגן ניט באַצאָלט פאַר זייער אַרבעט, און דווקא גוט באַצאָלט, ווייל זיי אַרבעטן דאָך שבת און יום־טוב — וואָלטן זיי זיך געריסן פאַר מיר דעם גאָרגל? ווי האָט געזאָגט יענער קלוגער מענטש: „גאָט העלפט אַלע די וואָס העלפן זיך אַליין".

מיט דער צייט האָב איך זיך איבערצייגט, אַז מיין לאַנדסמאַן איז געווען גערעכט, און אַז דאָס זאָגעלע פון דעם קלוגן מענטשן איז געווען קלוג געזאָגט.

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס איר פרעגט מיך, וואו גיי איך זיך „אויסבעטן אַ גוט יאָר״?

ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך שוין איבער פופציק יאָר געהאַט די בעסטע זיץ־פּלעצער אין שול, געהערט די בעסטע חזנים, געשלאָגן זיך על־חטא — געמאַכט זיך פשוט לעבער אין האַרצן . . . געפאַסט תעניתים, חוץ יענע טעג, ווען איך האָב ניט געהאַט וואָס צו עסן . . .

וואָס זאָל איך אייך זאָגן? דער קרעמער האָט אויף מיין „מזל״ און אויף די דערוואַרטעטע „גוטע קוויטלעך״ ניט געוואָלט באָרגן אַ פּרוטה.

איינמאָל, זאָגן צו מיר די אַרבעטער אין שאַפּ: „הערשל, קום היינט צו דער מאַסן־פאַרזאַמלונג, וואו מ׳קלייבט זיך צו פאָדערן „עלטער־פענסיע״, מעדיצינישע הילף, אַרבעטלאָזע־פאַרזיכערונג און נאָך און נאָך״.

טראַכט איך ביי זיך: איך האָב געהערט אַזויפיל יאָרן וואָס די חזנים זינגען, וואָס די מגידים זאָגן, וואָס די בעל־תקיע׳ס בלאָזן, לאָמיך טאַקע אַמאָל הערן, וואָס האָבן יענע חברה צו זאָגן? קיין בילעט, קיין „טיקעט״ הייסט עס, ווי צו גיין אין שול, דאַרף איך ניט קויפן, און געזען האָב איך, אַז נאָך אַנדערע גייען, בין איך אויך געגאַנגען.

ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן, זאָג איך אייך, אַז אַזאַ „שליח־ציבור״ האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהערט. אַנשטאָט הייסן פאַסטן, האָט ער גאָר גערעדט וועגן פלייש, מילך, ברויט. אַנשטאָט זיך פייניקן — קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן.

זיי האָבן פאַרטייטשט דעם „על תשליכנו לעת זיקנה״, אינגאַנצן מיט אַן אַנדער טייטש. די, וואָס האָבן געאַרבעט און רייך געמאַכט אַנדערע, זיינען באַרעכטיקט צו האָבן אַ גוטע עלטער; ס׳הייסט, קריגן „עלטער־פענסיע״. צו פינף־און־זעכציק יאָר, זאָל יעדער אַרבעטער זיין באַרעכטיקט: „מעבדות לחרות״, פון שקלאַפעריי צו פרייהייט.

דעם אמת זאָגנדיק, האָט זיך מיך דאָס ניט געגלויבט. איך קאָן דאָך שוין מיינע „ברויט־געבער״, וואָס פאַר אַ געבער זיי זיינען . . .

בקיצור, ווען מ׳האָט באַשלאָסן מאַרשירן צו די „הויכע פענצטער״, האָט מיך אָנגענומען אַ חשק אויך צו גיין, און איך שפּאַס צו די אַרבעטער: „איך בין, זאָג איך, געגאַנגען אַריבער פופציק יאָר צו „תשליך״, אַריבער פופציק יאָר צו „הקפות״, וועל איך איצט אויף דער עלטער פּרוּוון גיין אין אַ דעמאָנ־

סטראַציע — ניט אויסווייגנעו זיך אויף מיין מזל, נאָר פאָדערן וואָס עס קומט מיר".

וואָס דאַרף איך לאַנג ברייען? אין מיינע אַלע יאָרן, וואָס איך בין גע־גאַנגען אין שול און זיך פאַרלאָזט, אַז עמעצער זאָל זיין אַ „גוטער בעטער" פאַר מיר, און געקראָגן האָב איך אַסטמע, רומאַטיזם, כּאַיעטיקע, אַרטראַיטיס — האָב איך איצט אויף די עלטערע יאָרן אין די דעמאָנסטראַציעס און פּאַראַדן אויסגעקעמפט אַ „גוטן קוויטל".

מיין רענטלאָרד וואַרט אויפן ערשטן פאַר די רענט און איך — איך וואַרט אויפן דריטן צו קריגן מיין „חתימה טובה" — דאָס עלטער־פּענסיע טשעקל.

ווי איר זעט, איז גאָט העלפט טאַקע די — וואָס העלפן זיך אַליין . . .

# קינדער זאָל מען האָבן

## (אַ מאָנאָלאָג פון אַ יידן אין פלאָרידע)

איר מעגט זיך ווינטשן צו פאַרמאָגן טויזנטער, מיליאָנען. איך — איך ווינטש זיך, מיינע קינדער און אייניקלעך — צו האָב קינדער.

פאַראַן מענטשן, וואָס ווען זיך שטענדיק באַקלאָגן אויף קינדער. ס'איז זיי שווער דאָס טראָגן און דאָס האָבן. איך, זעט איר, האָב, אַ לויב צו גאָט, צען קינדער, און איך באַקלאָג זיך ניט. פאַרקערט, איך פיל זיך גליקלעך. און וואָלט מיר מיין שרה־גיטל ניט אָפּגעשטאָרבן אינמיטן דערינען, וואָלט איך נאָך איצט געהאַט אַ בן־זקונים . . . גלויבט מיר, ס'איז אַ גוטער אינוועסטמענט. ס'איז בעסער ווי אַ גראָסערי, אַ קענדי־סטאָר, צו יעדער צייט.

פאַראַן טאַטעס, רייכע טאַטעס, וואָס האָבן אַלע יאָרן געשטרעבט צו איין זאַך — ווערן רייך. אַ סך ריעל־עסטעיט, ביזנעס, קויפן, פאַרקויפן, און די קינדער האָט מען געלאָזט וואַקסן ווי ווילד־גראָז.

אַז די קינדער זיינען עלטער געוואָרן, האָט דער טאַטע גענומען זאָרגן: איין זון באַדאַרף ער געבן געלט אויף אַ גט; אַ צווייטן — אַפּראַטעווען פון באַנקראָט; דער טאָכטער — אַ גרויסן נדן; דאָס מוזיניקל — ראַטעווען פון אַ געמבלינג־רעקעט. און אַלע קינדער צוזאַמען וואַרטן אויפן טאַטנס׳ט טויט ווי אַ טרוקן פעלד אויף רעגן . . . און אַז דער טאַטע מאַכט צו די אויגן, דאַן ווערן גרויס די אויגן ביי די קינדער. איינער וויל דעם טאַטנ׳ס זייגער, אַ צווייטער — דעם טאַטנ׳ס שפּילקע, אַ דריטער — דעם טאַטנ׳ס הויז, — מיט איין וואָרט, מ׳רייסט זיך איבערן טאַטן, איר זאָלט מיר מוחל זיין, ווי הינט אַרבער אַ ביין . . . דערנאָך הויבן זיך ערשט אָן פּראָצעסן מיט קלאַגעס און קעגן־קלאַגעס, מיט לאַיערס און הרייזלעך, און אַלע דרייט זיך אַרום איין זאַך — דעם טאַטנ׳ס ירושה . . .

די קינדער ווערן איינע די אַנדערע דם־שונאים. וואָס מיר שוועסטער, ברודער! — ס׳איז הימל, ערד און ירושה. חיים זאָגט: משה האָט דעם זייגער, זאָל ער זאָגן קדיש. און משה זאָגט: יאַנקל האָט דאָס באַנק־ביכל, זאָל ער שטעלן אַ שטיין. און די טאָכטער זאָגט: ווער עס וואוינט אין הויז, זאָל גיין וויינען אויפן קבר . . . איך זאָג אייך, ווען איך בין אויף יענעם טאַטנ׳ס פּלאַץ, וואָלט איך זיך באַגראָבן אַ לעבעדיקער . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

מיר איז אָבער גוט. איך האָב געלערנט מיינע קינדער צו זיין מענטשן, איז צווישן אַלע זאַכן האָבן זיי זיך שוין אויסגעלערנט ווי צו האַלטן כבוד־אָב.

איר וואָלט געמעגט זען, ווי מיינע קינדערלעך, זאָלן געזונט און שטאַרק זיין, זאָרגן פֿאַר זייער טאַטן . . . „טאַטע, — זאָגט מיר מיין טעכטערל, — איך דענק, אַז ביי הערי'ן וועט דיר זיין בעסער ווי ביי מיר. דאָס קליינס ווינט גאַנצענע נעכט און דו וועסט ניט קאָנען צומאַכן אַן אויג. און הערי גיט אַ קנייטש דעם שטערן: „אַ, איך דענק, אַז ביי פֿלאָרענסן' וועסטו זיך פֿילן ווי אין דער היים. פֿלאָרענס קאָכט דאָך טאַקע נאָר ווי די מאַמע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן". און פֿלאָרענס מיט מיין איידעם גיבן זיך באַלד אַ באַרעכן, אַז ביי סאַלקע'ן וועט זיין פֿאַר מיר פֿיל געזינטער, ווייל דער ליידיקער צימער האָט צוויי פֿענצטער און דאָס הויז איז קעגנאיבער דעם פּאַרק, ניט ווייט פֿון אַ מאָוווי־טעאַטער.

גאָר צולעצט קומען זיך צוזאַמען אַלע קינדער און באַשליסן, אַז דער טאַטע דאַרף רוען. געננוג געווען אַ ניאַנקע ביי די קינדער. דער טאַטע דאַרף פֿאַרן זומער אין די מאָונטענס, און ווינטער — אין לעיקוואָוד.

וואָס זאָל איך אייך זאָגן? — אַז שום קונצן „טשיפּן" זיי אַלע אַריין זייער חלק און מ'שיקט דעם טאַטן אין קאָונטרי, צוועלף חדשים אין יאָר, ווי צוועלף ציפֿער אויפֿן זייגער, און — אויב ס'איז אַן עיבור־יאָר — איז דאָס דרייצן.

און איר מיינט, גלאַט שיקן? — איין זון פֿירט מיך צו מיט זיין לימוזין, אַ צווייטער — שיקט וואַלענע וועש, אַ דריטער — קאַלאַשן. די טאָכטער שטופּט אונטער אויף אַ פּינאַקל. און אַז איך זאָג אַמאָל צו מיין מוזיניקל: נו, און וואָס וועט זיין מיט קדיש־זאָגן? זאָגט ער מיר: „פּאַ, ניט געזאָרגט, מיר לאָזן דיך ניט פֿאַלן אויף דער וועלט און מיר'ן דיך אַטענדן . . . קיין זאַך איז פֿאַר אונדז ניט שווער. וואָס איז, מיר האָבן עפּעס צען טאַטעס?"

איך האָב זיך אַנומעלטן צוגעכאַפּט אין שטאָט אַריין. אַן אייניקל האָט מיר עפּעס ניט געפֿילט זיך אַזוי גוט. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? — ווי נאָר איך בין אַריין אין הויז, זאָגט מיר די טאָכטער: „טאַטע, פֿאָר גלייך היינט צוריק. דאָס קינד האָט „הופּינג־קאָף", און מער פֿעלט מיר ניט, דו זאָלסט דאָס אויך „קעטשן". דער איידעם האָט מיר גלייך צוגעפֿירט צום באָס, געקויפֿט אַ טיקעט, אַריינגערוקט מיר אַ פּעקל סיגאַרעטס און גלייך מיר אָפּגעשיקט צוריק אין לעיקוואָוד.

איר קוקט אויף מיינע שיך — ווייסט איר, אַז מיין זון האָט פֿאַר דעם

באַצאָלט 24 דאָלער? און געטראָגן האָט ער עס אפשר צען מאָל. „נאַדירע, — זאָגט ער, טאַטע, פאַר דיינע „קאָרנס (הינעראויגן) וועט זייער גוט זיין אויסגעטראָגענע שיך. זיי וועלן דיר ניט ברענען די פיס . . .״

דעם סוטעלע זעט איר? — אויסגעפּרעסט מיט אַ קנאַק, אַ קנייטשעלע אויף די הויזן, ווי אַ טעלעגראַף־דראָט. זאָל איך אים אַזוי טראָגן געזונטע, ווי מיין זון האָט באַצאָלט 97 דאָלער אין אַ סעיל. איר זעט דעם לעיבל, וועמענס דאָס איז? — ער האָט אים אַרונטערגענומען פון הענגער. „פּאַפּאַ, — זאָגט ער, — אויף מיר איז ער שמאָל, אָבער אויף דיר וועט ער זיין ווי אָנגעמאָסטן. נאַ, פּאַ, טראָג אים געזונט!״ און די נעקטאַי, מיינט איר, איז אַ וואָלוועלע? — ס׳איז דאָך גאָלע זייד.

ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך באַזאָרגט, אַז מיינע קינדער זאָלן זיך נאָך מיין טויט ניט דאַרפן רייסן איבער ירושה, און ביים לעבן, זעט איר דאָך, אַ לויב צו גאָט, — זיי באַזאָרגן מיך מיט אַלץ.

די איינציקע זאַך, וואָס די קינדער קאָנען מיר ניט פאַרזאָרגן, איז אַ שידוך. זיי וואָלט גראָדע דאָס ניט געאַרט. די טאָכטער מיינע זאָגט אָפט אין אַ בריוול צו מיר: „טאַטע, פאַרוואָס זוכסטו זיך עפּעס ניט אויס אין לעיקוואוד אַ רייכע אַלמנה? אַ מאַן, — שרייבט זי, — איז דאָך איצט אַן אבן־טוב, ווי למשל — אַ גאָלדענע בטבע. און פאַר אַ פרוי, פּאַפּאַ, דאַרף מען ניט צאָלן קיין שטייער״ . . .

דעם אמת געזאָגט, איז מיין טאָכטער טאַקע גערעכט. אָבער, איר וועט מיר גלויבן, צי ניט, איך בין שוין אַ ייד באַלד אין די קייִלעכדיקע יאָרן, נאָר — ווי עס קומט צורייד פון אַזעלכע זאַכן, בי איך, ניט פאַר קיין מאַן גערעכט — אַ שעמעוודיקער . . . איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען קיין אַלמן . . .

# געוואַלד מיין נאָז

## (אַ מאָנאָלאָג פון אַ היי־פיבערניק)

ווי איר קוקט מיך אָן, דאַכט זיך, אַז איך האָב גאָרנישט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן, און יעדער איינער פון אייך קאָן זיך ווינטשן: אויף מיר געזאָגט געוואָרן, זאָג איך — האַפּטשי — ניט פאַר אייך געדאַכט . . .

אַזוי בין איך גראָד אַ ייד אַ בר־מזל, אַ מאַן פון אַ ווייב, אַ טאַטע פון עלף, אַט־אַזוי־אַ קוקן זיי אויס. איר ווינטשט מיר אַ צוועלפטן ? — האַפּטשי. איר קאָנט מיין ווייב ניט איבערשרעקן.

אָבער איך — איך קאָן מיט מיין האַפּטשי ווייט ניט פאָרן. ווער עס האָט אַ פליך, און איך — איך האָב אַ נאָז. ווער עס האָט אַ נאָז און איך — איך — האַפּטשי.

איר באַדאַרפט זיך פילן גליקלעך, וואָס איר ווייסט ניט פון דעם — האַפּטשי, פון דעם שטענדיקן אָנשיקעניש, אַז וואו איך גיי — האַפּ . . . און וואו איך שטיי — האַ־האַ־האַפּטשי !

איר קוקט אָן די נאָז ? דאַכט זיך, אַ שמעקער ווי אַלע שמעקערס, ניט צו פאַרזינדיקן, נאָר ווי דאָס באַווייזט זיך נאָר צווישן מענטשן, איז גלייך — האַפּטשי !

איך קום אין קאָמפּאַני, זאָגט איינער: „איך האָב היטלערן איצט אין דר'ערד", און איך — האַפּטשי ! אַ צווייטער זאָגט: זאָל לעבן דער שלום", און איך — האַפּטשי ! אַ דריטער ווינטשט זיך צו האָבן אַ מיליאָן, און איך — האַפּטשי!

יאָ, אָט אַזוי ווי איר זעט, ווינטער איז מיין נאָניע די ערשטע צו כאַפּן אַ פאַרקילונג. זי הויבט מיך גלייך אָן פּאָנפען און — האַפּטשי ! פרילינג־צייט, ווען בלומען נעמען בליען, ספּאָלאָשעט זי זיך ווידער און — האַ־האַ־האַ־האַפּ־טשי ! קומט סוף־זומער, איז דאָך אָפּגערעדט, — דאָס איז איר סעזאָן, זי אַר־בעט אָווערטיים, אַ גאַנצן טאָג — האַ־האַפּ — און אַ גאַנצע נאַכט—האַפּטשי !

ביי אייך, זאָגט איר, הייסט דאָס היי־פיבער און ביי מיר — האַפּטשי ! קום איך אַריין אין רעסטאָראַן — האַפּטשי ! דער טיש אַרום מיר ווערט גלייך ליידיק, איך בלייב אַליין . . .

קום איך אַריין אין אַ מואווי — האַפּטשי ! נעמען זיך גלייך אָפּליידיקן

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

אַלע פֿלעצער אַרום מיר, מ׳צעלויפֿט זיך פֿון אַ — האַפּטשי!

איך נעם־אויס אַ מיידל, און ווי נאָר איך נעם זי אַרום און וויל איר געבן דעם ערשטן קוש, אַהאַ, — האַפּטשי! זי קוקט מיך אָן מיט רחמנות־אויגן:

„מיסטער, — זאָגט זי, — איר טאָרט ניט גיין מיט קיין מיידלעך, איר דאַרפֿט גיין מיט אייער האַפּטשי — גלייך אין בעט אַריין“.

איר זאָגט, אַז מיין נאָז איז שענער פֿון אייערער — דאַנק איך אייך טאַקע פֿאַרן קאָמפּלימענט, אָבער . . . ווען איך האָב אייער נאָז, וואָלט איך — האַפּטשי — זיך געפֿילט אַ סך בעסער און איך וואָלט געקאָנט האַפּטשי׳ען — טאָג און נאַכט . . .

איך פֿאַר אַזוי אַנומעלטן צו דער אַרבעט, די באַן איז געפּאַקט, איינער האַלט אַ צייטונג, אַ צווייטער — אַ זשורנאַל, און איך — איך האַלט זיך מיט דער נאָז . . . נאָר ווי גיך איך דאַרף אַ כאַפּ טאָן דעם הענגער, אַז איך זאָל ניט אומפֿאַלן — האַ־האַ — האַפּטשי!

„מיסטער, — שרייט צו מיר אויס אַ פּאַסאַזשיר, — איר זענט קראַנק, איר טאָרט זיך ניט ווייזן צווישן מענטשן“.

„איך בין קראַנק? — ווער איך אין כעס, — איך האָב בלויז אַ האַפּטשי“.

„געוויס, — זאָגט שוין אַ צווייטער, — מיט אַזאַ פֿאַרקילונג ליגט מען אין בעט, מיט אַ הונדערט און פֿינף פֿיבער . . .“

וואָס? וואָס מיר האָט זיך גע׳האַפּטשי׳ט די נאַכט און גע׳האַפּטשי׳ט יענע נאַכט, זאָל אויסגיין צו אייער — האַפּטשי!

„אמת געגנאַסן, — רופֿט זיך אָפּ אַ יידענע. — אַז הריי זאָגן קראַנק, דאַרפֿט איר, מיסטער, זיך גיין לייגן. און אויב איר וועט ניט וועלן זיך לייגן מיט גוטן, וועט איר זיך לייגן מיט — האַפּטשי . . .

איר הערט, אַלע, וואָס ווינטשן יידן בייז, זאָלן האָבן מיין נאָז און מיין — האַפּטשי. איין דאָקטאָר זאָגט מיר: ס׳איז היי־פֿיבער, אַ צווייטער — ס׳איז סאַינוס, אַ דריטער — ס׳איז גלאַט אַ נאָז, וואָס פֿאַנפֿעט־אונטער, און איך — איך זאָג אייך, ס׳איז — האַ־האַ־האַ — פּטשי . . .

ווער עס האַלט אַ זיידן נאָז־טיכל אין בוזעם־קעשענע, און איך — האַ־האַ־האַ . . .

ווי איז מיר, איך גיי צווישן מענטשן און האָב פֿאַרגעסן נעמען מיט זיך אַ — האַ־האַ־האַ נאָזטיכל . . . האַפּ־טשי, האַפּ־טשי — — — האַפּ . . .

# אַ מלוכה פֿאַר זיך

**(אַ מאָנאָלאָג)**

מ׳זאָגט, אַז וועט קיין מלחמות וועלן מער ניט זיין, וועלן אַלע קליינע מלוכות אויפֿגעריכט ווערן און אַלע פֿעלקער וועלן לעבן בשלום. אויב אַזוי, טראַכט איך, האָב איך דאָך אויך אַ האָפֿענונג.

ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אויך אַ קעניג מיט אַ גאַנצער מלוכה, און אין גלות טאַקע ווי אַ ייד. אוי, בין איך אין גלות! אַ קעניג בין איך אין די בעסטע צייטן — 2 טעג אַ יאָר — צום סדר. אָבער אין גלות — אַלע טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר. און דערצו נאָך דאַרף איך זאָרגן פֿאַר מיינע אונטערטאַנען.

ס׳הייסט, דעם אמת געזאָגט, בין איך גאָר דער אונטערטאַן ביי זיי. איך, ווי אַ קעניג, גיב זיי באַפֿעלן און זיי, ווי אַ פֿאָלק, האָבן מיר אין דר׳ערד . . .

די ערגסטע זאַך פֿאַר אַ קעניג איז אָבער צו האַנדלען מיט די מיניסטאָרן, וואָרים זיי האָבן שוין אַזאַ טבע, זיי שרייבן אָן און איך — מוז אונטערשרייבן, זיי באַשליסן און איך — מוז אַרויפֿלייגן מיין פּעטשאַט . . .

נאָר מיינט ניט, אַז מיין קעניגרייך איז אַזאַ קליינע. לויט מיינע מיניס־טאָרן און לויט מיין קאַבינעט, איז דאָס אַ וואַזשנע מדינה . . .

הערט, אויף טשיקאַוועס, ווי עס אַרבעט מיין רעגירונג:

דער שוועך מיינער איז אַ מיניסטער אָן אַ פּאָרטפֿעל. ער פֿאַרשטייט פּאָליטיקע, גיט עצות, אָבער טאָן עפּעס, זאָגט ער, איז ניט פֿאַר זיינע כוחות.

די שוויגער איז מיניסטער פֿון ווירטשאַפֿט. זי זאָגט, אַז מ׳גרייט ניט אָן פּרייזטיק, האָט מען ניט אויף שבת. גייט זי אַרום מאַנטיק, דינסטיק, מיט־וואָך און דאָנערשטיק, און באַזאָרגט דעם שבת. זי האָט פֿאַרבינדונגען מיט אַלע אויסלענדישע מלוכות, ס׳הייסט מיט אַלע מאַרקעטס. זי קויפֿט און איך — דאַרף לייזן די פּראָבלעם „קעש ענד קערי“ — איך צאָל און איך טראָג.

מיין מאַמע איז אויסלאַנד־מיניסטער. זי זיצט נאָר ביי די שכנים און געפֿינט אויס וואָס עס קאָכט זיך ביי זיי אין די טעפּלעך. דער טאַטע מיינער איז אינערן־מיניסטער. ער זיצט אין הויז, רויכערט די ליולקע און האַלט אין איין שרייען, מ׳זאָל שווייגן, ווייל ער קאָן ניט פֿאַרנעמען קיין טומל.

דער עלטסטער זון מיינער איז אַ דיפּלאָמאַט. ער האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט ווידערשפּראָכן אין אַ ליגן, און מעג ער קומען פֿון אַ פּאָוקער־געים צוויי

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

אַזייגער פּאַרטאָג, באַווייזט ער גלייך זיין ווייבל, אַז ער איז געקומען אין צייט, נאָר דער זייגער גייט שלעכט . . .

מיין עלטערע טעכטערל איז לופט־מיניסטער. זי פליט פון איין דעפּאַרטמענט־סטאָר אין אַ צווייטער. די צווייטע טעכטערל מיינע איז אין פלאַטן־מיניסטעריום. ווען זי נעמט עפּעס מאָן אין קיך שווימט אַלץ אַרום. און די דריטע טעכטערל איז אַרבעט־מיניסטער. זי באַזאָרגט אַלעמען אַרבעט, און אַליין טונקט דאָס ניט איין אַ פינגער אין קאַלט וואַסער . . .

דער צווייטער זון מיינער, דער קלענערער, איז דער אַגריקולטור־מיניסטער. צו וואָס ער נעמט זיך, לייגט ער עס אין דר׳ערד . . . דאָס אייניקל מיינס איז קולטור־ און וויסנשאַפט־מיניסטער. אַלע ביכער פון שראַנק ליגן אַרום אים און ער שרייבט און מאָלט אין די בעסטער ביכער . . .

נאָר אַ שווערע אַרבעט האָט מיין ווייב — זי איז קריגס־מיניסטער. טאָג ווי נאַכט שטייט זי אויפן קאַמפּס־פעלד און מאַנעוורירט מיט איר „קאַטיושקע״־וועלגער־האָלץ . . .

איר הערט, איך בין טאַקע אַ קעניג אין גלות, אָבער אַ מכה ווייסן די אַלע קעניגן ווי אַזוי צו פירן די געשעפטן. זאָלן זיי זיך לערנען ביי מיר.

גלייך אין דער פרי גיי איך מיר אַוועק אין שאַפּ צו דער אַרבעט. פון דער אַרבעט צו אַ מיטינג, פון מיטינג צו אַ לעקציע, און ווען איך קום אין הויז אַריין הער איך אויס אַלע דעקרעטן און זאָג, אַז איך וועל מיך איבערלייגן מיט דעם ביז מאָרגן. און מאָרגן — זאָל ווידער לעבן דער שאַפּ! און ווען מיין באָס זאָל נאָר ניט זיין קיין הונט מיט אויערן, וואָלט איך געזאָגט: אַ כפרה אַלע קעניג־שטולן פאַר אַ שטול אין שאַפּ, מיט מיינע יוניאָן־שוועסטער און ברידער אַרום מיר!

אַנטקעגן וואָס דערצייל איך עס אייך? אָט טאַקע אַנטקעגן דעם: איך האָב דערציילט אין שאַפּ די מעשה צו מיינע מיטאַרבעטער, ווי אַזוי איך בין אַ גאַנצער קעניג אין הויז, איז יעדן אינדערפרי, ווי איך עפן נאָר די טיר פונעם שאַפּ, גיבן שוין די חברה לצים זיך אַ שטעל אויס און ווי אַ גוט־מושטירטע אַרמיי גיבן זיי אַ געשריי ווי איין מאַן: „שטאַיט גלאַד, דער קאַיזער גאַיט!״...

אָט דערפאַר זאָג איך אייך: היינטיקע צייטן, זייט ניט מקנא קיין קאַיזער און קיין קעניג. און ווער ס׳איז זיי מקנא, זאָל האָבן זייער דאָליע און זייער סוף! . . .

# „ביזנעס בעפאָר פּלעזשור"...

## (מאָנאָלאָג)

וואָס קווינקלסטו זיך, יאַלד? דו ווייסט ניט וואָס איך מיין? קום, וואַרעם זיך אָן! . . . איך בין פּריש. איך בין יונג. דו ווייסט דען ניט, וואָס די פינף פינגער מיינען? — „פייף באָקס" . . . פינף דאָלאַר . . . פאַרשטייסט?...

קוק ניט אויף מיר מיט איין אויג! דו וועסט מיך ניט גוט קאָנען אָנקוקן . . . זעסט אַ מיידעלע? אַ מאַדעל, אַ צאַצקעלע, זאָג איך דיר! . . .

נו, און אַז איך בין אַ גאַסן־פרוי, איז וואָס? ווייסטו דען ניט, אַז מיר, גאַסן־פרויען, זיינען די אָרנטלעכסטע אויף דער וועלט? !. . . כאַ־כאַ־כאַ . . . מיר זיינען שטענדיק אָפנהאַרציק און פאַרדעקן ניט אונדזערע זינדיקע מעשים...

און פאַרוואָס בין איך עס זינדיק? ווייל איך פאַרקויף מיין קערפּער? און דו, יאַלד, פאַרקויפסט דען ניט דיינע הענט אין שאָפּ? איך האָב אויך געוואָלט פאַרקויפן די הענט. איך גיי שוין אַרום זוכן אַרבעט מאָנאַטן לאַנג. איין ענטפער — ניטאָ!

די נאַרישע מיידל וואַרפט אויף מיר אירע קעצישע אויגן און קוקט מיט פאַראַכטונג: א י ך האָב איר די מאַזל איבערגעפירט! און זי, דאָס מיידל, פאַרשמירט מיט רויטס אירע טרוקענע בלאַסע ליפּן, פאַרוויסט איר פאַרפינצטערט פנים און מיינט, אַז אָנקל סעם איז איר פעטער . . . כאַ־כאַ־כאַ! . . . נאַרישע מיידלעך! . . . איר האָט דאָך אויך חתונה פאַר אַ „מיל־טיקעט"! . . . האָבן וואָס צו עסן.

און דער דאָקטאָר פאַרקויפט דען ניט זיין נשמה? און דער פּראָפעסאָר האָט דען יאָ אַ ריין געוויסן? און דער שרייבער האָט יאָ אַ קלאָר האַרץ? . . . נו, און דער פאַבריקאַנט, דער באַנקיר און דער געשעפטסמאַן, — זיינען דען אומשולדיקע לעמעלעך? . . . איך פאַרקויף זיך. זיך אַליין. געפעל איך דיר? — פיין! ניט? — גוד־באַי! . . .

איר קענט זיי, די — מיט די הויכע צילינדערס? איך קאָן זיי! פאַרקויפטע נשמות!

קאָנגרעסלייט, סענאַטאָרן, דיפּלאָמאַטן, — מ'האַנדלט מיט געוויסן, ווי מיט בייגל אויפן מאַרק. נשמות פאַרקויפט מען, ווי פעל פון אָפּגעשונדענע אָקסן! . . . אַלץ איז געשעפט! אויף אַלץ איז דאָ אַ מאַרק! קויף, פאַרקויף!... „פינף באָקס", פליס . . . איך בין אַ שרייפל אין דער געשעפטווועלט...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

ניט קיין ראָקעפעלער, ניט קיין פאָרד, אָבער איך בין אויפן מאָדק. איך קאָן נאָך קאָנקורירן . . .

איך בין אַ שיין מיידעלע,
מיין מאַמע רופט מיר מאַלי,
גיב איך איינעם נאָר אַ וואונק —
לויפן מיר נאָך אַלע . . .

איך האָב אַ קליין יינגעלע, זאָגט ער מיר, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער זיין אַ דזשאַדזש. אַ דזשאַדזש, — אַ ריינער, אַ נאָבעלער ריכטער. היינט האָט דער דזשאַדזש מיך באַפרייט צום אַכטצנטן מאָל. איך בין, זאָגט ער, אומשולדיק. אומשולדיק, כאַ־כאַ־כאַ! . . . אומשולדיק און ריין, ווי דער ריכטער אַליין . . .

איך האָב פריער אַביסל געטרונקען און אַ סך געוויינט. אַלעמאָל, ווען איך דערמאָן זיך, ווער איך. אָט שטייט ער מיר פאַר מיינע אויגן. אָט־אַזוי האָט ער אויסגעזען, מיין ערשטער געליבטער: פעד־שוואַרצע האָר; אויגן — ווי צוויי פייערדיקע קוילן. הויך און עלעגאַנט. אין דער לעצטער מלחמה איז ער געווען אַ קאָרפּאָראַל. געקראָגן מעדאַלן פאַר העלדישקייט און — צום סוף — געפאַלן ווי אַ נאַר . . .

זיין גענעראַל האָט מיך איינגעלאָדן צו זיך, מיר איבערגעגעבן די מע־דאַלן פון מיין געליבטן, געגעסן צוזאַמען מיט מיר, געטרונקען און פאַר־בראַכט . . . מער האָט ער מיך ניט געוואָלט זען און . . . אַזוי גיי איך איצט איבער פון האַנט צו האַנט . . .

איר לאַכט פון מיר? איך רעד ניט, ווי שיכור! איך בין ביים קלאָרן פאַרשטאַנד! איך בין אינטעליגענט! איך בין געגאַנגען אין סקול! איך האָב געלערנט! מיין מאַמע האָט געוואָלט פון מיר מאַכן אַ דאָקטאָר . . . איך האָב, אָבער, ליב געהאַט מוזיק. איך קען זינגען. איך זינג לויט נאָטן אויך . . .

ליבסטער מיינער, ליבסטער מיינער,
שטענדיק זיץ איך און טראַכט,
ווען וועט די זון פאַר מיר שיינען
און פאַרשווינדן ס'וועט די פינצטערע נאַכט?

העי, דו, טשיף פאַיקער! פאַרוואָס אַפּלאָדירסטו מיר ניט? איך האָב געאַרבעט אין אַ קאַבאַריי, האָבן מיר יאָ אַלע אַפּלאָדירט . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

איך קאָן אַרבעטן. איך האָב געאַרבעט אין אַ רעסטאָראַן, האָט דער באָס מיך ליב געהאַט, האָט די באַלעבאָסטע מיך אַוועקגעשיקט . . . איך האָב אויך געאַרבעט אַלס בוכהאַלטערין אין אַ שאַפּ, האָט מיך דער פאָרמאַן ליב געהאַט. פע! ער איז געווען אַן אַלטער, מיט אַ פּאָר שטעכיקע וואָנצעס און . . . אַז איך האָב זיך ניט געלאָזט קושן פון אים, האָט ער מיך אַוועקגעשיקט . . . איצט בין איך שוין ניט אַזוי איבערקלייבעריש. איצט לאָז איך זיך שוין . . . קאָם־אָן!... ביזנעס בעפאָר פּלעזשור! . . .

איך בין איצט, — ווי דער ריכטער, ווי דער פּאָליטישן, ווי ראַקעפעלער, ווי פאָרד! אויב האַנדל, איז האַנדל! קאָם־אָן, באָיעס!

פריידיקער, באַנקיר, גלח—קעגן אייך בין איך אויך אַ מלאך!... איר זייט מיינע שטאַרקסטע קאָנקורענטן, כאַ־כאַ־כאַ! . . . קומט, פאַרמעסט זיך מיט מיר דאָ, אויף דער גאַס! . . . אַך, אַ בלוטיקער שפּאַס! . . .

ניט פּריידיקט פאַר מיר מער<br>
אין קלויסטערס און שולן.<br>
אייערע רייד פאַר מיר קלינגען,<br>
ווי אַ הונט וואָלט געבולן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איר האָט מיך אַרומגערינגלט און אַמוזירט זיך מיט מיינע רייד. איך בין געוואָרן אַ פאַרווייַלונג פאַר דער שמוציקער געזעלשאַפט. איינער פאַרווייַלט זיך מיט מיין קערפּער, אַ צווייטער — מיט מיין פּלוידעריי.

איך אָבער פּלוידער ניט. עס רעדט אַרויס פון מיר אַ צעווייטיקט האַרץ, אויף וועלכע איך פאַרגיס מיט שנאַפּס די וואונד, ווי מיט איאָדאַין אויף אַ שניט אין פלייש . . .

איך בין ניט די גאַסן־פרוי — נאָר איר, איר, וועלכע האַלטן די פּאַראַזיטן און דעם אַלפאָנז אין דער געזעלשאַפט . . .

פון אַלפאָנז ביז דעם גאָט־סטראַפּטשע זיינען אַלע שותפים אינעם געשעפט, אַלע ציען חיונה פון מיינע אָדערן . . .

איך וויל ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלייך, גיט מען מיר אַלע מאָל איבער די הענט! . . .

איר לאַכט פון מיר, איר גלויבט מיר ניט? טפו אויף אייך —פּאַסקודנע מענטשן, פאַרקויפטע נשמות! . . .

# אַ קלאָג פון אַ וואַנץ

## (מאָנאָלאָג)

אַלע מיינע שונאים זאָלן געבוירן ווערן וואַנצן. ס'איז דאָך געגוג ביטער אַלע אַנדערע באַשעפענישן אויף גאָט'ס וועלט. אָבער קיינעם איז ניט אַזוי שלעכט ווי אונדז, וואַנצן. אַלע וואַרפן זיך מיט אונדז. אַלע שעמען זיך מיט אונדז. אַלע ווילן פון אונדז פּטור ווערן. אַלע ווילן אונדז פאַרניכטן.

גלויבט מיר, אַז איך שילט דעם טאָג וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אַ וואַנץ. אויב איר מיינט, אַז איך געפין זיך דאָ אויף וואַקאַציע, מאַכט איר אַ טעות. איך וועל אויסגעריסן. איך שלאָף ניט קיין נעכט צו קאָנען האָבן דאָס שטיקל ברויט. היינט ברויט איז דען דאָס? ס'איז דאָך בלוט . . .

נעמט אַפּילו די אָרעמע פליג, אָדער די מאָסקיטע. דאַכט זיך, מ'האָט דאָך זיי אויך ניט צופיל ליב. פאַר זיי טריפט אויך ניט קיין בלוט פון הימל. דאָך וועט איר זיי טרעפן אין גאַנץ פיינע הייזער און אין גערטנער מיט בלומען. זיי כאַפּן זיך אַמאָל אַרויף אויף אַ זיסן טאָרט, אַ חלה, אָדער אַזוי ברויט. זיי קאָנען אַמאָל אַפילו אין דער פיינסטער געזעלשאַפט אויך כאַפּן אַ ביס . . . אַ פּיק טאָן אַ רויטן קאַרק, אַ גריזשע טאָן אַ פעטע ליטקע, אָדער גאָר אַרויפקריכן אין סאַמע אויבן־אָן פון אַ ליסענע. און פון וואָרעמען זיך אַרום אַ לאָמפּ, צי אַ ליכט — איז דאָך אָפּגערעדט. ס'איז אמת, זיי כאַפּן טאַקע אַמאָל אויך אַ שלעכטן אָפּשניט פון די אַרומיקע. נאָר, — ווי זאָגט מען עס, — אַפּילו די האַנט וואָס גיט אַ פּאַטש, כאַפּט אויך אַמאָל אַ פּאַטש. אָבער צו זיין אין מיין לאַגע — ווינטש איך קיינעם ניט.

אַנומעלטן האָב איך געהאַט אַ דירה פאַר עטלעכע מאָנאַטן צייט אין אַ הויז. מעגט איר מיר גלויבן, ווי איר זעט מיר אַ וואַנץ, — אַז איך האָב גאָר זיי נאָך געדאַרפט ברענגען צום עסן. אַזאַ הונגער איז דאָרט געווען. שוין אַזאַ מזל פאַר אונדז וואַנצן, — אַלעמאָל צו ליידן אין די קבצנ'ישע היימען. דאַכט זיך, אַזאַ גרויסע וועלט, מיט אַזויפיל גוטס, אָבער פאַר אונדז איז ניטאָ קיין שטיקל וואַרעם ווינקל. פון וויגל ביזן גריבל דאַרפן מיר קעמפן פאַר אונדזער אָרעם שטיקל ברויט — ביז בלוט . . .

היינט דאָס שילטן, באַליידיקן און סטראַשען? . . .

איך זאָג אייך, דאָס גיט מיר ניט קיין רואיקן טאָג. אַט באַגיסט מען אונדז.

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

אַט צינדט מען אונדז אונטער. אַט נעמט מען אַז אַ ברעקל רחמנות און מ'וואַרפט אונדז אַראָפּ פון אַ פינפטן, צי אַ זעקסטן שטאָק. אַנדערע גיבן גלאַט אַזוי אַ דריק, ווי זיי וואָלטן געווען די באַלעבאַטים פון דער וועלט. מיט איין וואָרט: — איך ווינטש אייך ניט צו זיין אין אונדזער לאַגע!

דערצו די באַליידיקונגען: וואו ערגעץ אַ סקעב, אַ ראַסיסט, באַטיטלט מען אים מיט אונדזער נאָמען — וואַנץ!...

מיט אַ צייט צוריק — איך געדענק שוין באמת ניט ווי אַזוי — צי איך האָב פאַרבלאָנדזשעט, צי מ'האָט מיך סתם אַרויסגעוואָרפן פון איין הויז אין אַ צווייטער, אָבער אַלנפאַלס, איך בין אַריינגעפאַלן צו אַ מיסעס, ניט פאַר קיין וואַנץ געדאַכט, וואָס איז געווען בלויז הויט און ביינער. יעדער טראָפּן בלוט אירער איז געווען וואַסער. כ'האָב געמיינט, אַז דאָ וועלן זיך ממש קאַנטשען מיינע יאָרן. דערצו האָט זי נאָך אַ גאַנצע נאַכט געקרעכצט, געאַויקעט און זיך געוואָרפן, אַז מיר האָט אַזש דאָס האַרץ געריסן... איך זאָג אייך, ווען זי איז אויסגעגאַנגען, האָט זי פרייער אָפּגעאָטעמט... און אַז איך האָב געקוקט אויף איר, בין איך איר מקנא געווען...

בלויז איין שטיקל גוטע צייט האָב איך געהאַט אין מיין לעבן. צופעליק האָב איך זיך אַמאָל אַריינגעכאַפּט אין אַן אַלטער בעט. און איידער איך האָב צייט געהאַט זיך אַרויסצוקלייבן פון דעם, האָט מיך אַן אַנטיקן־סוחר אָפּגעקויפט צוזאַמען מיט דער בעט... פון אָנפאַנג האָב איך אַפילו געמיינט, אַז ס'האָט מיך גאָר אַ גליק געטראָפן. אינגיכן האָב איך אָבער אויסגעפונען, אַז ער פאַרזעצט מיר אינגאַנצן און מיך געלאָזן אויף גאָט'ס באַראָט. איך זאָג אייך, ווען ניט אַ צופאַל, וואָלט איר מיך שוין איצט ניט אָנגעזען...

אין אַ שיינעם טאָג קומט צום סוחר אַריין אַ דאַמע, באַהאָנגען מיט דימענטן און פערל. אונטער איר מאַרדע זיינען געווען זעקס טרעפּ. די היפטן, דער בוזעם, די אַרעמס און אַרום און אַרום — איז געווען אַזוי זאַפטיק, אַז מיר האָט אַזש גערונען די סלינע פון מויל. אַ מיליאָן וואַנצן האָבן געקענט האָבן וואָס צו עסן און נאָך לאָזן אַ ירושה פאַר קינדס־קינדער...

די דאַמע האָט געשמועסט אַרומזוכנדיק, אַרומקריכנדיק, ביז איר אויג איז געפאַלן אויף מיין בעט... „אָט דעם אַנטיק", — זאָגט זי, — „וויל איך האָבן".

איך דאַרף אייך מסתמא ניט דערציילן ווי גליקלעך איך האָב זיך דאַן געפילט. ענדלעך, — טראַכט איך ביי זיך, — וועל איך כאָטש האָבן אויף עט־

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

לעבּע יאָרן אַ שטיקל רואיקע היים, אַ זאַטן מאַלצייט צו עסן און צוריק איינ־שטעלן מיין בלוט־דרוק...

און וואָס זאָל איך אייך דערציילן? ניט אומזיסט זאָגט מען ביי די מענטשן: — „דאָס העמד צו פאַרקויפן, אַבּי אַ גבּיר צו זיין"...

גלייך פון דער ערשטער נאַכט, וואָס איך האָב פאַרבּראַכט מיט יענער דאַמע, האָב איך געעפנט מיינע אויגן. איך וועל יענע נאַכט ניט פאַרגעסן מיין גאַנצן לעבּן. — איך האָב איר דעמאָלט אויסגעקושט יעדעס גליד... זי אַליין האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געוואָרפן אויף אַלע זייטן און יעדעס מאָל מיר געגעבּן אַ פרישן פלאַץ...

אָבּער איר ווייסט דאָך, — אַ שלים־מזל'ניק איז ניט באַשערט קיין גוטס. אין פרימאָרגן, זי כאַפּט זיך אויף... בין איך געוואָרן פאַרציטערט. האָט זי זיך דאָס אַ כאַפּ אַרויף געטאָן אויף דער דינסט, האָט זי דאָס פון איר געריסן שטיקער, האָט זי איר גענומען צאַפּן בלוט, — איך זאָג אייך, אַז מיר, וואַנצן, וואָלטן זיך געדאַרפט גיין לערנען ביי איר, — ביי דער אַלרייטעניצע...

וואָס איז געווען איר געשריי? הערט נאָר אויף צעקאַוועסט:

— פאַרוואָס, — שרייט זי צו איר, — האָסטו ניט גוט אויסגעוואַשן די פאַסקודנע וואַנצן פונעם בעט? זיי וועלן מיר דאָך פאַרשטינקען די הויז!

איר פאַרשטייט דאָך, אין אַ פרעמד הויז קען מען ניט האָבּן קיין גרויס מויל. אָבּער געפּילט האָב איך איר אַזוי צו זאָגן:

זידל זיך ניט אַזוי, דו פאַסקודנע מאַדאַם. ווען מיר, וואַנצן, וואָלטן געהאַט דיינע וואַנעס, דיינע זייפן, דיינע דינסטן, דיינע פּוידערס און דיינע פאַרפיומען, וואָלטן מיר געשמעקט אַביסל בעסער פון דיר!... אויב מיר זיינען וואַנצן, — איז עס בלויז איבּער אייך. אין אַן אַנדער אַטמאָספערע וואָלטן מיר אפשר געווען פייגעלעך, בינען, אָדער גאָר טייבּעלעך. מיר וואָלטן זיכער ניט געדאַרפט זיין דאָס וואָס מיר זיינען... צוליבּ אייך, הערן און דאַמען, וועלכע פאַר־שטינקען די וועלט, מוזן מיר זיין וואַנצן און ליידן...

נאָר גיי טו, מאַד, אַז דו געפינסט זיך אין אַ געדריקטער לאַגע. האָב איך טאַקע געמוזט שווייגן און זי האָט געבּאַלעבּאַטעוועט. אַ גליק וואָס איך האָב זיך דאַן געראַטעוועט אין אַ שפּאַלט פון אַ טיש...

אָבּער ווידער די אייגענע מעשה. אין אַ צייט שפּעטער דערהער איך מיט אַמאָל גאָר אַ שטאַרקן קלאַפּ איבּערן טיש. אַז אמת'ער דונער! איך זאָג אייך, איך בין דעמאָלט פון שרעק שיר אַרונטערגעפאַלן אין טיפן, האַריקן קאַרפּעט,

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

און ווער ווייסט וואו איך וואָלט ערגעץ צעטראָטן געוואָרן פון אַ שווערן מענטשלעכן פוס. און דאָ הערט זיך ווידער דער מאַהאַמ׳ס געשריי:

— גיי שוין, שרייט זי צו דער דינסט, — און רייניק מיר אויס די וואַנצן פון הויז, אַחער פאַרנעם זיך פון דאַנען! . . .

זע איך דאָך שוין, אַז עס האַנדלט זיך צווישן מיר און דער דינסט. איך — הייסט עס, אָדער זי — די אָרעמע דינסט.

מילא, וואָס זאָל איך איך זאָגן, איידער די דינסט איז צוגעקומען מיט דעם זודיקן וואַסער, האָב איך ווידער גענומען מיין אָרימען פּעקל און זיך ווידער געלאָזט גיין איבער דער וועלט.

גאַנצענע טעג האָב איך געגעכטיקט אין אַ פאַלד פון אַ קלייד און דורך די נעכט זיך געשלעפּט אויף ווייטערע וועגן. ביז איך בין ענדלעך אָנגעקומען ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין קעלער לעבן דעם סטים־אויוון, דאָרט וואו די אָרעמע דינסט שלאָפט.

זעט אויס, אַז צווישן די אָרעמע איז פאַרט פאַראַן מער רחמנות. זיי פילן און ווייסן, צו וואָס די נויט קען אייגעם טרייבן. און אויב די אָרעמע באַקלאָגן זיך אויך אַמאָל אויף אונדז, וואַנצן, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס זיי זשאַלעווען אונדז, חלילה, דאָס ביסל בלוט, כ׳מיין . . . דאָס ביסל עסן, — פּשוט איינפאַך דערפאַר, וואָס זיי אַליין האָבן עס נעבעך אויך ניט. מ׳צאַפּט זיי דאָס בלוט פון אַלע זייטן . . .

דעריבער זאָג איך: אַ קבצן זאָל מען בעסער ניט געבוירן ווערן. ספּעציעל ווער שמועסט נאָך אַריינצופאַלן אין אַ בלוט־זויגערישער וועלט, וואו מיר, קליינע וואַנצן זיינען ווי גאָרניט קעגן זיי, די גרויסע בלוט־זויגער . . .

הכלל, ווער ס׳איז מיך מקנא, זאָל אַליין זיין אַ וואַנץ! . . .

# אַ יידישע קישקע

## (מאָנאָלאָג)

ווי איך זע, איז מיט אייך פונקט ווי מיט מיין ווייב, — אַ גאַנצן טאָג האַלט זי אין איין קאָכן, נאָר ווי ס'קומט צום עסן — פאַרלירט זי דעם אַפּעטיט.

איר האַלט אין איין שטודירן דעם „ביל־אָוו־פער", ווי דאָס וואָלט זיין אַ מאַפּע, צום סוף — לאָזט זיך אויס אַ סענדוויטש מיט אַ קאַווע.

זעט איר, איך האָב פיינט צו קוקן אין דער מאַפּע... איך עס אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אין אַ טאָפּ אָדער אַ טעלער, אַבי ס'איז נאָר יידיש עסן: ס'הייסט, איך מיין ניט, חלילה, אַז ס'מוז זיין געזאַלצן און געוויקט כדת מלכה־באַשקע, אָבער... איר פאַרשטייט, אַ יידיש מאכל...

דעם אמת געזאָגט, זיינען אפילו די מאכלים פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אויך ניט שלעכט. ווי צום ביישפּיל: אַ רומעניש קאַרניצל, אַ אונגאַרישער גולאַש, אַ רוסישער באָרשטש, אַ כינעזישער טשאַו־מיין, אָדער אַפילו איטאַליענישע ספּאַגעטי... נאָר וואָס דען? איך מעג מיר האָבן אָפּגעגעסן דריי טעלער באָרשטש, אַ טוץ קנישעס מיט אַ דאָבל־פּאָרציע גולאַש, דערצו נאָך אָראָפּשלינגען אַ שפּאַנישן האָמלעט מיט אַ גריכישן סאַלאַט, נאָר אויב איך דערזע נאָך אַ שטיקל יידישע פיש, ספּעציעל נאָך געפילטע מיט פענעצלעך מערן און פאַרקילטער יויך, — מוז איך גלייך מאַכן פּלאַץ פאַר דעם, אַפילו ווען דער מאָגן זאָל, חלילה, צעפּלאַצט ווערן.

איך וועל אייך זאָגן נאָך מער: טאָקע צוליב דעם אַליין האָב איך ליב דער מאַמעס עסן. די גאַנצע מעשה — יענע וועלט, גן־עדן, דאָס גיב איך אייך אַוועק פאַר אַ שטיקל רעטאַך. אָבער ס'יידישע עסן, די יידישע יום־טובים — אַ־אַ!

איר הערט, איך בין ניט פון די מענטשן, וואָס לויפן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אין שול אַריין צו קלאַפּן זיך אין האַרצן. אָבער אַ יידיש האַרץ האָב איך. און אַ יום־טוב האָב איך ליב, ווי אַ מערן־צימעס...

טאָקע נו, גיט אַליין אַ טראַכט, וועלכן פּאָלק אויף דער וועלט וואָלט דאָס איינגעפאַלן? נעמט, צום ביישפּיל, פּורים. דאַכט זיך טרויעריק, מ'זויל די יידן פאַרניכטן, זיי אָפּווישן פון דער וועלט. אָבער די מעשה ענדיקט זיך

פּאָרט מיט המן־טאַשן, מיט קרעפּלעך און מיט אַביסל גוטע משקה. גלויבט מיר, אַז דער אומגליק האָט זיך אויסגעלאָזט אַ גליק . . . אָדער נעמט פּסח. ווידער צרות, אומגליקן. מ׳יאָגט די יידן ביי דער אַרבעט. מ׳יאָגט זיי אין ים אַריין. דער סוף איז פונדעסטוועגן — מצות, כוסות, נים, כרעמזלעך, פיש . . . איך זאָג אייך, הלוואי זאָל מען פון אַלע צרות מאַכן יום־טוב. איר שפּילט זיך עפּעס מיט פּסח? מ׳עסט אָפּ אַ וואָך — כאָטש צעפּלאַצט צו ווערן.

און שבועות גייט דען ביי אייך צו פּיס?

אַזוי, דאַכט זיך, איז עס עפּעס אַ יום־טוב׳ל, ניט מיר, ניט דיר. וואָס איז? גאָט האָט די יידן אַ סטראָשע געטאָן מיט אַ באַרג. איז ביז היינט צו טאָג קייקלט זיך אונדז פון באַרג אין מויל אַריין בלינצעס, קרעפּלעך און וואָס ניט?! איך זאָג אייך, אַזעלכע בערג מעגן ליגן אויף אונדז דריי מאָל אַ טאָג! . . .

היינט, אַז עס קומט חנוכה, — פאַרשמעקט דאָך די גאַס. איר ווייסט דען וואָס עס מיינט אָנצינדן אַ ליכטל? אָבער דאָס ליכטל איז דאָך גאָרניט. די הויפּט־זאַך איז: אַלע טאָג איז אַ מצוה שפּילן קאָרטן און עסן פרישע לאַטקעס. לאַטקעס אויף געדזשענע שמאַלץ, און לאַטקעס מיט גריוון. גלויבט מיר, ווען איך קען, האַלט איך אַז חנוכה צוויי און פופציק וואָכן אין יאָר — מיט אַ איבער־יאָר . . .

און, וואָס הערט זיך מיט ראש־השנה? מיט יום־כיפור? מיט סוכות? שמיני־עצרת? קיילעכדיקע חלות. חלות — ווי לייטערס! די בעסטע עוף, בעסטע צימעסן און געשמאַקסטע קוגלען . . . וואָס, איר מיינט, עס לוינט זיך ניט צו פאַסטן יום־כיפור? איר מאַכט אַ טעות! צוליב וואָס, מיינט איר, פאַסט מען דען? כדי פריער זאָל מען קאָנען גוט פאַרפאַסטן און ערשט אויף מאָרגן — גוטמאַכן דאָבל־פאַרציע . . . און וואָס מיינט איר איז דען שמחת־תורה? מ׳עסט און מ׳טרינקט, ווייל מ׳ענדיקט די תורה! און צוואָוואָס, מיינט איר, פאַנגט מען זי גלייך ווידער ווידער אָן? טאָקע כדי מ׳זאָל איבעראַיאָר ווידער קענען עסן און טרינקען! . . .

איצט פאַרגעסט ניט סתם יידישע דינים און מצות, פון וועלכע עס צע־גייט אייך פּשוט פון זיי אין אַלע גלידער, — פון האַלדז ביז אין מאָגן . . . אַ חתונה, אַ ברית, אַ בר־מצוה, אַ יאָרצייט, אַ קדיש, הבדלה . . . מיט איין וואָרט: גוט יום־טוב, עס, טרינק און לאָזט זיך וואוילגיין! . . .

איך זאָג אייך, אַ מענטש מוז האָבן אַ גלויבן, און אַז מיר רעדן שוין יאָ

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

ווען גלויבן, איז ווייזט־זשע מיר, ווער נאָך אין דער וועלט האָט א גאָט, וואָס זאָל זיין אַזאַ בריה, אַ סאַרוועה, ווי דער יידישער גאָט און באַזאָרגן אַלע יום־טובים מיט עסן? . . .

אייך איז אַ וואונדער, פאַרוואָס עס זיינען פאַראַן אַזויפיל מיליאָנען הונ־געריקע מענטשן אויף דער וועלט? פּשוט! זיי האַלטן ניט פון יום־טוב, טאָ האָט מיר אַ גוטן יום־טוב און עסט געזונט, וועט איר לאַנג לעבן!

# משלים

## דער סוף — איז אַ ביטערע שטראָף...

אַ הויכער באַרג מיט אַ פאַרשפּיצטן קופּאָל,
איז געשטאַנען ניט ווייט פון אַ געפאַלענעם טאָל.
זיך געבלאָזן ווי אַן „אַלראַיטניק" מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ,
און מיט חוזק געקוקט פון אויבן אַראָפּ...

איז געפאַלן אַ רעגן, האָט ניט געאַרט דאָס דעם באַרג.
געגעבן אַ בלאָז, און אַלץ איז אַראָפּ פון זיין קאַרק.
דערלאַנגט אַ באַק זיך אויף זון, און טרוקן שוין גלייך,
נאָר אין טאָל איז געשטאַנען אַ בלאָטיקער טייך...

האָט מען געדאַרפט ערגעץ האָבן צו בויען אַ היים,
איז מען געקומען צו גראָבן אין גריבער דעם ליים.
אַזוי אויך מיט זאַמד, שטיינער, צי ערד —
דעם וועג צום טאָל האָט געוואוסט יעדער פערד...

אַזוי האָט מען געגראָבן, געריסן שטיקער פון טאָל
און דער באַרג האָט געגרויסט זיך, ער וואַקסט מער וואָס אַמאָל.
נאָר פּלוצלינג האָט אַ שטורעם דערלאַנגט אים אַ ריס,
ניט געקאָנט האָט דער באַרג מער שטיין אויף די פיס...

עס זיינען צעפאַלן זיך שטיקער אין צעמאָלענם שטיין.
די „גרויסקייט" פאַרלאָרן, און צעשמעטערט די קרוין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך דערצייל אַט די מעשה פון דעם באַרג און זיין סוף —
ווייל אָפּט אויך מלכות קריגן צום סוף אַזאַ שטראָף!...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

### ער זוכט אַ פּאַווע . . .

ווי נאָר דער וואָלף האָט זיך פֿאַר׳גנב׳עט אין שטייג,
וואו די הינער זיינען שוין רואיק געשלאָפֿן,
האָבן זיי גלייך געפּילט אַז אַ מערדער איז דאָ,
אַז ס׳האָט זיי אַן אומגליק געטראָפֿן . . .

זיי האָבן גענומען לויפֿן, קוואָקען און שרייען,
ווי עס איז דער שטייגער ביי הינער.
אפשר וועט קומען ווער ראַטעווען זיי, —
זייער באַלעבאָס, די געטרייע באַדינער.

אַ ווײַלע איז דער וואָלף געבליבן ווי צעשראָקן,
און גלייך זיי פֿאַרזיכערט: ס׳איז ניט קיין אַבלאַווע.
ער איז נאָר געקומען צו אונטערזוכן ביי זיי —
צי עס געפינט זיך, חלילה, ביי זיי ניט קיין פּאַווע . . .

נאָר געכאַפּט גלייך אַ הינדל אין זיינע גיפּטיקע ציינער,
און געוואָרנט זיי אַלע, זיי זאָלן דאָס וויסן:
דאָס איז אַ פּאַווע, וואָס האָט פֿאַרשטעלט זיך —
און געכאַפּט גלייך אַ צווייטע, און אויך זי צעריסן . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

אָפּט האַנדלען אימפּעריאַליסטן אַזוי ווי די וועלף,
זיי קומען אין אַ לאַנד כלומרשט עפּעס אויסצוקוקן.
נאָר איידער וואָס-ווען, צעברענט זיך אַ פֿייער —
„אַ שמוציקע מלחמה״ הויבט אָן מענטשן פֿאַרצוקן! . . .

## דער העלפאַנד און דער אייזל

ס׳האָט באַגעגנט דער העלפאַנד אַן אייזל אין „זו״,
גיט ער חוצפה־דיק אַ זאָג אים: הער זיך נאָר צו.
דו, נאַרישער אייזל, מיטן פוסטן קאָפּ,
איך וויל דיך ניט אָנקוקן — און גיכער טרעט אָפּ.

דו זעסט מיין פוס, מיין טראָט, מיין שטעל ? —
ניט פּרואוו זיך חכמה׳נען איבער מיין נאָז און פעל.
ווען עמיצער רייצט זיך, טרייבט אַריין מיך אין כעס —
זיין סוף קאָן זיין טרויעריק, איך מאַך ניט קיין שפּאַס.

צווישן מיינס גלייכן בין איך איידל און גוט,
נאָר וויל ווער זיך פאַרמעסטן, גיי איך ביז בלוט.
איך שטער ניט דעם טיגער צו נעמען אַ שעפּס,
דער שאַרק קאָן זיך לעבן אויף פיש און „קרעבס״.

אַפילו אַ טכויר מעג זיך כאַפּן אַ קאַטשקע, אַ הון,
מיך אַרט ניט אַפילו אַ וואָלף זאָל לעבן דערפון.
אָבער איך פאָדער רעספּעקט פון אייזל, ווי פון האָז,
און ניט הירזשען מיט חוזק פון מיין פאַררעסענעם נאָז . . .
— — — — — — — — — — — — — — —

האָט זיך דער אייזל צעהירזשעט, אים אויסגעלאַכט שטאַרק:
דו גרויסע בהמה, איך לאַך פון דיין קאַרק.
איך האָב גרויסע אויערן און אַ גוטן געהער,
איך קען יעדע חיה, און ווייס ווער איז ווער.

האָסט אַ גרויסע נאָז, מיט אומגעלומפּערטע שיך,
נאָר איך, דער אייזל — האָב אויך שכל פאַר זיך . . .
מיר זיינען דאָ גלייכע יחסנים — איך — ווי דו,
איך בין דיין לאַנג־יאָריקער שכן — אין דעם זעלביקן „זו״! . . .

## די הון און דער האָן

צע׳טענה׳ט זיך אַ הינדעלע,
הינטער דראָט און טויער:
מ׳גיט אונדז עסן, וואַסער, לופט,
נאָר אַלץ — פאַר לייגן אייער...

מ׳קוקט אונדז אויף די קעמעלעך,
מ׳וואַרפט אונדז שפּייז צום נאַשן...
מ׳מאַכט אונדז ליכטיק, שוין גאַנץ פרי,
וואָס מער אונדז אויסצופּאַשען...

נאָר ווילן — ווילן זיי אייעלעך,
אַ סך — אין צאָל באַווייזן.
און טאָקע פון די גרעסערע,
ס׳איז בעסער פאַר די פּרייזן...

און קוואָקעט וואו אַ הון אין שטייג,
העלפט איר ניט קיין „ביטע״...
לייגן מיר קיין אייער ניט —
פירט מען צו דער שחיטה...

און וואו אַ מענטש ס׳באַגייט אַ זינד,
פאַרדרייט זיך אין אַ צרה,
כאַפּט מען גלייך אַ הון, אַ האָן,
מיר זיינען די כפּרה...

— — — — — — — — — — — —

אַזוי איז מיט אַלע „שיינע באַלעבאַטים״,
קרייט דער האָן אום אויף זיין קרייער;
פאַר דעם ביסל דריבנע קערנדלעך...
לייגן זיי — „גאָלדענע אייער״...

## דאָס צעפּוילטע מוז פאַלן!

אַ געלע, צעפּוילטע בלאַט,
אַן קאָליר און אַן טעם,
האָט זיך אָפּגעריסן פון איר שטאַם
און זיך געלאָזט לויפן מיטן ווינט
איבער גאַס און שאָסעי,
מיט אַ געשריי:
איר זעט ווי איך פלי און שטייג!
נאָך העכער פון מיין צווייג,
און העכער פון מיין בוים.
ענדלעך האָב איך רוים.
עס יאָגן מיך באַן, עראָפּלאַן און ווינט.
און איך — ווי אַ קינד
לויף פאָראויס, און לאָך זיך אויס.

נאָר פּלוצלונג, ביי אַ ראָג,
האָט דער ווינט געגעבן אַ פאַרטראָג,
דאָס בלעטל האָט דערלאַנגט אַ פאַל,
און זיך צוגעקייקלט צו אַ שטאַל.

— — — — — — — — — — — — — —

דער עראָפּלאַן, די באַן און דער ווינט
זיינען ווייטער געפלויגן — געשווינד.
נאָר דאָס בלעטל, געל און פאַרוויסט,
האָט זיך באַגראָבן אין מיסט!

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## צוויי שיך צע׳טענה׳ן זיך...

צוויי שיך
האָבן צע׳טענה׳ט זיך,
מיט אַ סקריפּע אין זייער קול.
און מיט אַמאָל
האָט איינער פון זיי
דערלאַנגט די נאָז אַ דריי:
אַז סך-הכל זיינען מיר ניט קיין פּאָר,
גאָרניט ענלעך אַפילו אַ האָר.

ווען דיין נאָז קוקט אַהין,
קוק איך גאָר אַהער.
און נאָך מער —
מיר גייען אַפילו ניט גלייך.

און וואָס שייך
גיין צוזאַמען זייט ביי זייט,
איז גאַנץ ווייט.
(און אפשר גאָר אַ גליק).
ווען איינער גייט פאָראויס,
בלייבט דער צווייטער צוריק.

— — — — — — — — — — — —

אין די רייוד האָט
דער מענטש געמאַכט אַ טראָט.
און באַוויזן אין זיין שפּאַן
אַ פאַראייניקטן פּלאַן!...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

### אַ קלײַזחומר פון צוויי בוימער

גרויסט אַ פּאַלמע זיך אין גאָרטן,
קוקט צום בוים פון אַפּעלסינען:
אויב מ׳קומט דאָ הנאה האָבן,
האָט מען זיכער מ י ך אינזינען . . .

ווייל אַלע קוקן אויף מיין הויכקייט,
מען דערזעט מיך שוין פון ווייטן.
נאָר ווער וועט זען אַט יענעם בוים —
מיט זיינע זיסע זויערקייטן ? . . .

זעט מיינע צעפּלעך און מיין טאַליע,
נאָר אַ פּאַלמע קאָן דאָס פאַרמאָגן . . .
ווען איינער האָט אַ שיינע מיידל, —
„איך האָב אַ פּאַלמע", הערט מען זאָגן . . .

אין די רייד קומט אָן אַ פּאָרל,
זיי ווייסן ניט דער פּאַלמעס גליקן . . .
רייסן אָן זיך אַפּעלסינען —
אוןביידע נעמען זיך דערקוויקן . . .

דאָס קליינע בוימל האָט אויפגעשיינט,
ווען דאָס פּאָרל האָט אַ זאָג געגעבן:
אָט שטייט אַ פּאַלמע אַ פּוסט־און־פּאַסניק,
און דאָ אַ קליינס — גיט זאַפט דעם לעבן! . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

### די פליג און דער פייער

ווי נאָר דער לאָמפּ צעלייכט זיך,
מאַכט אַרום זיך וואָרעם —
רינגלט אים אַרום אַן אָרעם . . .
פון פליגן, מאָסקיטאָס, אינזעקטן,
(ניט, חלילה צוליב ליכט-עפעקטן).
נאָר זיי ווילן בויען אַ וואָרעמע נעסט . . .
צו פאַבריצירן באַצילן און פעסט.

גיט דער לאָמפּ נאָר אַ שיין,
נעמען זיי טאַנצן אַ קאַראַהאָד,
מיט הנאה — ווי פון אַ באָד . . .
טאַנצן אַרויס — און אַריין . . .

נאָר ווען אינמיטן פון טאַנץ
גיט זיך די מאָסקיטאָ
אַ ברי איר צינגל . . .
און די פליג — אירע פליגל . . .
גיבן זיי זיך אַ דריי, אַ זשומע,
קאָקעטיש מיט גלאַנץ,
זינגען אויס אַ ליד אַ שטומע
און פּרובירן ווידער דעם טאַנץ.

דער סוף? — גלאַט גייט ניט אָפּ,
זיי גיבן אַ ברען זיך —
און פאַלן אַראָפּ! . . .

— — — — — — — — — — — — —

אויך מיט מענטשן פּאַסירט אָפט אַזוי;
האָבן ליב זיך צו געבן אַ דריי
אַרום אַ פרעמדן פייער —
און באַצאָלן גאַנץ טייער . . .

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

### דאָס בוך און די שווערד

אויפֿן וואַנט אין מוזיי האָט אַ שווערד
געגלאַנצט מיט איר ווערט,
האָט זי מיט אַ חוצפּה'דיקן געדאַנק
זיך צעלאַכט פֿון דעם שראַנק,
וואו ס'איז געשטאַנען בוך אויף בוך
און פּאַרפּירט מיט זיי אַ וויכוח.
די שווערד — פּראָסט, אָן מאַנירן,
האָט גענומען וואַרפֿן פֿראַזן,
גלאַנציק קאָקעטירן . . .

אַז ניט נאָר קאָן זי שנײַדן פּאַפּיר,
נאָר בײַכער און העלדזער אָן אַ שיעור . . .

און גערעדט האָט זי מיט היץ,
ווי איר שפּיץ —
קאָן דערגרײַכן
אַלע הויכן . . .

אינמיטן פֿון וויכוח,
איז געקומען אַ לייענער נאָך אַ בוך.
ער האָט אָנגעשפּאַרט זײַן האַנט
אויפֿן וואַנט
(ניט, חלילה, צוליב שפּיצלעך).
איז אַראָפּגעפֿאַלן די שווערד,
אויף דער ערד,
און זיך צעבראָכן אויף פּיצלעך . . .

די ביכער פֿון דער ווײַטן,
האָבן זיך געהאַלטן בײַ די זײַטן . . .

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

### צוויי קעץ און אַ הונט...

ביי אַ מיסט־פּעסל
האָבן צוויי קעץ זיך געריסן,
וויזט אויס צוליב אַ גוטן ביסן...
אָדער אַ פעטן ביין...
האָט איינע מיט די נעגל,
די צווייטע מיט די ציין,
זיך געקאָכט ווי אין אַ קעסל —
צו כאַפּן דעם ביסן אליין...

נאָר, ווי פון העלער הויט,
האָט אַ הונט זיך באַוויזן —
און די צוויי „ריזן"
זיינען געבליבן שטיין;
וואָס מיר פלייש,
וואָס מיר ביין?
ס׳האָט דער הונט אַרויסגעריסן
פון מויל דעם ביסן!...

### דער רויב־פויגל ווינקט מיט אַן אויגל...

דער באַוואוסטער פויגל, באַקאַנט מיטן נאָמען „שפּאַרבער",
אַ געשיקטער פּאַראַזיט, וואָס לעבט נאָר אויף רויב,
האָט דערזען פון ווייט: אויף אַ צווייג איז געשטאַנען
און האָט רואיק געוואָרקעט אַ שניי־ווייסע טויב.

טייבעלע מיינס, דו דאַרפסט זיך ניט שרעקן,
וואָס עס לויערט אויף דיר אַ מענטש מיט אַ קויל.
איך בין דאָך געקומען טאַקע דיך צו באַשיצן,
זאָלסט, חלילה, ניט אַריינפאַלן צו אים אין זיין מויל...

איך בין גרייט צו פליען, אפילו אויף דיין צווייג,
און שטיין מיט מיין שנאָבל נאָענט אויף וואַך.
כ׳בין באַוואוסט דאָ אין וואַלד ווי אַ געטרייער באַשיצער —
און אַזעלכע ווי איך, ניטאָ איז קיין סך...

די פויגל און טויבן פון אַרום אויף די צווייגן
האָבן גיך זיך פאַרשטאַנען: דאָס איז אונדזער פיינט!
זיי האָבן צעעפנט די פליגל, גענומען צעפליען:
באַשיצט זאָל מען ווערן פון אַזעלכענע „פריינט"...

## דער שטורעם־טאַנץ

אַ קאַלטע כוואַליע איז געלאָפן,
מיט אַ הייסער — זיך געטראָפן.
גענומען דרייען וויכער־קראַנצן
און געלאָזט אין וועג זיך טאַנצן...

איבער פעלדער, איבער הייזער,
דער ווינט געוואָרן איז זייער ווייזער...
וואו אַ דאַך און וואו אַ קוימען,
אין די קלייטן, אין די היימען,

איבעראַל זיך ווילד צעבריקעט,
מיט אַ פייף, געלאַכט, כיכיקעט —
האָט גענומען אַלץ צעפאַלן:
טויערן, פלויטן, שייערן, שטאַלן.

ביז דער ווינט האָט זיך פאַרמאַטערט,
איז שוין געווען אַ סך צעפּאַטערט.
אין שטאָט און שטעטל אַ ים מיט שאָדן,
צווישן הייזער, אינעם באָדן.

— — — — — — — — — — — —

דאָך מיט חושך, קומט אויף שטראַלן —
וואָס צעפוילט — איז איינגעפאַלן!...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

### פריי ווי אַ פויגל...

שטייט אַ פויגל אויפן דאַך פון עראָפּלאַן,
קוקט צו ווי אַ מאַן די רעדער שמירט,
אַ צווייטער — אַ טאַנק גאַזאָלין פירט,
אַ דריטער — גרייט צו פּאַראַשוטן.
יאָ, און די פּאַסן זיך צו האַלטן שטייף
און אַ סירענע פּאַר אַ פייף —
זיך צו היטן פאַר דעם „ניט גוטן”...
פון פּאָרנט שטייט און אַרבעט אַ מאַשין,
מיט אַ מענטשן אין דערין, און אַ צווייטער היט
יעדן ריר, יעדן שריט,
ווען עס נעמען אַרבעטן די מאָטאָרן.
מ׳היט זיך פאַר אַ פונק, אַ ברען,
ווייל אַן אומגליק קאָן געשען
אין סאַמע מיטן פאָרן...
נאָכדעם לאָזט מען גלייך צו ווּיסן,
אויל אָנגיסן און צעלייגן דעם באַגאַזש
אין דעם אונטערשטן עטאַזש.
און אַלע זייגערס אויספּרובירן,
ווייל, חלילה, עפּעס אַ האָר,
מיט קאָמפּאַס, מיט ראַדאַר,
קאָן צו אַן אומגליק פירן...
צעזינגט זיך דער פויגל אויפן דאַך,
און גיט מיט אַ פליגל אַ מאַך, דער מענטש אַ בריה,
אַן טומל, טאַראַראַם היסטעריע —
קאָן ער זיך ניט רירן, ניט פאָרן.
און איך אַן אַ קאָמפּאַס, אַן געפּעק,
וואו איך דאַרף — פלי איך אַוועק,
און שלעפּ ניט מיט קיין מאָטאָרן...
ער גיט אַ דריי מיטן שנאָבל, אַ וואונק מיטן אויגל,
דער מענטש דאַרף זיך נאָך לערנען — זיין פריי ווי אַ פויגל...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

### די גאַנדז און די הון

ס׳האָט זיך צע׳טענה׳ט אַ גאַנדז מיט איר שכנה, אַ הון,
ביים טרעפן זיך אין גאָרטן, הינטער אַ דראָטענעם טויער:
מ׳קאָרמעט אייך הינער מיט קאָרן, וואַסער און לופט,
און אַלץ פאַר איין צוועק — פאַר לייגן זיי אייער...

מ׳קוקט אייך אויפן קאַם, אין די אויגן, אויפן שנאָבל,
מ׳מישט פאַרשיידנס אין שפּייז, מ׳גיט אייך צו נאַשן.
מ׳מאַכט אייך ליכטיק גאַנץ פרי, מ׳פאַרגרעסערט דעם טאָג,
זיי ווילן אייך וואָס מער שווער-וואָגיק אויספּאַשען...

נאָר וואָס זיינען זיי אויסן — מער „גאָלדענע אייער",
זיי זאָלן זיין גרעסער און אין צאָל דאָס באַוויזן.
ווייל גרעסערע אייער, און מער אין קאַסטן —
מיינט גרעסערע פּראָפיטן, אַלץ העכערע פּרייזן.

אָבער אונדז, גענדז, באַהאַנדלט מען גאַנץ אַנדערש,
מ׳האַלט אונדז אין וואוילטיק, עסן דאָס בעסטע —
כאָטש ס׳איז אונדז ניט פאַרשטענדלעך זייער נאַרישער שכל:
פאַרוואָס זאָלן מיר ווערן די פעטסטע, די גרעסטע?

די הון האָט זיך צעקוואָקעט: — וואָס איז דאָ צו פאַרשטיין?
אונדזער סוף וועט זיין איינער פון די זעלביקע שררות.
בלויז דיך דאַרף מען אויף חנוכה האָבן,
און מיך — אויף יום-כפור — צו שלאָגן כפּרות...

— — — — — — — — — — — — — — — —

גאַנץ אָפט ווערן מענטשן אַזוי באַהאַנדלט ווי עופות,
וואָס ווערן פון די הערשער צעמאָלן און צעריבן.
מ׳צינדט-אָן מלחמות, מ׳נוצט פאַר קאַנאָנען-פלייש מענטשן,
צו האָבן „גאָלדענע אייער", און פלייש, פעטס און גריוון...

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## די נאָדל מיטן פאָדעם

ווי גיך נאָר דער שניידער איז ביים טיש איינגעשלאָפן,
האָט אַ מאָדנע פּאַסירונג אויפן טיש זיך פאַרלאָפן:
די נאָדל און פאָדעם האָבן גענומען זיך רייסן
און שאַרף איינס די צווייטע מיט ווערטער זיך בייסן.

די נאָדל אַ שטאָלענע, מיט אַן אויער און שפּיציק,
האָט זיך פון אָנפאַנג צע׳טענה׳ט אמכאַ׳דיק וויציק:
מיר זיינען פאַרבונדן ווי אַ פאָדעם און נאָדל,
טאָ הער אויף אויפשפּילן, אַז דו ביסט דער גדול.
זיך פלאָנטערן איבעראַל מיט דיין לאַנגן פאָדעם
און זיך שטענדיק פאַרבינדן מיט פאַרשידענע צדדים...

אָט גיסטו אַ פאַרקניפּ זיך מיט אַ קנעפּל, אַ עקל,
אָט שלעפּט זיך נאָך דיינס אַ פאָדעם אויף הויזן און רעקל.
דו מיינסט ביזט אַ יחסן אַרום דיין בייכיקער שפּולקע,
מעגסטו דאָס וויסן, איך בין אויך ניט קיין שפּילקע...
איך בין אַ נאָדל, מיט אַ שפּיץ און אַ אויער,
וועסטו זיך וואַרפן און שליידערן, פאַרמאַך איך דעם טויער...
מיר קאָנען נאָר אַרבעטן, צוזאַמען דאָ נייען,
אויב דו וועסט ניט פלאָנטערן, זיך ניט קניפּלען און דרייען...

— — — — — — — — — — — — — — —

דאָ האָט זיך אויפגעכאַפּט דער שניידער, צעעפנט די אויגן:
קריגן זיך, קינדערלעך, קאָן קיינמאָל ניט טויגן.
עס מוז זיין איינקייט פון נאָדל און פאָדעם —
וועט דאָס הויזגעזינט האָבן ברויט — און דער נאַקעטער — בגדים!

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

### דרך־ארץ — פאַרן גרויסן פּרץ

ס'האָט אַ באַנק־ביכל אויפן טיש אַ בוך געטראָפן,
האָט דאָס באַנק־ביכל מיט חוצפּה גענומען אים שטראָפן:
זאָג מיר נאַר, דו, אין וואָס באַשטייען דיינע גבורות,
אַז קיין ציפער מ'זעט ניט ביי דיר אין די שורות? . . .

ביי מיר יעדער אות מיינט געלד אין מזומן,
אָבער זאָג מיר, דו, קבצן — קאָנסטו דאָס באַקומען?
דער בוך האָט זיך צעלאַכט פונעם ביכלס פאַרמעגן,
זיך געהאַלטן ביי די זייטן און גענומען אים פרעגן:

„זאָג נאַר, נאַריש ביכל, דו גאַרנישט, דו שנעקל,
דו גרויסט זיך מיט וואָס, מיט אַסיגנאַציעס, אַ טשעקל?
אמת, קאָנסט אַ סך רעדן, נאָר האָב דרך־ארץ —
ביי מיר אין די טאָוולען ליגט דאָס פאַרמעגן פון פּרץ!". . .

### לאָמיר זינגען אַ נייעם ניגון

זעץ זיך, מיין חבר, מיט מיר ביי דעם טיש דאָ.
איך וויל דיך באַקענען מיט אַ גאַנץ נייעם ניגון,
אַ פריילעכן ניגון, וואָס בעט זיך צום זינגען,
אַ ניגון וואָס מונטערט, וואָס גיט פאַרגעניגן.

ס'האָט מיין טאַטע, מיין זיידע אויך ניגונים געשפּונען,
ניגונים פון טרויער, פון אומעט געבעטן,
מיט אַ „אוי" און אַ „ווי", זיך אין טרערן געבאָדן,
געשריען צום הימל, געקלאַפּט זיך על־חטא'ן.

איצט וויל איך, מיין חבר, מיט דיר זינגען צוזאַמען,
אַ ניגון אַ נייעם, וואָס וועט דיך געפעלן,
ניט וויינען, ניט קרעכצן, נאָר רופן און וועקן
פאַר לעבן און גליק — צוזאַמען זיך שטעלן!

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

### דער גאָלדענער טאָוול . . .

אין אַ שראַנק האָט אַ בוך,
וואָס איז געשטאַנען אויבן־אָן,
גענומען שפּאָטן פון אַלע ביכער
מיט אַ חוצפּה׳דיקן טאָן:

ווייסט איר, אַז ס׳איז אַ כבוד,
וואָס איך שטיי דאָ מיט אייך?
ווייל ווי קומט איר צו מיר?
איר זענט ניט מיינס גלייך.

גיט אַ קוק אויף מיין טאָוול,
אויף דעם גלאַנץ פון פּאַפּיר,
קיין איינער פון אייך דאָ
קען זיך ניט גלייכן צו מיר . . .

מיינע קליידער — פון לעדער —
גיבן מיר שטענדיקן שוץ.
און מיין זיידן העמדל
איז דאָך באמת אַ פּוץ.

און זעט מיינע זייטן,
ווי יעדער אות איז דאָ פריי,
אַ צאַצקע, אַ דריידל,
און פערזן צוויי־דריי.

און וואו איך געפין זיך?
אַלע מאָל אין דער הויך.
באַשיצט אין אַ שאַכטל,
קעגן שטויב, קעגן רויך . . .

— — — — — — — — — — —

האַלט זיך אַ בוך ביי די זייטן,
כאָטש ער איז געלבעלך און אַלט,
נאָר זיינע ווערטער זיינען לויטער,
מיט חכמה צעשטראַלט:

„ווער עס האָט גאָרניט צו זאָגן,
דער שרייט שטענדיק הויך . . .
ווייל גאווה וואוינט שטענדיק
אין אַ ליידיקן מוח.

„ער באַרימט זיך מיט גאָלד,
גייט פאַרפּוצט ווי אַ פראַנט,
און כאָטש ער שטייט אויבן־אָן—
נעמט אים ניט קיינער אין האַנט״!

## דער שאַרק און דער דאַלפין

א גיפטיקער שאַרק וואָס האָט ליב צו „שלינגען",
איז געשוואומען מיט חוצפה, ווי דער הערשער פון ים.
געוואָרפן זיינע בליקן אויף די שטורעמדיקע כוואַליעס,
געקריצט מיט די ציינער, געזשיפּעט מיט סם.

מיט אַמאָל האָט דער שאַרק דערזען שווימען אַ פיש.
ט'ער גענומען צו אים ווינקען און רופן צו זיך:
„דו זעסט דאָרט די זון? זי קאָן דיך פאַרברענען,
מיין מויל וועט דיך באַשיצן, שווים אַריין דאָ אויף גיך..."

דער קלוגער פיש דאַלפין איז מיט שרעק אויפגעשפּרונגען,
געגעבן אויף שטום-לשון צום פיש אַ ציטער מיט גרויל:
— „די זון ברענגט נאָר וואַרעמקייט און ליכט צום לעבן
פאַרן שאַרק היט זיך פאַר זיין גיפטיקן מויל..."

— — — — — — — — — — — — — — —

אָפט טרעפט אויך מיט הערשער וואָס ווילן פאַרנאַרן,
זיי רעדן פון פריינטשאַפט, אייך טראָגן אויפן קאַרק,
ביז זיי כאַפּן אַריין אייך צווישן די ציינער —
ערשט דערנאָך דערפילט מען דעם גיפטיקן שאַרק...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

### זינגען פֿייגל ביי מיין פֿענצטער

אין שטילן קאַיאַר יאָווען זיך פֿויגלען ביים פֿענצטער,
ווען פֿאַרשלאָפֿענע מענטשן ליגן נאָך מידע אין די בעטן.
הויבן־אָן זינגען, טרילן און סווישטשען,
גיבן קאָנצערטן, סערענאַדעס, דועטן . . .

פּונקט ווי עס וואָלט זיי געוויזן דער זייגער
די ריכטיקע צייט אין די־אָ מינוטן,
רייסן זיי די לאָדן פֿון די אויגן פֿאַרמאַכטע
און לאָזן ניט מערער אַ מינוט נאָך אַ רו־טאָן . . .

ווערן מענטשן אין כעס און זוכן עפּעס אַ מיטל,
ווי אַזוי מ׳זאָל קאָנען די שטיפֿער באַשטראָפֿן,
וואָס לאָזן ניט מענטשן, אין פֿריען פֿרימאָרגן,
ליגן אין בעטן פֿאַר׳חלומ׳ט, רוען און שלאָפֿן . . .

שפּרינגען די פֿויגל פֿון פֿענצטער צו פֿענצטער
און לאָזן זיך הערן מיט זייערע פֿרימאָרגן־געזאַנגען.
עס דאַכט זיך, זיי זאָגן: „גוט־מאָרגן דיר, פֿעפֿער —
זע ווי אין גרויקייט איז די זון אויפֿגעגאַנגען ! . . .״

ווען די צעעפֿנטע אויגן קוקן אַרויס דורכן פֿענצטער
און דערזעען פֿאַר זיך אַן אמת־ליכטיקן דרויסן,
דאַן נעמט מען באַגרייפֿן וואָס ווילן עס די פֿויגל —
זיי זיינען, חלילה, קיין שלעכטס קיינעם ניט אויסן . . .
— — — — — — — — — — — — — — —

עס פּאַסירט אָפֿט אַזוי אויך מיט פֿעלקער אונטערדריקטע,
ערלעכע פֿירער נעמען וועקן: שטייט־אויף קעגן שונאים !
נאָר מענטש, אַ פֿאַרשקלאָפֿטער, קאָן דאָס ניט באַגרייפֿן —
און קערט זיך צו דער וואַנט אום מיט אַ פֿאַרשלאָפֿענעם פּנים . . .

# גראַמאָנאָלאָגן




סעם ליפּצין — דער וועק־זייגער וואָס לאָזט ניט רוען — מיט דער נאָדל, צי מיט דער פּען . . . צו זיין 50־סטן געבוירנטאָג. („מאָרגן־פרייהייט“, 1944)

סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

# װען איך קאָן זאָגן

װען הערן װאָלט איר
נאָר מײַן עצה,
און ניט שטײַן זיך
מיט דער פּלײיצע,
נאָר העלפן זאָגן,
אַזױ־אַ זאָג זײ,
אַז פֿאַרכאַפּן
זאָל אַ קלאָג זײ, —
יאָ, אַ קלאָג זײ! —
דאַן װאָלט אַנדערש זײַן!

נאָר מײַן שטימע
איז אַ קלײנע,
און דערצו נאָך —
טאַקע אײנע...

און זײ — אַ באַנדע
פֿון „פֿיר הונדערט"...
ליגן זיך גאָר
אָפּגעזונדערט...

אָפּגעזונדערט,
פֿול מיט שנאה, —
װער אױף װאָל־סטריט,
װער אין רינאָ...
און איך, קבצן,
ניט זײערס גלײַכן,
מוז דאָך װײַכן.

װײַל װי קום איך
צו אַ רײַכן?...
טאַקע, נו?
ער זױפֿט און פֿרעסט,
און טאַנצט אױף בעלער,
און איך — פֿאַרהונגערט —
אין אַ קעלער...

זאָג איך: הערט!
איר זאָלט ניט לאַכן,
אַז מ׳קאָן דאָס
איבערמאַכן.

מאַכן מאַרקס׳ן
פֿאַר דעזאַינער
דאַן װאָלט אַלעס —
פּאַסן פֿײַנער...

סײַ קבצנים,
און סײַ רײַכע, —
אַלע װאָלטן
װערן גלײַכע.

ניט װיסן װאָלט מען
פֿון די „ביזים",
פֿון אַ „סלעק" —
אַ „בום", אַ „קריזיס"...

# סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

אויב געדאַרפט וואָס
וואָלט מען שאַפן, —
איז באַשאַפן
אָן שום שקלאַפן.

ניט איינעם ביין,
אַ צווייטן — ביילעק,
נאָר פאַר אַלע —
גלייכן חלק . . .

אָבער איצט איז
הפקר אַלעם,
ווען עס בושעוועט
דער דלות.

אָפּגעאַרבעט
פערצן וואָכן,
און שוין ווידער
„סלעק”, געבראָכן.

שרייט מען: באָס,
געוואַלד, וואָס איז עס ?
בורטשעט פאַרמאַן:
שמיזעס, קריזעס !

ווידער נעמט מען
שניידן שכירות,
און מ׳וואַרפט גלייך
פון די דירות,
אויף דער גאַס אַרויס
בפרהסיה !
הם — וואָס איז דאָס ?

אָט דאָס איז עס —
יאָ, דעפּרעסיע ! . . .
און אַז מ׳טרינקט זיך,
כאַפּט מען — שטרויען . . .
אויב ניטאָ איז
וואָס צו נייען,
אויב ניטאָ איז
וואָס צו קלאַפּן, —
נעמט מען כאַפּן !

כאַפּן, לאַפּן, —
ס׳איז פּוסט אין הויז,
פּוסט אין טעפּל, —
נעמט מען האַנדלען
גאָר מיט עפּל . . .
דאַרט דאָס קעפּל,
ווייב און קינד —
זיי ווילן עסן !
נאָר מיין באָס
האָט גאָר פאַרגעסן.
אַוועקגעפאָרן
אויף וואַקאַציע,
און אונדז געלאָזן —
אינפלאַציע . . .

אָבער ווען איר
וואָלט מיך הערן,
וואָלט איך געגעבן
צו דערקלערן.
איך וואָלט געגעבן
אַזוי אַ לעסאָן . . .
אַז דער וואָס אַרבעט,

דער זאָל עסן...
און באַטאַנט
וואָלט איך דאָס פּעסט שוין, —
ניטאָ קיין אײדעמס
מער אויף קעסט שוין!...

איך וואָלט צעשטערט אויך
אַלע פּלענער,
וואָס מאַכן לענדער
גאָר ווי הענער...
זיך צו פּיקן,
זיך צו בײַסן,
אײנס בײַם צווייטן
שטיקער רײַסן.
און מ׳רײַסט זיך —
אַזש אַ גרויל...
פאַר נאָך אַ גרוב
מיט קוילן, אויל...

כ׳וואָלט אויסגעמעקט
דאָס וואָרט וואַליוטע,
וואָס ניט ווערט איז
מיר קיין פּרוטה...

איך וואָלט אויסגעשקראַבעט
דאָס וואָרט רעאַקציע,
וואָס גראַמט זיך גאָר
מיט עקספּלואַטאַציע...

איך וואָלט אָפּגעשאַפט
אַ יעדע גרענעץ,
אַפילו גרוים נאָר —
ווי אַ פּענעץ...

און קעניגן
פון אַלע סאָרטן.
אַפילו די —
פון טעשל קאָרטן...
וואָלט איך אויסגעמעקט
פון אַלע שפּראַכן,
נאָר בלויז אַ מאָל זיי —
אַ „מלא״ מאַכן...

אַי, ווען איך קאָן זאָגן,
און מ׳וואָלט מיך הערן,
און געהאָלפן
טאַקע גערן, —

מאַך איך וואָל-סטריט
פאַר אַ מושב-זקנים,
און איך זעץ דאָרט
יעדן אײנעם —

געמבלער, רויבער,
רעקעטירער,
שווינדלער, פּעיקער,
און פאַרפירער.

און פון פּאַרנט,
איך מאַך אַ טויער —
פאַרן אַרבעטער
און פּויער.

אויסגעבויט ווי
אַ ווײסטאַווע,
פאַר יונג און אַלט
אַזאַ זאַבאַווע...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

איינטריט פריי!
אָן שום געלט, —
קומט און זעט
די אַלטע וועלט...

פון מנינים —
ווערט מיליאָנען,
און זיי וועלן
טאַקע קאָנען

נאָר איך אַליין,
וואָס קאָן איך זאָגן,
אַז מיין וואָרט זאָל
ווייט זיך טראָגן?

פון אַלע וועלטלעך
מאַכן איינע!
און טאַקע גאָר
אַ לייטיש-שיינע!

אָבער, ווען מ׳נעמט
דעם גאַנצן ענין...
און מ׳ברענגט אים
פאַר אַ מנין...

אָן מלחמות,
רויבער, שונאים, —
אַ וואוילע וועלט,
און — מיט אַ פּנים!...

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## „געפּייערט מיין באָס"...

ענדלעך האָב איך אָפּגעמאַכט —
איך האָב מיין באָס „געפּייערט"...
געלאָזן אים מיט האַק־און־פּאַק,
באַשלאָסן — און „רעטייערט"!

געאַרבעט דרייסיק יאָר פאַר אים,
דרייסיק יאָר אַ היפּשע צייט איז.
האָב אים באַרייכערט מיט גוטס־
און פּוץ,
פאַר זיך — אָפּגעשפּאָרט
אַלט־ראַיטעס . . .

געזוכט נאָר האָב איך פאַרלענגערן
אין סעזאָן די צאָל פון וואָכן.
ניט געטראַכט פון ווינד־און־ווייי,
ווען דער רוקן האָט געבראָכן . . .

אויפן זייגער ניט געקוקט —
וואָס מינוטן, וואָס סעקונדן?
געשלונגען „באַנדלס" מער און
מער,
אריינגעכאַפּט מער שטונדן.

אין הויז אַ ווייב מיט קינדער פיר,
נאָר געלעבט כמעט באַזונדער.
ניט געזען די פרייד און לייד
פון אייגן ווייב און קינדער . . .

אַ שרעק געווען עס איז פאַר מיר,
ווען ס'האָט דער שאָפּ גענומען
„סלעקן".
נאָך גרעסער איז מיין שרעק
געווען —
מ'זאָל חלילה מיך ניט „סעקן"...

אַזוי געלאָפן איז די צייט,
געפלויגן זיינען יאָרן,
אַזוי געלעבט פון האַנט אין מויל—
ניט געווען אַ סענט צו שפּאָרן . . .

קראַנקהייטן שטענדיק אַלערליי,
פיבער, קייך־הוסט, מאַזלען,
און איך אַ טאַטע, ווי איז מיר —
געווען פאַרשטיינערט ווי אַ גזלן...

געוואוסט אַ דאָקטאָר וויל באַ־
צאָלט.
ווי קאָן איך זיך פאַרגינען,
זיין אין הויז מיט ווייב און קינד?
איך מוז דאָך זען פאַרדינען . . .

דערציען קינדער קאָסט אויך
געלט,
אַ שול, אַ לערער און אַ ביכל.
און נאַקעט קאָן אַ קינד ניט גיין —
מ'דאַרף אַ קלייד, אַ שיכל . . .

אַזעלכע „קעסט" האָב איך געהאַט
אַלע מיינע יונגע יאָרן.
אָפּט געשאָלטן יענעם טאָג,
וואָס איך בין נאָר געבאָרן.

פופציק יאָר שוין אין ניו־יאָרק,
אין ערגעץ ניט געווען.
פינצטער פרי — און פינצטער
נאַכט,
נאָר פינצטערניש געזען . . .

נעם איך ציילן מיין פאַרמעג,
די ירושה צו צעטיילן . . .
צייל איך מיינע פינגער אָפּ —
מער האָב איך ניט צו ציילן . . .

יאָ, אַ קבר האָב איך — „ריעל־
עסטעיט",
מיט אַ קערפּער אַ גאַנץ קראַנקן.
כאָטש נעמען און „דעפּאָזיטן" —
זאָל דאָס ליגן אין די באַנקן . . .

געקומען בין איך יונג אין שאַפּ,
מיט מוסקולן הארט ווי שטיינער.
און איצט — צו פינף־און־זעכציק
יאָר —
אַ זעקל הויט־און־ביינער . . .

פראַווע איך אַ יום־טוב איצט
און זאָל עס זיין „געפּייערט";
ענדלעך האָב איך אַ פרייען טאָג,
פון שאָפּ האָב איך „רעטאַיערט".

אַ רע־יוניאָן מאַכן מיט אַלע
פריינט,
כאָטש מיט מיטלען ניט באַנוגנט,
וועט דער גייסט פאַרפולן איצט,
עס קומט די צווייטע יוגנט . . .

איצטער וועלן מיר גיין אין „זו",
אויך זען אַ בלום, אַ גאָרטן.
אַריינגיין אין אַ ביבליאָטעק
אויך זען וואָס עס טוט זיך דאָרטן.

פאַר די קינדער ניט געהאַט קיין
צייט,
צו זיין אַמאָל אַ היטער . . .
וועל איך איצט פאַר די אייניקלעך
כאָטש זיין אַ „בעיבי־סיטער" . . .

— כ'וועל איצט מיין ווייב
אַרויסהעלפן,
ס'זאָל זיין געוואַשן און געשייערט,
זאָל זי וויסן — איך בין פריי!
איך בין איצט „רעטאַיערט" . . .

איך וועל איר שפּאָרן גיין אַ גאַנג,
זי זאָל ניט דאַרפן לויפן;
וואַשן וועש, צי גיין אין קראָם,
און אַלץ וואָס זי דאַרף קויפן.

כ'וועל מיך אָנשליסן אין „עלטער־
קלוב"
און זיך פילן דאָרטן יינגער:
מיטן עולם עפּעס לערנען דאָרט,
אין כאָר ווערן אויך אַ זינגער.

אין פּרט פון געלט, נו, געווים,
וועט זיין די לאַסט נאָך שווערער;
דאַרף מען זען די „פּענסיע" זאָל
אַ וואַקס טאָן אַ ביסל מערער . . .

דערווייל ניי־געבאָרן פיל איך זיך,
זינט „איך האָב מיין באָס גע־
פּייערט".
מיין צווייטע יוגנט הויבט זיך אָן:
איך בין איצט פ ר י י! —
„רעטאַיערט"! . . .

# עס שטייגט!

אין אַלע גאַסן,
וואו איר גייט,
הערט איר אַלץ
די זעלבע רייד —
עס שטייגט!

מ׳רייסט די הויטן
ביזן ביין,
אָנשטאָט סחורה —
קריגט איר שטיין...
און איר טאָרט
זיך ניט באַקלאָגן,
ס׳איז ניט צו וויינען,
ניט צו זאָגן,
עס שטייגט? — —
שווייגט!

סחורות ליגן
גאַנצע בערגער,
נאָר מ׳זאָגט:
ס׳וועט זיין נאָך ערגער.
און זיי ווילן,
איר זאָלט גלויבן,
אַז פונעם רעדן —
נעמט זיך הויבן —
עס שטייגט!

איר זוכט אַ דירה,
קלאַפּט אין טירן,
לאָזט מען אייך
אין גאַס קראַפּירן.
ווילט איר שלאָפן
שוין אין דרויסן,
איז מען אייער
טובה אויסן...
און מ׳נעמט אייך —
אין חד־גדיא...
דער ריכטער מאַכט דאָס
גאָר ניט טייער,
הייסט באַצאָלן
שטראָף אַ דרייער...
ווילט איר אָבער
זיך מאַכן קלערער...
זאָגט דער ריכטער:
ס׳קאָסט שוין מערער! —
ס׳קאָסט אים אַליין טייער...
עס שטייגט!

אין די קראָמען,
אוי די קראָמען,
פרייזן האָבן ניט
קיין נאָמען...
פוטער, מילך,
ברויט אַ שטיקל,
פון אַ דאָלאַר —
ווערט אַ ניקל...
פון אַ ניקל
ווערט אַ פעני —
פע, איר דינגט זיך, —
זאָגט ער, פעני? —
עס שטייגט!

און די פּרייזן
אָנגעדראָלן,
ווערן נאָך און נאָך
געשוואָלן,
נאָר די באַקן
פאַלן איינעט . . .
שטייט אַ קאָסטימער
און טענה'ט:
זעט, די גרויס
פון דעם בייגל,
ווי דאָס לעכל
פון אַן אייגל . . .
און די חלה
ווי אַ קוקלע,
און אַ פּערפּל —
הייסט שוין בולקע . . .
נאָר די פּרייזן,
אוי, די פּרייזן
שעמען גאָר ניט
זיך צו ווייזן . . .
איר גייט אַרויס
און גייט אַריין, —
אַהאַ, עס הענגט
אַ נייע „סאַין" . . .
מיט אַ צייכן,
אַ באַווייז —
יאָ, יאָ, ס'איז
אַן אַנדער פּרייז —
עס שטייגט!

צעשפּילט זיך
אייער אַפּעטיט,
איז ניט גוט,
ניין, ניט גוט!

אין לאָנטשעאָנעט"
איז אַן אַפּטייק,
מיט אַ „פּרעסקריפּשאָן" —
קריגט איר סטייק . . .
און פאַרן זעצן
זיך צום טיש —
פאַר אַ ביינדל
פון אַ פיש,
קריגט איר אַ „ביל".
איר מעגט שרייען,
אוי, אַ בראָך! —
און זיך וואַרפן
אויפן דיל, —
נאָר פון חלש'ן
האַלט זיך איין,
ווייל דער „ביל"
וועט גרעסער זיין —
וואָסער איז אויך געלט . . .
עס שטייגט!

און ווילט איר פאָרן
אין אַ פּאַרק,
אָדער קויפן
וואָס אין מאַרק,
צי גאָר נעמען
ווייב און קינד,
לויפן זוכן
ים מיט ווינט,
דאַרפט איר וויסן —

# מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

נעמען עסן,
און דערבײַ
אויך ניט פאַרגעסן —
„קאַר פעיר".
יאָ, קאַר־פעיר,
פינף מאָל אַזויפיל,
און שאַ, שטיל —
עס שטייגט!

די חובות שטייגן
בײַ אײַך און בײַ מיר,
און דער באַנק־בוך —
ביים וואַמפּיר,
עס שטייגט,
עס שטייגט!
און דער עולם
צאַלט און שווייגט.
וואָס שווייגט איר?
איר זענט דאָך עפּעס
ניט קיין יאָלד,
מיינט איר, שווייגן —
וועט זײַן גאָלד?

יאָ, גאָלד, גאָלד, —
גאָלד פאַר פאָרדן,
גאָלד פאַר מאָרגאַן,
און פאַר אונדז —
עס שטייגן זאָרגן...
און עס שטייגט!
אוי, עס שטייגט!

און מיט די פּרייזן,
אינפלאַציע,
שטייגט אַרויף הויך
די רעאַקציע,
און רעאַקציע
ציט דעם שטריקל,
האַלט אין שאָקלען
אונדזער בריקל...
האַלט אין סטראַשען
אונדז מיט גרוילן,
און דערוויילע
מאַכט זי קוילן,
און מיט קוילן,
פּראָפּאַגאַנדע, —
אַ מלחמה
וויל די באַנדע.
און עס שטייגן
וואָס מער העצעס,
פון די צאַצעס
און פּאַצעצעס —
אין דעם קאָנגרעס,
און סענאַט, —
מ'וויל דעם זון
פאַר אַ סאָלדאַט!...

נעמט מען פּויקן,
איבערצייגן,
נאָר אויסן איז מען
עס זאָל שטייגן,
דער געשעפט

און די פֿאַבריק,
און אַ דימענטל
אַ שטיק . . .
עס זאָל שטייגן,
עס זאָל שטייגן —
זיי די רינגען,
אונדז — די פֿײַגן . . .
און עס שטײַגט !

נאָר ניט אייביק
האַלט אַ נאַכט אָן,
מענטשן נעמען שוין
אַ טראַכט טאָן :
וואָס וועט זיין ?
מ׳וויל דאָך אונדז
מיט אינפֿלאַציע
אונטערדרוקן
פֿאַשי־נאַצי
אָבער ניין !
די מאַסן שטייגן,
פֿול מיט צאָרן, —
אַ נייע וועלט

עס ווערט געבאָרן,
וואו איך און דו
און זי און ער,
ווילן וויסן —
ווער איז ווער ?

איז יעדע האַנט
און יעדער מוח,
אויך די יוגנט
אין דעם כוח,
אויפֿגעהויבן
זאָל דאָס ווערן,
און דער גאַנצער
וועלט דערקלערן :
דער אמת ווערט
פֿאַר אייך געצייגט,
ווי עס שטייגט,
ווי עס שטייגט !
זון שיינט אויף,
און הימל העלט, —
פֿאַר אַ שיינער
פֿרייער וועלט !

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# איך בין ניט קיין „פרעמדער"!

וואָס טייטלט ער מיטן פינגער,
בלענדעט מיט דעם דימענט אויפן האַנט.
פּאָכעט ווילד מיט די פויסטן,
מאַכט צו שאַנד אונדזער לאַנד.

איך בין דאָ ניט קיין „פרעמדער",
כאָטש איך רעד מיט אַן אַקצענט.
מיין אַרבעט רעדט פאַר זיך —
דורך די מאַזאָליעס אויף די הענט.

די „הענט", וואָס בויען די פּאַלאַצן,
יעדע היים און פאַבריק.
ברענגט שפע צו די שטאַטן —
רייכטום און גליק.

די „הענט", וואָס האַקן און גראָבן
די קוילן אין דער שאַכט;
די „הענט", וואָס פּאַקן און פירן
די טראַמווייען און פראַכט.

די „הענט", וואָס שאַרן דעם שניי,
שמעלצן דאָס גאָלד און דעם שטאָל;
וואָס האַלטן די שערן און אייזנס,
דעם האַמער און די אָל.

די „הענט", וואָס פירן די ביכער
און די געשעפטן אָן א שיעור.
די „הענט", וואָס דרייען אַלע רעדער
און פאַרשליסן טויער און טיר . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

דאָס זיינען אַלץ „הענט" דאָ,
צו דער רעאַקציע גאַנץ פרעמד,
כאָטש אויף זיין לייב טראָגט ער
דאָס נאָענטסטע — מיין העמד . . .

ער רעדט וועגן „פרעמדן"
מיט חוצפּה און פרעך :
דער „פּאָל", דער „רוס",
דער „גריך", דער „טשעך" ;

דער „פראַנצויז", „איטאַליענער",
דער „בעלגיער", — ווער ניט.
אויף באַרויבן אונדזער פּראַצע
זיינען גלייך „קריסט" און „ייד" . . .

אויך מיין ברודער, דער נעגער,
איז פרעמד פאַר זיין אויג.
ער בענקט נאָך דעם „יעס-סער",
נאָך דעם הכנעה'דיקן נויג . . .

אָט די פרעמדע „הענט" דאָ,
שערן און שפּינען דאָס וואָל,
קריכן אויף רעשטאָוואַניעס
און גראָבן דעם טאָל.

לייגן שטיינער און רעלסן,
בויען די מאַשין און די באַן ;
טרייבן די שיפן אויפן וואַסער,
און אין דער לופט — דעם עראָפּלאַן.

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

מיר שטעלן־איין אונדזער לעבן
צו באַלעבן דאָס לאַנד ;
רופט ער מיך : „פרעמדער״,
וויל מיך מאַכן צו שאַנד.

איך ניי דאָ די קליידער,
איך מאַך דאָ די שיך.
מאַך רייכער די רייכע
און — וואָס האָב איך פאַר זיך ?

איך האָב געבויט דאָ די וועגן,
מיט טונעלן אַ פּראַכט,
און אַפילו די קייטן
האָב איך אויך געמאַכט . . .

וויל ער נעמען די קייטן,
פאַר מיר מאַכן אַ צאַם,
צו קאָנען מער דריקן,
צוליב קאָליר אָדער שטאַם . . .

ער פּוצט זיך אין פעדערן,
וואָס געהערן ניט אים,
און דעם שאַפער און בויער —
וויל ער וואַרפן אין תהום.

אַמעריקע איז מ י י נ ס ,
כ׳בין דאָ ניט פרעמד,
אַלץ איז דאָ נאָענט מיר,
ווי דאָס לייב מיטן העמד.

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

נאָר אויב איך דריק אוים דאָ
מיין צאָרן און האַס,
איז דאָס נאָר קעגן רויבער,
וואָס באַרויבט אונדזער קלאַס.

די מאַזאָליעס זיינען עדות,
ווער ס׳האָט אַלץ דאָ געשמידט.
אָן הערשער קאָן מען לעבן,
אָבער אָן אַרבעטער — ניט!

מוז דאָס פאָלק וויסן,
אַז ניט בלויז דאָס בירגער-פּאַפּיר
גיט איינעם דאָס רעכט —
אויפן שליסל פון טיר...

צי געבוירן אין אויסלאַנד,
צי ערגעץ־וואו אָט־דאָ;
דערקענט מען אַ טויב — פּאַר אַ טויב,
און אַ קראָ — פּאַר אַ קראָ...

איך האָב דאָ מיין גורל פאַרבונדן,
האַרץ און לאַנד אין איין בריק.
וויל דער שונא פון מענטש,
דרייען די ראָד אויף צוריק?

דאַרף דאָס פאָלק וואַך זיין
אין דעם גרויסן פאַרמעסט:
„ווער עס לאַכט צום לעצטן —
דער לאַכט צום בעסט!...

# דו ביסט — אַ ציציליסט!

ווי גיך געעפנט
האָסטו די אויגן
און דיין שטימעלע
פאַרצויגן:
בלאַ-בלאַ-בלאַ,
וואָס געמיינט
האָט דאָס — זויגן,
עסן האָסט געוואָלט —
אַ-האַ, איז רעוואָלט!
רעוואָלוציע!
איצט דיינע ענטפערס
און דערקלערן
איז ניטאָ שוין
וואָס צו הערן,
דיין טענה'ן
איז אומזיסט, —
דו ביסט —
אַ ציציליסט!

אַז צום יאָר
האָסטו ניט געוואָלט
דעם וויקל-שנור...
און ניט געלאָזט
זיך פענטען,
איז פאַרזאָג-זשע
דאָס אַ צענטן...
דאָס איז רעוואָלט,
סאַבאָטאַזש!
און ווי איז שוין
צו דיין קוראַזש,
וויי און וויסט, —
דו ביסט —
אַ ציציליסט!

אַזוי דיין קאַמף
נאָך אין די ווינדעלעך,
האָסט זיך געראַנגלט
און געריסן,
גאַנץ אָפט זיך
מיט ליפּ געביסן,
אַראָפּצוואַרפן
אָט דעם יאָך
און אַ בריקע
טאָן דערנאָך.
אויך איז פאַרצייכנט,

אויך ווען אין חדר
דו ביסט געגאַנגען,
און דער רבי
פלעגט דערלאַנגען...
אוי, דערלאַנגען
אויפן הוילן,
און טאַקע אין
די ווייכע טיילן...
פלעגסטו זיך בריקען,
שרייען, וואַרפן,
און דעם קאַמף
נאָך מער פאַרשאַרפן.
ט'ער געקניפּט שוין,
און געריסן,
נאָך דערביי

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

געלאָזט דאָס וויסן:
איר זעט, איך שלאָג —
ס׳איז ניט אומזיסט,
דער יונג, ער וואַקסט
אַ ציציליסט!

און האָסטו געמאַכט
דעם ערשטן טראָט,
ניט פאַרלאָז זיך
אויף דיין גאָט,
נאָר אויפן אָרעם
מיט זיין כוח,
אויף דיין וויסן,
און דיין מוח, —
איז דאָס שלעכט,
און ניט גערעכט,
האָט צע׳טענה׳ט
זיך דיין באָס
מיט פאַרדראָס:
געט׳ס אים געלט,
און אפשר גאָר —
די גאַנצע וועלט?
אַז ווי איז מיר
און וויסט,
ער גיט אַ טייטש:
דאָס איסט —
אַ צי־צי־לי־סט!

נאָר האָסטו שוין
אַ ווייב, אַ קינד,
ווערן נאָך גרעסער
דיינע זינד,

ווען דו ווילסט
קיין שקלאַף ניט זיין
איבערהויפּט —
די טענה דיין:
עס פעלט דיר עסן,
קליידער, שיך,
און אַ דאַך אויך
איבער זיך,
אויך אַ דאָקטאָר,
מעדיצין,
און דו פרעגסט:
וואו איז דער זין?
איך אַרבעט טעג,
איך אַרבעט נעכט, —
וואָס מער אַרבעט,
אַלץ מער שלעכט?...
אַזעלכע פּיילן
ווען דו שיסט,
איז ניט אומזיסט!
איך זע דו ביסט —
אַ ציציליסט!

און אַז עס איז דיר
ליב דאָס לאַנד
און האָסט פיינט די
וואָס ברענגען שאַנד,
ווילסט ניט זיין
קיין „באַמקע־יעס",
נאָר שטימען טאַקע
פאַר פּראָגרעס.
דאַ האָסטו גאָר
פריי און אָפן
זיך אין הארצן

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

פּונקט געטראָפן,
דו ביסט, אוי —
רויט, רויט, רויט,
טאַקע ווי
אין פּסוק שטייט.
איך וואָלט שווערן,
ניט אומזיסט,
וועט מען זאָגן
באַלד,
ג-ע-ו-ו-אַ-ל-ד!
אַז דו ביסט
אַ גאַנצער מאַכער —
אַ ציציליסט!

איז אויב שוין יאָ
אין נאָמען הייסן,
טאָ פאַרוואָס-זשע
אויף צעפּלייסן?
איז לאָמיר טאַקע
איבעראַל
זאָגן, אַז דער
אידעאַל
געפעלט מיר!
ווי אָנגעמאָסטן.
אין קאַמף מיט יקרות,
הויכע קאָסטן,
אין קאַמף מיט שונא׳ס
אַלע בייזן,
זיך צו באַפרייען
און דערלייזן.
אויב דאָן ט׳מען זאָגן,
אַז דו ביסט —
איז ניט אומזיסט!
קעגן באָס, רעאַקציע,
קעגן וואָל-סט,
פּראָוואָקאַציע!
קעגן אימפּעריאַליסט!
קעגן פאַשיסט!
יאָ, איך בין —
אין שאַפּ, אין גאַס, —
אַ קינד פון מיין קלאַס!
אַ סאָציאַליסט!

# דער קאָפּ — לאָזט ניט אָפּ!

איר האָט אַ קאָפּ,
צי אַ טאָפּ?
אויב אַ קאָפּ,
איז דרייט אים אָפּ!
היינט אַ קאָפּ,
האָט נאָר אַ זין,
פאַר — „אוי, מיין קאָפּ,
אַן אַספּירין!"...
ווייטער לייגט ניט
מער דעם טראָפּ
אויף דעם מוח,
אויפן קאָפּ...
אוים מיט דענקען!
פאַרשליסט דעם מוח
און דאָס מויל —
פאַרמאַכט זיך אויך!
פאַרשליסט, פאַרשרויפט,
אויף טויזנט שלעסער,
אויב איר ווייסט נאָר
וואָס ס'איז בעסער...
(ווייל שווייגן איז גאָלד"...)

רעאַקציע וויל ניט
קיין „לאַוד-ספּיקער",
און דער באָס —
האָט פיינט אַ „קיקער".
וואַגט מען הענקען?
זאָגט מען: „סטאָפּ!"
וואַגט מען רעדן?
איז — שאַראָפּ!"
נאָר וואָל-סטריט לאַכט
און באָס כיכיקעט,
אוים מיט סטרייק,
„נאָו-מאָר פּיקעט",
שטיל זאָל זיין!
(ווי אויף אַ בית־עולם...)

נאָר ווערט דיין מוח
נעמען קלערן,
וואָס ווערט זיין
און וואָס ווערט הערן?
טאָ גיב אַ פּאַטש זיך
גלייך אין שטערן,
און עס זאָל
אין קאָפּ אַריין!
אוים מיט טראַכטן,
אוים מיט דענקען,
האָסט אַ קאָפּ —
איז נאָר אויף קרענקען...
ניט געדאַנקען
אָפּצושאַצן,
אין ערגסטן פאַל —
איז נאָר צום קראַצן...
(און דאָס אויך מיט—אַ פּערמיט...)

אָבער עפּעס האַלט זיך
מיר אין דאַכטן,
אַז דער קאָפּ
וויל מער נאָך טראַכטן.

און ווען איך זאָג אים:
היט זיך, טראַכט ניט,
נעמט ער מײַנע רייד
אין אַכט ניט,
נאָר פֿאַררייסט זיך
און נעמט פֿרעגן:
ווילסט פֿאַרשפּילן
דײַן פֿאַרמעגן? . . .
נעמט ער טענה׳ן,
זיך קלאָר באַקלאָגן,
און איך קאָן אים
גאָרניט זאָגן —
(ווײַל אַ קאָפּ איז ניט קיין טאָפּ...)

זאָגט דער קאָפּ
איין מאָל ניין!
דער זייגער װעט
צוריק ניט גיין!
זאָל קאָפּ און האַדץ,
מיט מויל און מוח,
זײַן פֿאַראייניקט
אין איין כּוח.
איינס דעם צווייטן
איבערצייגן,
אַז — נאָר טויטע
קאָנען שווייגן . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# לעיבאָר־דעי

אַרבעט! אַרבעט!
בוי גיגאַנטן,
בוי פאַבריקן
פאַר פאַבריקאַנטן.

גראָב די קוילן,
שמיד דעם אייזן,
און אַלץ וואָס
דו קאָנסט באַווייזן.

אַרבעט! אַרבעט!
דריק דעם טרעטער,
מאַך דעם באָס
אַלץ רייכער, פעטער.

און אויב עס איז דיר
אָך און ווײ —
האָסטו יום־טוב...
לעיבאָר־דעי.

אַרבעט מאַכט
דאָס לעבן זיס,
אַ סימן האָסטו,
נו, געווים —

דו אַרבעטסט שווער
אין שטויב און סם,
קילט דער באָס זיך
אָפּ ביים ים.

כאַפּט פון בוים
און בלום אַ שמעק,
און פון אייז־קרים
אויך אַ לעק...

נאָר אויב ס'איז דיר
ניט גוט אַזוי, —
האָסטו דאָך —
אַ לעיבאָר־דעי.

---

ווי גיך דיין יוניאָן
האָט אַ זיג,
שאַפט גלייך שונא
ברודער־קריג.

און פאַרפאַסט
אַ ריי געזעצן,
צערייסן, ברעכן,
שענדן, העצן.

אויך די פּרעסע
שווייגט ניט שטיל,
זי העלפט בילן —
פאַרן „ביל״...

ווילסטו יוניאָן,
ווילסטו „פּעי״ —
גיט מען דרשות...
לעיבאָר־דעי.

## סעם ליפּצין / מיין גאָרמן

דעמאָקראַטיע —
איז באַפעל . . .
נאָר ניט ווייטער
פונעם שוועל . . .

און אין הויז,
אין שאַפּ און גאַס,
זיי פאַרשפּרייטן
ראַסן־האַס.

אַזוי אין קאָנגרעס
און סענאַט,
ווערט אַלץ געפירט
כּיטרע בלאַט.

און זיי שרייען
איין געשריי,
זעט, זיי האָבן —
לעיבאָר־דעי!

נאָר לעיבאָר־דעי
עס קאָן אונדז דינען,
ווען מען האָט נאָר
גוט אינזינען,

אַז איך און דו
און זי און ער,
צוזאַמען זיינען —
אַ געווער!

„ווען דיין שטאַרקער
אָרעם וויל,
שטייען אַלע
רעדער שטיל”.

אַזאַ יום־טוב
איך פאַרשטיי,
וואָס ווערט מיינען —
לעיבאָר־דעי!

# טעלעוויזשאָן

ווילט איר זען וואָס,
ווילט איר הערן?
דאַרפט איר איצט
קיין סך ניט קלערן, —
בלויז אַ דריי נאָר
אָט דאָס קנעפּל,
און איר זעט —
אין יענעמס טעפּל...

איצט איז עס שוין
מער קיין נייעס,
זען שוואַרץ-קינצלער,
טאַנצן חיות, —
אַ נייער וואונדער
ווערט געוויזן,
גיט אַ קוק נאָר —
טעלעוויזשאָן!

עס דערציילט זיך
ווי אַ חד-גדיא,
ביז געקומען
איז צו ראַדיאָ,
גראַמאָפאָנען,
טעלעפאָנען,
אַטאָם-באָמבעס,
פלי-קאַנאָנען,
און אַלץ נייע,
נייע ריזן,
ביז, אָט האָט איר —
טעלעוויזשאָן!

איר זעט דאָ מואווים,
ליבעס, „פאַיטן",
אַלץ וואָס טוט זיך
וואו ביי לייטן.
אַלעס, אַלעס,
ווערט געוויזן —
ס'איז דאָך עפּעס
טעלעוויזשאָן!

קלייבן איצט זיך
פריינט צוזאַמען,
אַלטע, יונגע,
מענער, דאַמען,
קלייבן אַלע
זיך אינאיינעם,
אַלע ווערן —
נאָענטע שכנים,
און עס גרויסט זיך
פּיפּערנאַטער,
וואָס אַ טעלע-
וויזשאָן האָט ער,
און זי בלאָזט זיך
ווי אַן אינדיק,
ביז צום פּלאַצן
פון אַפּענדיק...
זיצן ביידע,
מאַן און ווייבל,
קוקן אין דעם
טעלע-שייבל —
אויף אַ פּרייז-פּאַיט

אין דער אַרענע
צווישן פעדי־מאַיק
און „היט־עם" בעני.
ער — פאַר מאַיק׳ן,
זי — פאַר בעני׳ן,
גאָר צעקאָכט שוין
ביידע זיינען.
זי שרייט: „בעני,
נעם אַ שטעקן!"
ער שרייט: „מאַיק,
נו, נעם אים דעקן!"
און אַז דאָס גלעקל
הויבט אָן קלינגען,
הויבט זי גלייך אָן
טופּען, שפּרינגען.
און וואָס שפּעטער,
און וואָס ווייטער,
מאַן און ווייב
עס ווערן פאַיטער, —
אַ נייער קאַמף
האָט זיך באַוויזן,
אַלץ אַ דאַנק —
דער טעלעוויזשאָן...

---

אַ צווייטער פאַל
עס האָט געמאַכט זיך,
וואו אַ מאַן ס׳האָט
פאַרטראַכט זיך...
פרוי און קינדער
אינדערהיים,
און ער — אַוועק איז
צו אַ „געים".
נאָר אָנשטאָט צו
גיין מיט הערי׳ן,
איז ער אַוועק גאָר —
מיט זיין מערי׳ן...
נאָר הערי תיכף
רופט אָפּ גלייך:
איז מיין מערי
דאָ ביי אייך?
נאָר פון הערי׳ן
און פון מערי׳ן
ניטאָ קיין צייט איז
איצט צו הערן.
פרוי און קינדער
איצטער מוזן,
זען און הערן —
טעלעוויזשאָן.

זיצן אַלע
שטאַרק פאַרטאָן,
זעען די „געים" —
ווי עס גייט אָן.
נאָר אָט צעלאָזט זיך
אָן אַפּלאָוז,
ווייזט מען גלייך
דאָס פאָלק אין הויז.
פּלוצלונג שרייט
דאָס יינגל טעדי:
מאַמע, זע נאָר,
אָט איז „דעדי"!...

קלאָר עס האָט זיך
איר באַוויזן

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

אין דעם שייבל
טעלעוויזשאָן, —
אַז איר מאַן
איז ניט ווי אַלע,
אַפּלאָדירט גאָר —
מערי'ס טאָליע . . .
ער טוליעט, ליובעט
זיך מיט מערי'ן —
אַך, וואו נעמט מען
איצט איר הערי'ן?

ווערט זי בייז
און פול מיט צאָרן:
אַ בראָך וועט באַלד זיין
זיינע יאָרן . . .
און זי האָט דאָס
גלייך באַוויזן . . .
זי האָט צעבראָכן
די טעלעוויזשאָן! . . .

---

אָבער וואו אַ מאָדע,
אַ נייער פּאַסאָן,
נעמען אַלע
גלייך דאָס טאָן.
זיץ איך איצטער
ווי אין פּריזאָן,
איך האָב אויך שוין —
טעלעוויזשאָן.

איז ביי מיר
איצט גאָר אַ קעסל:
חיה שרה,
פייגע, פעסל,
אַלע כאַפּן
שטולן גיך,
נאָר מיין ווייב —
זי ליגט אין קיך.
שטענדיק ביזי
מיטן קאָך,
און איך דערלאַנג זיי
נאָך און נאָך.
אַ קוק אין טעלע —
און אַ בים;
אַ קוק אין טעלע —
און אַ רים.
דעם גיב עפּל,
דעם באַנאַנעס,
גרייט זיי אָנעט —
מאַרצעפּאַנעס.
איך מוז אויסשטיין
די קאַפּריזן,
אַבי איך האָב שוין —
טעלעוויזשאָן.
נאָר פון זען וואָס
אָדער הערן,
איז ניטאָ גאָר
וואָס צו קלערן . . .

# אין דאָלאַר־לאַנד

אַמעריקע —
לאַנד פון הו־האַ,
לאַנד פון אוי־אוי,
לאַנד פון כאַ־כאַ,
קעסל־גרוב,
גרויסער מיש־מאַש,
באַנען, עראָפּלאַנען,
ראַש און קוראַזש.
אַ שטומער זינגט דאָ
אויס אַ ליד,
אויפן בוידעם
אַ יאַריד ...
אַלץ פאַרכאַפּט דאָ
אַ בהלה,
פון הימל שרײַבט מען:
טרינק „קול־קאָלאַ" ...
איינער גרויסט זיך:
זע, עמפּײַער!
מיליאַנען גייען —
אַן אַ דרײַער.
איינער סמ'ט זיך,
אַ צווייטער גאַז'ט זיך,
און אַ דריטער —
גאָר פאַרדזשעזט זיך.
הו־האַ,
אוי־אוי,
עס גראַמט זיך
פײַן מיט פּײַך,
ווײַ און אָ־קעי
און האַלאָו
מיט דזשים־קראָו ...
עסן, איז פאַראַן לרוב
און עסערס זוכן —
אין מיסט דעם דרויב.
איינער טרינקט שאַמפּאַניער,
אַ צווייטער
בעט אַ סאָדע;
איינער גייט דאָ נאַקעט,
אַ צווייטער —
לויט דער מאָדע,
און מאָדעס ברעכן אויסעט
נאָר ווי אַ מגפה ...
און פאַלשע נייעס
שפּרייט זיך,
ווי אין וואַלד אַ שׂרפה ...
און די גאַזעטן,
אוי, די גאַז־עטן! —
זייט מיר מוחל —
ווי אָפּטרעטן ...
זיי ווייסן אָפט ניט
פון זייער חיות,
דאָך מ'ליאַפּעט
אַנעט נייעס.
מ'דינגט זיך אַן
עפּעס אַ שרײַער;
היינט איז ביליק —
מאָרגן טײַער ...
טראַ־טאַ־טאַם,
דאָס איז דער טראַפּ,
פאַר דער צײַטונג —
אַ גרויסער קאָפּ ...
און די נייעס —
פויל און פוסט,
אַזוי ווי נאָר
אַן אַסטמע־הוסט ...

אַ באַל-געים איז
די ערשטע נייעס,
פון אַ פּרייז-פּאַיט
קומט צו חיות . . .
פערד-געווועטן
שטענדיק ברויזן,
כאַטש דער שפּילער
פאַרלירט די — שלייקעס . . .

אַמעריטשקע,
דו גאָלדן לאַנד,
קיין זאַך איז
ביי דיר קיין שאַנד, —
אַבי געשעפט נאָר
קאָן מען טאָן,
זיצט מען דאָן
ביים אויבן-אָן.
און אין געשעפט
איז אַלץ צו קריגן —
אַ האַלבן אמת,
אַ גאַנצן ליגן.
מ׳איז ביזנעס, יו-נאָו . . .
און כשר, ביי לאָו . . .
בהשגחת
די „פּעי" (ד׳פּה) . . .

האָרי-אַפּ,
איינס און צוויי . . .
און רעקעט, גענג
און פּאָליטישן,
זיינען קאָך-לעפל,
אין אַלץ זיך מישן . . .
און זיי מישן
און זיי קאָכן,
ווער צום לעבן
און ווער — געבראָכן . . .

אַמעריקע —
געלאַכט און געוויינט,
געזאָגט, ניט געמיינט;
אַ פינטל די אויג,
אַן האַלאָו אַ צע-צי,
אַ זעץ אין זייט:
עקס-יוז-מי . . .

אַמעריקע —
לאַנד פון הונגער,
לאַנד פון עסן,
בעדרום-מעשיות,
גט-פּראָצעסן.
לאַנד פון קראַך,
לאַנד פון בום,
היפּאָקריט,
און סטראַפּטשע פרום.
לאַנד פון קיי
און לאַנד פון שפּיי,
טשו-טאַבעקאַ, נאַשעריי.
דאָ אַ פּאָון-שאָפּ, דאָ אַ באַר —
מיט געלט אַ חכם,
אָן דעם — אַ נאַר . . .
מיט „פּול" און „פּוש" —
אַבי נאָר יאָרן,
קאָן לא-יצלח —
ווייט דאָ פאָרן . . .
„בי אַקוועינטעד",
זייט באַקאַנט:
דאָס באַרימטע
דאָלאַר-לאַנד!

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## פאַרשפּילט אַ וואַקאַציע

אַ גאַנצן „סיזן" אָפּגעפּינצטערט.
זיך קוים דערוואַרט אויף וואַקאַציע.
איינגעפּאַקט זיך אַלע „וויעסטשעס",
גרייט צו פאָרן פאַר קוראַציע . . .

פול די הענט מיט פּעקלעך גרויסע.
ביי דער זייט צוויי טשעמאָדאַנעס,
נאָר אין מויל ער פּילט אַ טעם שוין
פון פויגל-מילך און מאַרצעפּאַנעס.

ענדלעך פאָרט ער שוין אויף אָפּרו,
און כאַטש עס טרייסלט די נשמה,
עס פּלאַצט געדולד, עס פּלאַצט אַ „טאַיער" —
דאָך דערוואַרט ער אַ נחמה.

נאָר אַז מ'לעבט, קאָן מען דערלעבן.
ער איז פאַרפאָרן אין האָטעלכל.
מ'נעמט אים אויף פון אַלע זייטן,
אויפן „מאַיק" רופט אויס אַ קול'כל:

לאָזט די פּעקלעך אַלע שטיין דאָ,
קומט אַריין וואָס גיכער עסן!
נאָר אינמיטן — אַ בראָך: ער כאַפּט זיך,
אַ טשעמאָדאַן אין באָס פאַרגעסן.

לויפט מען נאָך דעם באָס צו כאַפּן,
באַלד עס ווערט דאָרט אַ טרעוואָגע.
הערווײַלע איז דאָס גאַנצע עסן
קאַלט געוואָרן ווי פּיס-נאָגע.

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען,
קווּעלט ער אָן פון דער וואַקאַציע.
שטעלט ער זיך אין „לאַין" צו וואַרטן
פאַר זיין צימער רעזערוואַציע.

ענדלעך קריגט ער שוין אַ צימער,
ווי פאַרזיכערט, ס'איז דער שענסטער,
נאָר אַ קלייניניקער חסרון —
ס'איז שווער צו עפענען די פענצטער.

נאָר ווי ניט איז, מ'האָט געעפנט,
האָט גענומען שלאָגן פון קיך אַ ריח . . .
און אַ האַקמעסער מיט אַ מילכל
האָבן גענומען קלאַפּן אים אין מוח :

היינט וועט זיין געהאַקטער לעבער,
געהאַקטע פיש און הייסע פראַנקעס.
נאָר דערווייל האַקט אין קאָפּ אים,
ווי מ'וואָלט אים האַקן באַנקעס.

טראַכט ער : זאָל די נאַכט נאָר קומען
וועט ניט זיין מער קיין גערודער,
פרי וועט ער זיך לייגן שלאָפן,
אויסצורוען די מידע גלידער.

און ווי געטראַכט, אַזוי אויך טוט ער :
צען אַזייגער ער ליגט אין בעטל.
נאָר אינמיטן טורקעט אים דער שכן :
קום אַראָפּ, עס וואַרט אַ „חטא'ל".

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

עס פעלט אַ האַנט צו אַ „מזומן”,
ווינקט דער שכן מיט אַ מינע.
מ'שפּילט דאָרט פינאַקל און פּויקער,
אויך קאַנאַסטאַ און קאַסינאַ.

ווערט אוים בעטל, נאָר — אַ טישל.
מ'טיילט אוים קאָרטן יעדן איינעם,
נאָר געשפּילט זאָל זיין מיט חשבון,
ניט פאַרלירן די תחתונים.

איז ער ביים שפּיל אַזוי געזעסן,
ווי מיט שטריק דאָרט צוגעבונדן.
נאָר ביז ער האָט אַרומגעקוקט זיך,
איז ער אַרוים ווי אָפּגעשונדן.

אַוועק פאַרביטערט און פאַרשלאָפן,
מיט אַ פּנים פון אַ פּגר . . .
ווען ער איז אין בעט געפאַלן
האָט אויסגעקלונגען פינף דער זייגער.

זעקס אַזייגער קרייט דער האָן שוין
און זאָגט-אָן, עס איז פרימאָרגן.
פּונקט זיבן האָט דער גלאָק געקלונגען:
שטייט אויף, מענטשן — אַ גוט-מאָרגן!

שלאָפט ער אָבער ווי גע'הרג'עט.
(נו, יאָ, אַוודאי האָט איר געטראָפן),
ס'האָבן אַלע פרישטיק אָפּגעגעסן —
נאָר די „שפּילער” — אַלץ נאָך שלאָפן . . .

— — — — — — — — — — — — — —

### סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

אַזוי פּערצן טעג זײַנען פֿאַרפֿלויגן,
צע׳פּטר׳ט גאָלדענע צוויי וואָכן,
בײַנאַכט געשפּילט בײַטאָג געשלאָפֿן.
און צום סוף — אַרויס געבראָכן . . .

אַהײם געפֿאָרן איז ער מיט שאַנדע
שטאַרק פֿאַראומערט און מיט מורא.
ניט דערעסן, ניט דערבאַקן,
אײַנגעזונקען אין מרה שחורה.

געבראַכט אין הויז צוריק די פּעקלעך,
פּעלט אים לופט, ער דאַרף קוראַציע.
פֿאַרלאָרן וואָג און — יעדע פּעני
און פֿאַרשפּילט אויך די וואַקאַציע . . .

# פאָרסטו אויף רו — לאָז אַלץ צורו...

וואָכן לאַנג האָט ער גע'חלומ'ט,
די טעג געשטופּט — פּונקט ווי די יאָרן,
און געוואַרט אויף דער וואַקאַציע
אין די בערג אַוועקצופאָרן.

ווען ער האָט די בערג דערזען שוין,
האָט ער געקוואָלן: ס'איז אַ גן־עדן...
געבליבן שטיין איז ער פאַרגאַפט,
און מיט עקסטאַז גענומען רעדן:

אָך, ווי גוט עס איז די לופט דאָ,
טעם גן־עדן ס'איז דאָס עסן.
ס'איז דאָך גאָרניט אָפּצושאַצן,
וואָס מ'קאָן דעם שאָפּ פאַרגעסן...

נאָר עפּעס דאַכט אים נאָר אויס,
ווען ער דערזעט דעם „האָרמאַן",
אַז ער זיצט ביי דער מאַשין —
און לעבן אים דער פאָרמאַן...

און זעט ער נאָר אַ גאַסט אַ גראָבן
מיט אַ פּעמפּיק — אַ געפּאַקטער,
איז גלייך אַ כאַפּ זיך פאַרן קאָפּ:
„געוואַלד, דאָס איז דער קאָנטראַקטאָר"...

אַזוי די בערג מיט שטראָמען־וואַסער,
וואָס שטענדיק האַלטן זיי אין רינען, —
פאַר אים עס האָט דאָס אַלץ געקלונגען,
ווי דער רויש פון די מאַשינען...

און פון אַ קוק אויף בערגער הויכע,
וואָס עס כאַפּט אַזש אָן אַ מורא,

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

זײַנען די בערג פֿאַר אים געװאָרן
„באַנדלעך", „באַנדלעך" — שטיקער סחורה . . .

אין די נעכט מיט טיפֿער שטילקייט,
פֿלעגט ער צומאַכן אַ אויג ניט קאָנען.
יעדער קלאַפּ פֿון מילדן ווינטל, —
ווי דער לענדלאָרד — „רענט" קומט מאָנען . . .

ביים טיש דאָס עסן, פֿלעגט ער כאַפּן,
ווי געיאָגט פֿון אַ כאָליעריע . . .
און אויף די אויסגעפּוצטע טישן —
האָט ער נאָר געזען — די „קאַפּעטעריע" . . .

אויף אַ שפּאַציר צווישן בוימער,
ווען די זון איז שוין פֿאַרגאַנגען,
האָט ער געזען אַ קעסל־גרוב
פֿון שטאָל און אײַזן און פֿון — צוואַנגען . . .

ווי אַ שטאָט עס האָט אים אויסגעקוקט,
ווי אַ בייזע האַלוצינאַציע,
ער האָט אינגאַנצן גאָר פֿאַרגעסן,
אַז ער געפֿינט זיך אויף וואַקאַציע . . .

אַזוי האָט ער דעם יאָך געטראָגן,
אַ מינוט דעם שאַפּ דאָרט ניט פֿאַרגעסן.
געטראַכט פֿון אַלע בייזע ווינטן,
סיי אין שלאָפֿן, סיי ביים עסן . . .

און ווען פֿאַרענדיקט האָט ער זײַן אָפּרו,
האָט זײַן אויג געזען נאָר בערג מצבֿות . . .
און פֿון די בערג מיט די האָטעלן —
איז אים נאָר געבליבן — בערג מיט חובֿות . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# פאָרט לעבן אַ טאָג...

גענוג, זאָגט ער, צו שוויצן דאָ,
ביים סטופּ נאָר שטענדיק ליגן.
צעפּאַרעט ווערן פון דער זון
און צעפּרעסן פון די פליגן . . .

איך וועל אַרויספאָרן פון שטאָט,
אָפּרוען מיינע גלידער,
זיך טרעפן מיט אַלטע גוטע פריינט,
פאַרברענגען צווישן ברידער.

איך וועל פאַרגעסן שטאָט גערויש,
דעם רויך און שטויב אין די פאַבריקן.
ניט פינצטערן אין סאָבוועי־טאָל,
אין איר געדיכטן טשאַד זיך שטיקן.

זאָל שאַפּ פון היץ צעשמעלצן זיך
מיט שער און אייזן, נאָדל־פאָדעם —
איך וועל מיר פאַרברענגען פריילעך,
ס'וועט זיין, ווי זאָגט מען עס, „ליהודים"!

און ניט געטראַכט האָט ער צו לאַנג,
אַליץ פאַרפּאַקט אין טשעמאָדאַנטשיק,
אויסגעפּוצט זיך אין עסיק־האָניק,
ווי עס פּאַסט פאַר אַ יונגנמאַנטשיק.

אין האָטעל איז ער געקומען מונטער,
ווי ער וואָלט געווען אַ היגער.
זיך צעשפּיליעט און צעקנעפּלט, און —
אַוועקגעזעצט זיך גלייך אין וויגער . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

איצט שאָקלט ער זיך לאַנגע שעה'ן,
זיצט אין שטול נאָר און ער וויגט זיך,
און ווער עס פרעגט אים: סטייטש, פאַרוואָס,
נאָר אויפן „פּאָרטש" איר ליגט זיך?

ענטפערט ער קורץ און כמורנע:
כ'בין געקומען דאָ פאַרברענגען,
וויל מען דאָ צען זאַכן מיר,
אויף מיינע פּלייצעס הענגען...

מ'רופט מיר זינגען אין אַ כאָר,
איז מיר געזאַנג גאָר ניט צום האַרצן.
אַ צווייטער רופט מיך צו אַ שפּיל —
וויל פון מיר מאַכן אַ מאָרים שוואַרצ'ן...

אַ דריטער זאָגט מיר כ'זאָל טאַנצן גיין.
מיט אַזאַ טאַלאַנט בין איך ניט באַשאַנקען.
מ'וועט, אַפנים, פון מיר ניט מאַכן
קיין צווייטע איזאַדאָראַ דאַנקאַן.

שפּילן זיך האָב איך ניט ליב,
כ'האָב פיינט אויך פיש צו כאַפּן.
רופט מען מיך צו איבונגען —
זיך לערנען פּילקע קלאַפּן.

האָב איך ליב פיש פאַרטיקע,
ווייל כאַפּן דאַרף מען קאָנען.
און שלאָגן פּילקע? אוי, אַ בראָך —
איר זאָלט דאָס ניט דערמאָנען!

סעם ליפצין / מיין גאָרטן

איר זעט אויפן נאָז דאָס „קנײדעלע״,
וואָס קוקט אויס ווי אַ גוזילקע ?
דאָס האָב איך אַזוי מיר אָפּגעשפּאָרט
פון בלויז קוקן אויף אַ פּילקע . . .

איז אפשר ווילט איר „באָקסן״ זיך ?
פרעגט דער דירעקטאָר אין אַ שמועס.
האָב איך צעלאַכט זיך : גאָט באַהיט,
וואָס מיינט איר, כ׳בין דזשאָו לואיס ?

„האָקן״, זאָגט איר איז זייער גוט,
אפשר נאָר מיט אייער כוח,
פּונקט ווי שאָך שפּילן איז ניט שלעכט —
אָבער גאָרניט פאַר מיין מוח . . .

— — — — — — — — — — — — — —

אָבער איין זאַך היט ער אָפּ,
ער וויל חלילה ניט פאַרגעסן :
דאָבל-פּאָרציע, דריי מאָל אַ טאָג,
ווי נאָר עס קומט צום עסן . . .

אָט אַזוי ער מאַטערט זיך,
אויפן וויג-שטול ער מאַרודיעט,
און האַלט אין איין באַקלאָגן זיך :
„געוואַלד, איך ווער פאַרנודיעט״ . . .

סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

## דער קאָסטאָמער איז גערעכט...

קומט אַרײַן אַ פֿרוי אין קראָם —
מ׳זעט זי קען „אַ קאָך טאָן״...
נאָר אײדער װאָס, און אײדער װען —
ליגט אַ חלה שױן צעפּלאָכטן...

דערבײַ די בולקעס גיט זי אַ קװעטש.
אַ ריס דאָס שטריקל מיט די בײגל,
און מיט די פֿינגער נעמט זי אָן,
פֿאַרזוכט אַ האָניק־טײגל...

גיט אַ קעזל בלױז אַ טאַפּ,
װערט דאָס אין האַנט צעקראָכן.
אַ טוצן אײער דערלאַנגט אַ הױב —
און האַלב פֿון זײ צעבראָכן...

אַ טשאַסטע נעמט זי צו פֿאַרזוכן,
און פּילט אָן בײדע באַקן.
אױף אַ קענדל כאַפּט אַ קוק —
און אַלץ נעמט פֿאַלן, קנאַקן...

גיט אַ זוך אױף די פּאָליצעס,
אַ זוך אין יעדן קאַסטן.
אַ קניפּ, אַ לעק און אַ פֿאַרזוך,
זי האַלט ניט פֿון קײן פֿאַסטן...

ליגן װײַנטרױבן, רײַסט זי אָפּ,
נעמט זיך אָן אַ זשמעניע,
און מיט די פֿינגער כאַפּט אַ לעק
פֿון אַ סלאָיטשיק מיט װאַרעניע...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

זויל זי די פינגער אָפּווישן,
בעט זי ניט קיין טובות, —
רייסט אויס אַ בלאַט פונעם בוך,
וואו ער פאַרשרייבט די חובות . .

אַט וויל זי דאָס, און אַט וויל זי דאָס.
בעט דאָס אַראָפּנעמען און ווייזן.
כאַפּט זי אַ קוק, דערלאַנגט אַ וואָרף :
„זעט, ווי איז מיר, די פּרייזן ! . . .״

דער קרעמער קוקט, די בלוט עס קאָכט,
די פינגער זיינע ברעכט ער.
נאָר זאָגן ? ווייסט ער וואָס מ׳זאָגט :
„דער קאָסטאָמער ז׳שטענדיק אַ גערעכטער . . .״

ענדלעך זאָגט זי, „אַ הערינג גיט.
איך האָב נאָר געציילטע דאָ מינוטן . . .
עס מעג זיין אַ ניקל ווייניקער —
אַבי אַ גרויסן און אַ גוטן ! . . .״

# טרומייטן שאַלן — ס׳איז ערב וואַלן

וואו איר גייט,
וואו איר שטייט,
זעט איר בלעטלעך
שטאַרק פאַרשפּרייט.
אויף אַלע סקווערן,
גאַסן, ראָגן,
הערט מען איצט
איין וואָרט זאָגן.
און ניט נאָר זאָגן,
נאָר אויך שאַלן:
ס׳איז דאָך עפּעס
פאַר די וואַלן...

אַזוי אויף ראַדיאָ,
און טעלעוויז,
מ׳ווייזט אייך ווער
דער „לויפער” איז.
מ׳ווייזט זיין „פּיקטשע”
„בעק” און „פראַנט”,
און צען מאָל צען
ווערט ער דערמאָנט,
אין אַלע גאַסן
און קוואַרטאַלן:
ס׳איז דאָך עפּעס
פאַר די וואַלן...

און די קאַנדידאַטן,
פאַרפּוצט, געצוואָגן,
זיינען גרייט אייך
אַלץ צוצוזאָגן.
דאָס טעלערל געבן
אייך פון הימל,
און עסן קנישעס
ביי יונה שימל,
אַבי, חלילה,
ניט דורכפאַלן:
ס׳איז דאָך עפּעס
פאַר די וואַלן...

שרייט אַ רעדנער
אין הויך־רײַדער.
צען מאָל זאָגט ער
איין זאַך כסדר.
מיין קאַנדידאַט
דאַרף איך ניט רימען,
נאָר איר דאַרפט וויסן
ווי צו שטימען.
ס׳איז אַ געבאָט —
טאָ זייט אַ בעלן
פאַר אים צו שטימען
אין די וואַלן...

איינער טיילט
גראָבע ציגאַרן,
און ער שווערט זיך
ניט צו נאַרן.
זאָגט צו גליקן
מאַכט רעקלאַמעס.
קושט די קינדער —
נאָכמער די מאַמעס.
זיין שטערן גלאַנצט,

די אויגן שטראַלן:
ניט פֿאַרגעסט מיך
אין די וואַלן...

ער איז משיח,
פֿון גאָט אַ גואל.
וועט זיין אַ שוחט
און אויך אַ מוהל.
אייך די טעקסעס
וועט ער שניידן;
פֿון קריזעס־שמיזעס
ט׳איר ניט ליידן.
ר׳וועט מאַכן פּאַלאַצן
פֿון „סלאַמס" און שטאַלן:
ווען איר׳ט דערווײַלן
אים אין די וואַלן...

ער איז באַרימט,
ווי דער בעסטער לויפֿער;
ער וועט אייך דינען
ווי אַ געטרייער שאָופֿער.

האָט פֿאַר אַלץ אַ גוטן מיטל:
איר דאַרפֿט אַ גט?
צי גאָר אַ „פֿערמיטל"?
זייט ביי זיך נאָר
גאָרניט געפֿאַלן,
און געדענקט אים
אין די וואַלן...

ער גייט אין שול,
ער לויפֿט אין קלויסטער,
געדענקט יעדן בירגער
ווי דאָרט הייסט ער.
קעשענעס מיט גאָלד
ט׳ער אייך אָנפֿילן;
אין יעדן טאָפּ —
צוויי אויטאָמאָבילן...
און אין גאַראַדזש
וועט שטיין אַ גאַלאָן,
וואו ער וועט טרינקען
נאָך די וואַלן...

# קאַמף־לידער




פּ. יודיטש — „גאַנץ אָפּט צעקיילט, צעביילט, ׳בלעקליסטעט׳ און האָט אַ פּייג צום עסן — דאָך גייט ער ׳אַ פריילעכס״ . . . („מאָרגן־פרייהייט״, 1938)

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# ניט גוט, ניט גוט, געשריבן מיט בלוט...

(לויט אַ בריוו פון אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט אין וויעטנאַם)

טייערער פּאַפּ און ליב־האַרציקע מאַם:
איך שרייב אייך דעם בריוו אין „ליכט" פון וויעטנאַם,
וואו עס ברענען הימען, גייען אַוועק מיטן פלאַם...

איך זע עס פאַלן די דעכער און ווענט.
אָרעמע פאַרמעגנס ווערן אין אַש פאַרברענט.
אַלץ ביז דער ערד ווערט פאַרניכטעט, פאַרלענדט...

מ'קריכט אויף די בייכער, ווי עס קריכט אַ שלאַנג.
אַ מענטש ווערט פאַרשניטן — ווי מ'שניידט אָפּ אַ זאַנג.
מ'זעט פאַר זיך דעם טויט — דעם לעצטן גאַנג...

אויך די היגע טאַטע־מאַמעס האָבן ליב זייער קינד,
און טייער עס איז פאַר זיי יעדער שאָף און רינד.
שרייען זיי: פאַרוואָס אַזאַ שטראָף, פאַר וועלכע זינד?

ווער איז דאָ דער שונא? איך קאָן ניט פאַרשטיין.
מ'הייסט אונדז גיין מאָרדן — מוזן מיר גיין.
און מ'טאָר גאָר ניט זאָגן, אַז דאָס איז געמיין...

כ'האָב אַ סך נאָך צו שרייבן, נאָר עס שטיקט דער רויך,
ביז אין די הימלען רייסט ער זיך הויך.
און איך... איך... כ'האָב מער ניט קיין כוח...

איר פילט אין מיין שרייבן, מיין גייסט און מיין מוט...
זייט מוחל אויב דאָס שרייבן לייענט זיך ניט גוט, —
דער בריוו ווערט געשריבן מיט מיין אייגענעם בלוט!...

1967

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## „ווי שעל אָווערקאַם!"

„ווי שעל אָווערקאַם!", זינג שוועסטער, ברודער — זינג!
צעטראָג איבערן לאַנד דיין שטורמישע מאַטאָ-ליד.
צוזאַמען מיטן חלום פון מאַרטין לוטער קינג,
און דעם רוף פון מוטיקן קעמפער — זינג, ווער ניט מיד.

מאָן אויף דעם חוב פון הונדערט יאָר,
ערנסט איז געווען לינקאָלנ'ס גרוים וואָרט:
דער חלום פון נעגער מוז קומען אין וואָר.
פרייהייט און גלייכהייט אין יעטווידער אָרט!

נעגער און ווייסע זאָלן זיין אומעטום גלייך,
אין סקול, אין וואַש-צימער, אין באַן, אין רעסטאָראַן.
צו אַלעמען געהערט דאָס לאַנד, ים און טייך,
פּאַרק, מוזיי, טעאַטער, שיף, עראָפּלאַן!

ווי אַ גלייכער בירגער פונעם גרויסן לאַנד,
ווי אַ גלייכער מענטש מיט האַרץ און בלוט,
זאָל אָראָפּ פון לאַנד די מיאוס'ע שאַנד,
אַ רעכט אויף באַשטימען דורך געבן דיין „וואוט"!

גענוג זיין אויף הפקר, ווי אויף וואַנט אַ פליג.
דיין נאָמען צום גוטן זאָל ניט ווערן דערמאָנט.
נאָר זיין אָנערקענט בלויז אַ סאָלדאַט אינעם קריג,
וואו מ'טיילט אים צו „כבוד" — אויפן פייער אין „פראָנט"...

אַ סוף זאָל נעמען צום הערשער, „סלאָם-לאָרד".
גלייכהייט צו וואוינען אין יעדער הויז און גאַס.
גענוג נעגער-בלוט פאַרגאָסן, גענוג פּיין און מאָרד,
„ווי שעל אָווערקאַם!" — ראַסן-העצעס און בייזן האַס!

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# קריג דעם קריג!

עס וועט קומען דער טאָג וואָס אַ קינד וועט פאַרשטיין
און זאָגן אָפן און שאַרף — כ׳וועל אין מלחמות ניט גיין!

איך בין געבוירן צו לעבן פון קינדווייז אין וויג,
איך האָב ניט קיין אורזאַך צו גיין אין אַ קריג.

אויב אַ פּאַראַזיט וויל פאַרשלינגען אַ פרעמד שטיק לאַנד,
זאָל ער גיין זיך שלאָגן — אַפילו קאָפּ אָן דער וואַנט.

ער פאַרקריגט זיך מיט אַ מלוכה, וואָס איז אַ קליין, רואיק לאַנד.
ער הויבט אָן צו שרעקן מיט געווער ביים ראַנד.

נעמט גלייך כלי-זין (ס׳איז אַ גוטער געשעפט),
און „כאַפּט" יונגע קינדער — מ׳רופט דאָס אָן „דרעפט" . . .

מ׳צווינגט אַ יונגן בחור גלייך צו נעמען געווער,
און מ׳לערנט אים מאָרדן קעגן זיין געוויסן און באַגער.

וועסטו הרג׳ענען יענעם, ביסטו אַ בריה, אַ כוואַט;
וועסטו ווערן גע׳הרג׳עט — ווערסטו אַן „אומבאַקאַנטער סאָלדאַט" . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

וועט מוזן קומען דער טאָג, ווען יעדער מענטש וועט פאַרשטיין,
צו זאָגן דעם קריגס-צינדער: ווער גע׳הרג׳עט אליין!

סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

# עס גערענקט זיך

איך געדענק גוט די נעכטיקע, נאָכטיקע טעג,
כאָטש זיי זײַנען פֿאַרגאַנגענע יאָרן אין ווײַט,
דאָך אַלע געשעענישן זײַנען מיט קאָרבן פֿאַרצייכנט,
ווי די ציפֿער אויפֿן זייגער — ווײַזן די צײַט...

עס געדענקען זיך יענע טעג פֿון גוטע וואונטשן,
ווי גע'חלומ'ט פֿון דעם מ'האָט יאָר נאָך יאָר.
ס'האָט אויסגעזען, דאַכט זיך, ס'איז טאַקע אַ חלום,
און איצט זעען מיר — דאָס אַלץ ווערט אין וואָר.

אַ פֿאַנטאַזיע געווען איז — אָרגאַניזירן די מאַסן,
סאָציאַליזם — אַ שרעק גאָר — ווי פֿײַער, ווי בראַנד.
איצט ווײַזן די ווײַזערס אויפֿן זייגער די צײַט,
ווי די שטימען פֿון פֿאָלק דערגרייכן יעדעס לאַנד.

עס זײַנען געווים שווער נאָך די אַלע קאַמפֿן,
עס לויערט פֿאַהאַזיט נאָך, דער אַלוועלטלעכער פֿײַנט,
נאָר דער נעכטיקער טאָג — איז שוין אַ נעכטן,
מיר האָבן פֿאַר זיך איצט אַ גאַנץ אַנדערן הײַנט...

איז כאָטש עס געוועלטיקט נאָך דער פּרעה־זיט,
ווי דער שאַרק אַלץ צו שלינגען ער וויל,
דאָך שײַנט די זון אין דעם נײַעם קאַיאָר —
און דער נײַער מענטש שפּאַנט צו זײַן ציל!

ס ע ם  ל י פ צ י ן  /  מ י י ן  ג אָ ר ט ן

# „אַ וואָך פון נעגערשער געשיכטע"

ניט אין אַ וואָך, ניט אין אַ יאָר, געווידמעט נעגער־געשיכטע
קאָן אין אַ ליד, צי אַ בוך, אַרויסגעבראַכט ווערן
די ביטערע געשיכטע פון דעם האַנדלען מיט שקלאַפן
וואָס לויפט דורך גאַנצע טייכן פון בלוט און פון טרערן.

ס'איז גענוג אויפצומישן אין די לינקאָלן־בלעטער
פון די העלדישע קאַמפן דורך דעם שקלאַפן־באַפרייער.
און ווי אַ פאָלק אַ פאַרשקלאַפטס האָט אַזוי פיל באַוויזן
צו געבן דעם לאַנד דאָ אַזוי פיל צושטייער.

וואַקסט די נעגער־געשיכטע אין די פאַראייניקטע שטאַטן,
נאָר מיט ראַסן־האַס צעטיילט, לויטן באַפעל פון אַ קליפה.
מ'רעדט פון נעגער־רעכט, גלייכהייט, דעמאָקראַטיע,
נאָר די ראַסיסטן טוען זייערס אַלאַ־אַלאַבאַמאַ, מיסיסיפי . . .

איז וואָס מיינט אַ וואָך דערציילן פון נעגער־געשיכטע,
ווען איבער הונדערט יאָר האַלט די מענטשהייט אין שרייען:
צוויי און צוואַנציק מיליאָן נעגער ליידן פון רדיפות און געטאָס
קעמפן קעגן פרעה'זיטן — פון שקלאַפעריי זיך באַפרייען.

דערפאַר, אַזוי לאַנג ווי ס'וועלן וואַקסן ביימער אין וואַלד,
וועלן שטענדיק זיי זיין פון לינטשער און תליות אַ צייכן,
וויפל נעגער־קרבנות זיינען אַזוי אומגעקומען
אין קאַמף פאַר גלייכהייט — נעגער־רעכט דערגרייכן!

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# די נאַכט איז מיין רו־טאָג

די נאַכט מאַכט ניט פינצטער מיין לעבן.
די נאַכט איז אָפט מיין טאָג פון רו.
די שענסטע געדאַנקען ווערן מיר אין מוח געבוירן,
ווי גיך אין שטילקייט איך שפּאַר זיך נאָר צו.

טעמעס קומען צופליען — ס׳דאַכט זיך, ס׳איז אַ חלום;
אינדערפרי דערשיינען זיי שוין לעבעדיק, אויף וואָר.
ווי גיך איך פאַרשרייב זיי אויף ווייסן פּאַפּיר —
ווערט אַ זינג־בלאַט אין מיין לידער־כאָר.

אַמאָל ברענגט מיר די נאַכט לידער פון יום־טוב,
אַמאָל אויך אַ פרייילעכס, איך אַליין קוועל פון פרייד.
איך טראַכט פון די קינדער, אַזוי פון די גרויסע,
מענטשן זאָלן זינגען, פאַרברענגען נאָר געזונטערהייט.

צרות און נויט האָט די וועלט איבערגענוג;
צופיל מענטשן לעבן און ליידן אין שטענדיקן קלאָג;
גיט די פינצטערע נאַכט אָפט אַ ליכטיקן לעבן —
צו פאַרגיטיקן דאָס לעבן פון אַ פינצטערן טאָג! . . .

# פרייד און לייד

אין גאַנג פון לעבן איז נישטאָ קיין שטענדיקע פרייד.
עס איז שטענדיק אַ מאָדנער געמיש — פון פרייד און לייד.
איר זינגט־אויס „לחיים" מיט אַ בעכער פול וויין,
נאָר גאָר אומבאַמערקט — גנב׳עט אַ טרער זיך אַריין . . .
דערפאַר אַ לויב יעדן טאָג, יעדער גוטער מינוט —
וואָס גיט דאָס ביסעלע פרייד — אַ חיי־שעה איז אויך גוט . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## עס איז צו שרייען געוואַלד!

שטענדיק טראָג איך אַ בייז האַרץ אויף די וואָס האָבן אַ סך,
ווען דער צווייטער האָט ניט קיין ביסל.
איינער האָט פלייש און עוף, און פּעטע „אויגן" אין יויך,
און אַ צווייטער האָט נאָר טרערן אין שיסל . . .

איך טראָג תמיד אַ פאַרדרוס אויפן רייכן בעל־גוף,
וואָס שפּאַנט אַרום אין שלאַפראָק מיט דער ליולקע;
און עס ווייט שטענדיק מיין האַרץ פאַר דעם „באַנטשע שוויג" —
וואָס שקלאַפט און שאַפט — און חלומ'ט אַ „בולקע" . . .

איך טראָג שנאה אין האַרץ אויפן רייכן פּוסט־און־פּאַסניק,
וואָס האַלט באַדינער צו וואַשן אים און קראַצן,
און לאָזט זיי הפקר אין נאַסן קעלער צו וואוינען,
אין שכנות מיט שמוץ און ראַצן . . .

ס'איז צו שרייען געוואַלד, ווי רייכע לעבן אין פּאַלאַצן,
צימערן אָן אַ צאָל, אַלץ באַוואָרנט און זיכער,
ווען טייערע ווערק ליגן ביים שרייבער פאַר'יתומ'ט —
ניטאָ אַ שראַנק, אַ צימער, פאַר די טייערע ביכער . . .

## אַלע גלייכע יחסנים

פעלקער דאַרפן לעבן אין שלום, ווי פינף פינגער אין האַנט,
ווי ציגל פאַראייניקט אין דער צעמענטענער וואַנט,
ווי ווייצן פאַרבונדן צוזאַמען אין סנאָפּ,
ווי די צעלן פון זכרון אין מענטשנס קאָפּ.
מעגן זיין די פינף פינגער קלענער און גרעסער,
דאָך גלייכע יחסנים — איינער פון צווייטן ניט בעסער . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## דער קאַמף איז זיכער—קעגן ווינט־מאַרעוויכער

שטייען נאַקעט די ביימער, די בלעטער צעפּאַלן,
גרוי איז דער הימל, פאַרטונקלט די שטראַלן.
פאַרשוואונדן די גרינס, ווי אַ מדבר דער גאָרטן.
בלויז טרוקענע שטענגלעך מ׳זעט דאָ און דאָרטן.

פליען סטאַיעס פויגל איבער בריקן, איבער צאַמען,
פאַרזאָרגן דעם מאָרגן — האַלטן זיי זיך צוזאַמען.
די פליגל צעעפנט, ווי פון ווינטן געטראָגן,
צו אַ וואַרעמען ווינקל זיך ערגעץ דערשלאָגן.

אויפן פעלד שטייט אַ בוים, ווי אַ עלנדער דאָרן,
הערט זיך איין אין דעם פייף פון ווינטיקן צאָרן.
קוקט צו מיט צער, ווי די ווינטן און רעגן
יאָגן די בלעטלעך אויף אַרומיקע וועגן.

נאָר די ביימער אויף די שטאַמען האַלטן זיך זיכער,
טראָץ די בייזע ווינטן און דעם ווינטער־מאַרעוויכער . . .
זיי קאָנען דעם ווינט שוין, זיי פייפן און „זינגען",
נאָר זיין „אַרבעט" — פאַרניכטן — וועט אים ניט געלונגען.

בלויז אַ צייט קאָן דער שטורעם שאַפן אומעט און טרויער,
נאָר דער בוים האַלט שטענדיק צו דער ערד צו זיין אויער . . .
און קומען וועט פרילינג, דעם „קאַלטן קריג" צאַמען,
ווען דער בוים איז געזונט און טיף זיינע שטאַמען! . . .

## צוזאַמען — ווי פון איין מאַמען...

פאַרפוצטע קוועלן אין גאָרטן די בלומען,
די שיינע, ליבע קינדער פון מאַמע־ערד געקומען.
די רויזן, די ליליעס, די „דעיזים" און פיאָלעטן,
זיי ריכטיק באַזינגען פעלן ווערטער אפילו פּאָעטן.

זיי לויכטן ווי גרינע אויגן, שיינען בלוי־רויט ווי זונשטראַלן,
קעמפן פאַרן לעבן, ווילן ניט אַ בלעטל זאָל פאַלן.
אין קעלט טוליען זיי זיך, באַשיצן איינע די צווייטע,
און אין זונשיין — פאַרפוצטע, יום־טוב׳דיק באַקליידטע.

שמעקט דער גאָרטן אַ מחיה, די צווייגן פעכערן, רוישן,
פאַר איינעם אַ קאָרנבלום, אַ צווייטן — אַ „קאַרנעישאָן".
און דער גערטנער קוועלט מיט ליבשאַפט פון אַ מאַמען,
ווי עס וואַקסט אַלץ אין גאָרטן — און לעבן שיין צוזאַמען!...

## ס׳איז ניט קיין עין־הרע

מ׳קאָן ניט פאַרשלעפּערן צעאייטערטע וואונדן,
אפילו מיט שיינע באַנדאַזשן פאַרקניפּט און פאַרבונדן.
אויך גלאַטע רייד קאָן אַ בראַנד־וואונד ניט קילן,
פאַרשטומען די ווייטיקן — פאַרוויגן, איינשטילן.

מ׳קאָן ניט היילן אַ כראָנישע קראַנקהייט. אַ צרה.
מיט אַ כישוף־שמעקעלע אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע.
נאָר אַ דאָקטאָר איז נויטיק, מיט גוטע מעדיצינען,
וואָס זאָל פאַרן קראַנקן באמת אַ הילף געפינען.

— — — — — — — — — — — — — — —

אויך אַ סאָציאַלע קרענק קאָן מען ניט פאַרשטיקן,
דורך שטאַרקע „באַנדאַזשן" די וואונד „אונטערדריקן".
זי רייסט זיך אַדורך אפילו אונטערערדישע היילן —
ביז אַ ערלעכער אָקטאָר וועט זי גרינטלעך אויסהיילן!

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## ווי אַזוי ביזטו זיידע אַלט געוואָרן?

ליב און האַרציק זיינען אים די קינדער געווען.
ניט געהאַט קיין גרעסערע פרייד, קיין נאָענטערע געפילן,
דאָך שטענדיק פאַרנומען איז ער מיט אַרבעט געווען,
ניט געהאַט פריי אַ טאָג מיט אַ קינד זיך צו שפּילן.

ווי האָט ער געקאָנט פאַר זיך אָפּרייסן שעה׳ען,
פאַר פערזענלעכע פאַרגעניגנס צו קאָנען גאָר טראַכטן,
ווען נויט האָט פאַרשקלאַפט דעם מוח און הענט —
דער שאַפּ האָט פאַרשלונגען די פרימאָרגנס, פאַרנאַכטן.

האָט ער זיך באַנוגנט אין די שעה׳ן די שפּעטע,
ווען די פרוי פלעגט די חכמות פון די קינדער דערציילן,
אַזוי פלעגט ער אָפּט מיט פריידיקע טרערן
פרואוון זיין בענקשאַפט, זיינע וואונדן פאַרהיילן . . .

איצט איז ער פּטור פון שאַפּ, אַ באַפרייטער פון שקלאַפן,
כאָטש מיד איז זיין קערפּער און די קאָפּ שוין אַ ווייסע,
דאָך איז ניט צו שאַצן זיין פרייד אויף דער עלטער,
ווען ער קאָן פאַר די אייניקלעך זיי דערציילן אַ מעשה.

דערציילט ער די אייניקלעך פון די יאָרן די שווערע,
ווי אין שוויץ-שעפּער געאַרבעט, פאַרפינצטערט די יאָרן.
קוקן די אייניקלעך אים אַריין אין די אויגן
און וואונדערן זיך: זיידע, ווי אַזוי ביזטו אַן אַלטער געוואָרן?

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# מ׳מוז היינט זאָרגן צו האָבן פאַרן מאָרגן

ס׳האָט זיך צעוואָקסן דער גאָרטן מיט אַ גרינקייט אַ שיינע —
דער מאַמע-ערד׳ס קינדער, געראָטן איינע ווי איינע.
ווי טעפּיכער איבער פעלד — ווייט-אויסגעשפּרייטע,
מיט בלומען באַצירט — ווייסע, ראָזעווע און רויטע.

צעשניטענע בייטן — ווי טישן געגרייטע,
די ערד באַארבעט מיט כל-טוב אַ פאַרזייטע:
אוגערקעס, קרויטן, ציבעלעס און מערן,
בענטשן דאָס מענטשן: ניט פאַרשטערט זאָל דאָס ווערן!

פון די גראָזן זאָל ווערן היי גאַנצע סטויגן,
פאַרן ווינטער זאָל שפּייכלער פון אַלעם פאַרמאָגן.
זיין זאָלן קאַרטאָפל, און בוריקעס צו שטעלן —
און קיינעם, חלילה, קיין ברויט זאָל ניט פעלן!

נאָר מ׳מוז וואַך זיין, דעם גאָרטן צו היטן,
קעגן שטענדיקן שונא — די צעפּרעסער, פּאַראַזיטן...
דאָס פעלד קולטיווירן — ניט לאָזן צעשטערן, —
און אַזוי וועט פאַר מאָרגן אַ געראַטעניש ווערן!

# אַליין ווי אַ שטיין

פאַרכמורעטע שעה׳ן אין לאַנג-לאַנגע טעג,
בלענדן די אויגן, ווי אויף אַ פאַרבלאָנדזשעטן וועג.
און פאַלט אָן די נאַכט איז ער עלנט אַליין,
אַפילו די קישן איז שווער ווי אַ שטיין.

מינוטן זיינען יאָרן, ביז ער דערלעבט דעם קאַיאָר,
און ווידער קומען אָן זאָרגן מיט דער ביטערער וואָר.
זאָרגן וואָס איז קלאָר אים, אַז מיט שאָטן פון וואַנט
איז מען עלנט אַליין און ניט זאַלבענאַנד...

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# פּאַרטיק אַ הויז...

אַרבעטער אין אָוועראָלס, מיט קעלנעס אין די הענט,
שמירן וואַפּנע, לייגן ציגל און עס וואַקסן ווענט. —

אַ ווייסער שלעפּט ברעטער, אַ נעגער מישט ליים,
צוזאַמען מיטן ייד, איטאַליענער ווערט פּאַרטיק אַ היים.

איינער שלעפּט פּענצטער, אַ צווייטער — אַ טיר,
און דער פאָרמאַן יאָגט אונטער: גיכער, אַ ריר!

די רישטאָוואַניעס שטייגן, עס וואַקסט דאָס הויז הויך,
מ׳זעט שוין אַ קוימען, באַלד וועט שלאָגן אַ רויך.

וואַנעס צעשטעלט, ווייסע אויוונס אין קיך.
מ׳קלעפּט און מ׳קלאַפּט — אַלץ דאָ אויף גיך.

די פּאָדלאָגע, ווי אַ שפּיגל, מאַלערייען אויף די ווענט,
אַ הויז — אַ פּאַלאַץ —נאָר ווער האָט פאַר דעם רענט?

— — — — — — — — — — — — —

איז פּאַרטיק אַ הויז, באַפּוצט מיט גראָז און מיט בלום,
און דער מאַן אין די אָוועראָלס, זוכט אַלץ אַ דירה אַרום...

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# ווער עס דרייט זיך, ווער עס פרייט זיך

וואו געפינט זיך די זון אין די פאַרכמאַרעטע טעג,
ווען דער הימל איז מיט גרוי־שטויב פאַרצויגן,
די ליכטיקע פענצטער, ווי מיט א פאַרע פאַרלאָפן
און דער טומאַן שוועבט אַנטקעגן די אויגן?

וואו געפינט זיך די זון ווען א דאַכלאָזער מענטש
וואַנדערט פאַר׳יתומ׳ט איבער וועגן?
דער הימל באַווייַנט אים פון קאָפּ ביז די פיס
מיט אייז־קאַלטע טרערן פון רעגן.

וואו געפינט זיך די זון, ווען עס ווייען די שנייען,
אין דרויסן ווערט קעלטער און קעלטער,
עס דרייען זיך אַרבעטלאָזע הפקר אין גאַס
און זוכן א שטיקל ברויט און א „שעלטער״?

איך טראַכט ניט, חלילה, אַז די זון פאַרט מיט יענע,
מיט די רייכע פּאַראַזיטן — די זויפער און שענדער,
וואָס ווי גיך זיי דערפילן עס קומט אָן דער ווינטער,
אַנטלויפן זיי אין די טראָפּישע לענדער.

די זון שיינט פאַר אַלעמען גלייך, דינט אַלעמען ערלעך,
און ס׳איז דאָ א מיין אין דעם אופן ווי זי דרייט זיך,
פליט איבער וועלט און פרעגט אויך, אפשר, פאַרוואָס
מיליאָנען ליידן און נאָר א קליינע צאָל פרייט זיך? . . .

# פון נויט־מאַרש צוריק ווידער זוכן גליק...

דרייט זיך אַ מענטש ווי אַ פראַגע־צייכן געבויגן.
אַ שברי־כלי, ווי אַ בעטלער, אַ „באָם",
שלעפּט זיך איבער גאַסן, וואַרפט מיט די אויגן,
שטעלט זיך אָפּ זוכן פון „סלאָם" צו „סלאָם"...

ער גייט ניט צו די הייזער פון רייכע,
מיט גלעזערנע גאַניקעס און מאַרמאָרנע ווענט,
וואו דער אָפּפאַל ווערט ניט געשטעלט ביים טיר —
און אין „אינסינירעיטאָר" ווערט עס פאַרברענט...

אין גאַסן פון אָרעמקייט שטייען פאַר די אויגן
אָפן און פריי, קאַנען געפּאַקטע מיט מיסט,
און איבער זיי שפּרינגען הונגעריקע הינט,
ראַיען זיך צו געפינען אַ ביסן אומזיסט...

נעמט דער הונגעריקער קעמפן, פאַרטרייבן די הינט,
נאָר די הינט האָבן פלינק געכאַפּט דאָרט אַ ביין.
און ער, דער מענטש, מיט קנאה ביי דער קאָן —
מיט ליידיקע הענט געבליבן דאָרט שטיין...

אַוועק צו אַ צווייטן „סלאָם" אויף דער גאַס,
ווידער גענישטערט, נאָר סאיז געווען אומזיסט.
געפונען אַ צעריסענעם זאַק, אַ צעטראָגענעם שוך,
ווייטער מער גאָרנישט — חוץ פּאַפּירן מיט מיסט...

פלוצלונג, ווי פון הימל אַ שקאַרמיץ איז געפאַלן,
און האָט ביים פאַלן לעבן קאָן זיך צעקלאַפּט,
דערזען האָט ער ברעקלעך, אויך שאָלעכץ פון פרוכט,
ער האָט מיט אַלע אברים דאָס עסן געכאַפּט...

———————————

געהויבן גליקלעך די הענט, געוויים געבענטשט גאָט,
געפּרעפּלט, געמורמלט, ווי גערעדט צו זיך אַליין:
גאָט פאַרלאָזט ניט, היט אָפּ זיינע קינדער —
ווי ער היט אָפּ דעם וואָרעם אין כריין...

1967

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# גיי, ניט שטיי — אין „לעיבאָר דעי”!

איך בין ניט קיין זייטיקער צושויער דיר,
בלויז צו קוקן אויף דיין גאַנג אין דער ריי.
מיר זיינען ברידער און שוועסטער, קעמפן צוזאַמען,
און מיט דיר צוזאַמען אין פּאַראַדן איך גיי.

איך בין ניט מיט די פאָלקס-מאַסן גלאַט אַ פּאַרוואַנדטער,
בלויז דורך דער פעדער, פּאַפּיר און דורך טינט.
מיר זיינען פאַרבונדן מיט בלוט אין די אָדערן —
ווי צוויי פאַרליבטע וואָס שפּאַנען אין ווינט . . .

מיר טראָגן פּלאַקאַטן וואָס פאָדערן און מאָנען.
מיר גייען ווי איין מענטש — אַ פּוס לינקס, אַ פּוס רעכטס.
מיט קאָפּ און מיט האַרץ פאַראייניקט צוזאַמען.
אין קאַמף פאַר אַ מאָרגן, וואָס זאָל ריין זיין פון שלעכטס.

מיר גייען צוזאַמען אין געשלאָסענע אָרעמס,
אינעם גרויסן געראַנגל קעגן קייט און ביימש.
און רופן די פירער מיטן אמת צו פירן —
פאַר דעם אמת׳ן וואָרט, דעם ריכטיקן טייטש . . .

פאַרוואָס זאָלן מיליאָנען וואָס בויען און שאַפן,
זיין אויסגעשטעלט שטענדיק צו געפאַר ביי דער ראַנד,
ווען דער רייכער מאַגנאַט זאָל מיט רויבערישן-מאַגנעט
קאָנען „צוציען”, צורויבן אַלץ וואָס ער וויל נאָר אין לאַנד?

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# אָן ריטעם, אָן גראַם — אַרויס פון וויעטנאַם!

קלאָגט אַ דיכטער: ס'איז שווער איצט צו שרייבן.
עס דינט ניט דער מוח, עס קראַמפּן די פינגער.
מיט אויגן פאַרטערטע, און פאַרגליווערטע גלידער —
איז שווער צו זיין אַן אויפריכטיקער זינגער...

ווי קאָן מען געפינען די פּאַסיקע ווערטער,
זיי אויסבינדן, אויסמעסטן, ווער איז דאָס אימשטאַנד? —
ווען ס'האָט דער פירער דאָס פאָלק פאַרראַטן,
געמאַכט די בירגער צום נאַר — צו שאַנד דאָס לאַנד!...

שטייט די מוזע אין טרויער, אַ פאַרוויינטע, אין שוואַרצן,
ציילט די טויזנטער טויטע אויף בלוט-רויטער ערד.
וואַרפט מיט צאָרן ביטערע, פּראָסט-פּשוט'ע קללות —
אויף דעם פּיראַט און זיין בלוטיקער שווערד.

ווי קאָן מען רואיק איינזיצן און ציילן די זילבן,
ווען אָנשטאָט ליכטיקער זון, הערשט אַ פינצטערע נאַכט.
די „קאָמפּיוטערס" פירן אַ טרויעריקן סך-הכל —
וויפל „אונדזערע", וויפל „זייערע" האָט מען היינט אומגעבראַכט...

ברויזן געמיטער מיט שטורעם, דער עכאָ קלינגט איבער וועלט
אַ ליד פון די מאַסן — אָן מוזיק, ריטעם, אָן גראַם —
שרייט אַרויס פון דער טיפעניש פון מענטשלעכע הערצער:
מערדער, וויפל קינדער האָסטו גע'הרג'עט אין וויעטנאַם?

1968

סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

# אין אײניקײט איז מאַכט

באַקלאָגט זיך אײנער פֿאַר אַ צװײטן,
װי די װעלט עס װאָלט זיך עקן:
— דער װעג פֿאַר מיר איז אַזױ פֿינצטער,
װי פֿאַר אַ בלינדן אָן אַ שטעקן . . .

— זע װי מיאוס ס'איז אין דרױסן,
און װער װײסט װאָס זײַן װעט מאָרגן?
ס'איז ניט פֿאַר מײַן כּוח און מײַן מוח
צו פֿאַרטראָגן אַ װעלט מיט זאָרגן.

— איבעראַל, דאַכט זיך, בליצן מיליאָנען לאָמפּן,
נאָר איך זע טונקל דורך מײַנע שױבן,
װי אַ רױך עס װאָלט פֿאַרדעקט זײ
פֿול מיט גיפֿט פֿון אַטאָם־שטױבן . . .

— אױף טריט און שריט באַגלײט אַ שרעק מיך,
אַזױ פֿיל איך אױך בײַנאַכט אין שלאָפֿן.
אין מוח עגבערט מיר אײן פֿראַגע:
װי איז מעגלעך אױף בעסערס צו האָפֿן?

גלעט דער צװײטער אים אױף דער פּלײצע:
— גוטער ברודער, נאָר ניט פֿאַרצװײפֿלט,
אױב מיר זײַנען נאָר אין צװײען,
איז אונדזער כּוח שױן גע'כּפֿל'ט.

— מוז מען רופֿן, װעקן אַלע מענטשן,
עס זאָל װערן כּפֿל און כּפֿליים.
אַ סוף צו קריג, דעם סם־המוות —
און װאו ס'איז שלום איז אױך — לחיים!

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## אַ לאַנד מיט טאָלק — פאַרן אַרבעטער פאָלק!

איך האָב ליב מיינע פריינט, איך האָב ליב מיין היים,
די בלומען אין גאָרטן, די פרוכט אויפן בוים.
איך האָב זייער ליב געסט זיצן אַרום רונדן טיש,
איך פיל דאַן ווי עס פילט זיך אין וואַסער אַ פיש.
באַרוישט פון געזאַנגען, ווי אין חלום אַן אידיליע —
איז מיר טייער און ליב די מאַסן־פאַמיליע.

איך האָב ליב קאָנצערטן, איך האָב ליב טעאַטער,
די טויבן אין די הויכן, די פליגל אין פלאַטער,
און אויפגעוועקט ווערן פון פויגלס געזאַנג,
צו גיין מיט די מאַסן צוזאַמען דעם גאַנג,
צי דורך שמאָלע אַלייען, צי דורך ברייטער גאַס —
אַבי נאָר צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע — מיין קלאַס.

איך האָב ליב מיין געליבטע, ווי אַ פאַרליבטער האָט ליב,
איך האָב ליב אַ וואַרעמען מענטשן — ווי אַן אויוון אין שטוב.
עס איז מיר אויך ליב אַ בגד און אַ גאַנצענער שוך,
און געווים איז מיר ליב דער שראַנק און דער בוך,
נאָר מער פון אַלץ ליב איך אַ לאַנד וואָס לעבט מיט אַ טאָלק,
וואו דער איינציקער באַלעבאָס איז — דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק!

## שמיד דאָס ליד!

שמידער פון גאָלד, פון זילבער, אַנטיקן,
שמידער פון דעם שענסטן אויף דער וועלט, —
פאַרוואָס טראָגסטו אויף דיינע הענט קייטן,
שמידנדיק פאַרן רייכן זיין רייכטום און געלט?

צערייס דיינע קייטן און קוק גוט זיך אַרום,
עפן דיין מויל אויף, דיין פרייהייט־ליד זינג.
וועט זיך אַ נייע קייט שאַפן פון מענטשלעכע אָרעמס
און דו וועסט אויך קריגן דיין חלק —אַ רינג...

## פאָלקס־שטימע — אויף דער בימה...

מעג שרייען רעאַקציע און מאַכן פּאַר זיך
אַלערליי קונצן פון אור־אַלטע געזעצן.
נאָר די וועלט האָט געלערנט און יעדערער ווייסט —
אידעאַלן קאָן מען ניט אין טורמע פאַרזעצן...

מעגן די טורמע־ווענט זיין אייזן־שטאַרק,
מיט שווערע שלעסער אויף פענצטער און טירן,
דאָך וועלן די לאָזונגען דורכדרינגען ווייט —
און וועלן די פאָלקס־מאַסן פירן!...

מעג רעאַקציע זיך שטעלן מיט קולאַק ביים עמוד,
נאָר שטיין וועלן די מאַסן, ווי אַ רינג אַרום בימה,
וועלן באַלויכטן די פראַגן ווי אַ נר־תמיד —
און צעטראָגן אין אַלע ווינקלען ווי אַ הימלשע שטימע!...

## אַ מענטש איז ניט טייער — גוט אויפן פייער...

דער אימפּעריאַליסט טוט אָפּ דאָס ערגסטע:
ברענט שטעט, הרג׳עט קינדער, פרויען און מענער,
נאָר דער „קופּערנער שטערן" האָט אַ תירוץ אַזאַ —
„ווען מ׳האַקט האָלץ פאַלן שפּענער"...

און שפּענער, געוויינטלעך, זיינען אָפּפאַל פון בוים,
וואָס וואַלגערן אין גאַס זיך — און נישט טייער.
ברענט מען די „שפּענער" אויף אַש און שטויב —
און מ׳וואַרעמט די הענט זיך ביים פייער...

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## ניט צעשטערן דאָס לעבן

אין יוני חודש אַלע יאָרן, חתן־כלה — מאַן און ווייב געוואָרן,
אַ נייער דור זאָל זיין געבאָרן.

פאַמיליע, פריינט, אַלע קומען מיט מתנות, שיינע בלומען,
און וואָס זיי ווינטשן — זאָל נאָר קומען.

מזל־טוב׳ס פליען מיט שטאַפּעטן, מ׳טרינקט, מ׳עסט ביי די בופעטן,
גרויס די פרייד — מיט קושן גלעטן.

אויגן פינקלען, באַקן פלאַמען, אַ האָפּקע טאַנצט מען מיט טאַטע־מאַמען,
און מ׳שרייט לחיים הויך צוזאַמען.

— — — — — — — — — — — — — — —

פלוצלינג, אויס מיט שפּילן, טאַנצן, צעשטערט די פרייד, די בלומען־
פלאַנצן —
שווערדן, ביסקן פאַר די אויגן גלאַנצן . . .

אַנשטאָט פראַקן, טוט מען אָן מונדירן, אַנשטאָט טאַנצן—גאָר מושטירן,
אַנשטאָט ליבן, לעבן — מלחמה פירן . . .

אויס לחיים, עס קומט למות — קריג איז גאָרניט קיין קאַטאַוועס —
ווען עס נעמען טאַנצן סאָוועס . . .

מוז מען קעמפן קעגן מאָרד, לוויות, קעגן צינדער, בייזע חיות,
דער מענטש מוז האָבן שלום־בית !

און כדי קריג זאָל זיין פאַרמידן, מוז דאָס פאָלק זיין רעכט אויסשמידן,
די וועלט זאָל הערן — לחיים, פרידן !

## פאַר שלום און ברויט — קעגן הונגער און טויט!

די רייכע, די זאַטע, פול מיט ליבשאַפט באַהאַרצטע,
טראָגן דעם „העלד״ בלומען — ווי מחותנים און פריינט.
נאָר די פאָלקס מאַסן קרעכצן מיט הערצער צעשמאַרצטע.
זיי ווייסן: די מאַכט ליגט ביים פּאַראַזיט, ביים פיינט.

זיי האַלטן געפּענטעטע הילף פאַר שוואַכע און קראַנקע,
וואָס זיינען פאַרעלטערט און הילפלאָז שוין לאַנג.
די פּיאַווקעס ווילן ניט דערלאָזן אַפילו שטעלן אַ באַנקע —
און אַפילו דאָס ביסל „מעדיקער״ זיי קרענקט און טוט באַנק...

זיי ווילן ניט טראַכטן ווי שיין וואָלט זיין די עלטער,
די יאָרן רואיק צו לעבן אָן נויט און אָן פיין.
ניט דאַרפן אין שרעק זיך זוכן אַ קבר, אַ „שעלטער״,
נאָר לעבן אויף דער עלטער אין פרייד און זונשיין.

מוז מען אויף דער עלטער ווידער קעמפן פאַרן לעבן,
פאַר אַ דאַך איבערן קאָפּ און צו זאַט פלייש און ברויט.
און שלום זאָל זיין! — ניט דאַרפן די קינדער זיי געבן —
זיך קירצן די יאָרן און — די קינדער שיקן צום טויט...

## שענער פון שיין

שיין קאָן זיין צירונג. עס קאָן שיין זיין אַ היים.
מ׳געפינט שיינקייט אין שטיינער, ווי אין כלים פון ליים.

ס׳קאָן שיין זיין אַ גאָרטן, וואונדער־שיין פון נאַטור.
אַלץ שיינט צו זיין שיין, וואָס באַשיינט די קולטור.

נאָר שענער פון אַלץ, אויב מ׳וויל גוט פאַרשטיין:
דאָס שענסטע פון שיין — דאַרף דער מענטש זיין אַליין!

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## דער באָס — האַלט דעם שליסל פון שלאָס...

יום־טוב׳דיק, זומערדיק, שיינט אַלץ אין גאָרטן.
עס נויגט זיך יעדעס בלום ווי אַ בעכער מיט ווייַן.
די בין קומט באַגריסן, נעמט פון בעכער אַ זופּ,
און באַלוינט גוט פאַר דעם — זיסער האָניק זאָל זיין...

אַ צעוואַקסענער עפּל־בוים פּעכערט זיינע צווייגן,
ווי ער וואָלט גערופן: קינדעלע, נאַ דיר אַ עפּעלע, נעם.
איך בין פאַראַן דאָ אַ גוטן טעם אייך צו געבן —
און מיר וואַקסן פון ליבע ווען איר האָט הנאה פון דעם...

אויך אויף שטרעקעס גרויסע, אויף באַארבעטן לאַנד,
גרינען און וואַקסן ווייצן און קאָרן.
געבן נאַרונג דער וועלט פאַר יעדן בעל־חיים,
צו־זאָט פאַרן זומער, און פאַר ווינטער צו שפּאָרן...

נאָר אויב ס׳הונגערן מענטשן איז מאַמע־ערד ניט שולדיק.
זי זאָרגט פאַר אירע קינדער, ס׳זאָל אַלץ זיין אָן אַ מאָס.
אַרבעט האָרעפּאַשניק און פילט אָן דעם שייער —
נאָר, אַ פאַראַזיט האָט פאַרכאַפּט דעם שליסל פון שלאָס!...

## מיינע פיינט — און מיינע פריינט

כ׳האָב פיינט חניפה׳ניקעס, לעקער.
כ׳האָב פיינט פאַרריסענע פיינשמעקער.
כ׳האָב פיינט די רייסער, די שמייסער.
כ׳האָב פיינט מענטשן ווי שאַרקן־בייסער.

כ׳האָב אָבער ליב די וואָס אַרבעטן, בויען.
כ׳האָב ליב די פירער וועלכע מ׳קאָן געטרויען.
כ׳האָב ליב דעם וואָס לערנט מענטשן —
מיט זיי וועל איך זיך שטענדיק בענטשן!

## אַ קונצל, אַ דריי — „מעיד אין יו. עס. עי.״

פאַרפלייצט זיינען די קראָמען ווי פון אַ שטורעמדיקער כוואַליע,
מיט אַרטיקלען פון דייטשלאַנד, יאַפּאַן און איטאַליע.
דאָ גייען אַרום אַרבעטלאָזע, פאַר הונגער זיי קראַפּירן,
בשעת אין אַנדערע לענדער לאָזט מען אַלץ פאַבריצירן.

מיט אַמעריקאַנער געלט, פון אַמעריקאַנער פאַבריקאַנטן,
שיקט מען דאָרטן די „אָרדערס״, לויט דעם קונצן דעם באַקאַנטן.
„הענט״ זיינען דאָרט ביליק — איז אַ קלאָג צו די שכירות,
נאָר אין וואַשינגטאָן זינגט מען די „פרי־ענטערפּרייז״־זמירות...

פאַרקויפט מען דאָ איטאַליענישע שיך, דייטשישע כלים,
ווען דאָ אין די פאַבריקן איז אַ שטילער בית־עולם...
פון איין לאַנד קומען הימלען, פון אַ צווייטן לאַנד — קליידער,
אַפילו „מאַריוואַנאַ״ און אָפּיום אימפּאָרטירט מען כסדר...

אַזוי זאַכן, פאַרפיומען, ליאַלקעס, טשעמאָדאַנעס,
צוקערקעס, סאַרדינען — און אַלערליי מאַרצעפּאַנעס.
אַ גאַרניטער פון האָנג־קאָנג, פון קאָרייע — די העמדער,
נאָר וואָגט איר פּראָטעסטירן, זאָגט מען איר זענט אַ „פרעמדער״...

## ברויט און חלה — צוגלייך פאַר אַלע

גוט איז צו אַרבעטן, לאָזן די רעדער זיך דרייען.
איינער זאָל אַקערן; דער צווייטער זאָל זייען.
דער דריטער זאָל שניידן די ווייצן און קאָרן,
אַ פערטער זאָל בינדן, עס זאָלן סנאָפּעס געבאָרן.

ווען האָבן דער מילנער זעק מעל צו פּאַקן,
דער בעקער זאָל האָבן ברויט און חלה צו באַקן.
וועט זיין פאַרן ווינטער, גלייך פאַר אַלע צוזאַמען —
פאַר די קינדער ביים טיש — מיט טאַטן און מאַמען.

## טייבעלע, טייבעלע

טייבעלע, טייבעלע, וואָס שטייסטו פאַרכמורעט,
גאָרניט דיין ראָלע, וואָס דו האָסט שטענדיק געשפּילט.
זאָל דאָס זיין וואָס דו הערסט, ווי קאַנאָנען עס קראַכן,
דיין סימבאָל פון שלום זעט דיר אויס שוין פאַרשפּילט?

דאָס טוט דער מענטש, וואָס ווייסט ניט קיין חכמות,
נעמט די גבורה אין זיין אייגענער האַנט.
די קראָ איז זיין סימבאָל אויף בײדע לאַצן,
פליט איבעראַל שלאָגן, וואו נאָר אַ שוואַך לאַנד.

נאָר דער מענטש, וואָס ווייסט דיין באַדייט,
האָט איצט, ווי שטענדיק, ביים האַרצן די טויב.
ער צערטלט מיט ליבע דיין קעפּל, דיין פליגל —
און טראָגט דיין סימבאָל מיט אמת און לויב.

טאָ שרעק זיך ניט, טייבעלע, פאַר יענע מערדער,
זיי ניט פאַרכמורעט, פיל ניט געפאַלן אין טאָל.
עס לעבט נאָך די מענטשהייט און זי וועט לעבן
און צוזאַמען מיט שלום וועסטו זיין דער סימבאָל!

## פאַרן אמת׳ן אמת

### בער גרינען

קעגן שונא רעדט ער ביטער,
מיט ווערטער ווי אַ בריטווע שאַרף.
צום מענטש איז ער שטענדיק אַ גוטער,
רעדט צו אים ווי די סטרונעס פון האַרף.

וויסן, חכמה, שטראַלן פון זיינע אויגן.
ערלעכע געשיכטע שרייבט שטענדיק זיין פען.
זיין וואָרט אין ציל — ווי פייל פונעם בויגן,
זיין צוועק — מ׳זאָל דעם אמת דערזען! . . .

## ווען גלײַך איז גלײַך

ניט אַלע מאָל איז גלײַכער גלײַך,
עס טרעפט, אַז גלײַך פאַרדרײט גאָר אײַך.
אַט באַס און אַרבעטער זײַנען מענטשן צװײ, —
דאָך װײַט פון גלײַך שאַצט מען זײ . . .

ניט אַלץ װאָס גלײַך איז שטענדיק גלײַך,
דער קרומער בױם איז אין פרוכטן רײַך.
און די גלײַכע פּאַלמע שטײט שטאָלץ גלײַך
נאָר זי גיט גאָרניט אײַך . . .

אַט שפּאַנען מענטשן אָרעם, רײַך,
אין גאַנג, עס דאַכט זיך, בײדע גלײַך.
גײט גאָר אײנער פאַרדינען ברױט —
און דער צװײטער — אין שװינדל דרײט . . .

אין אַ זעג איז גלײַכער קרומע צײן.
מיט גלײַכע פליגל קאָן אַ מיל ניט גײן.
נאָר אין לעבן גלײַכהײט — כ׳לױב און בענטש
אַ גלײַכע װעלט — פון מענטש מיט מענטש! . . .

## דער „פּרײדיקער"

האָט ליב רעדן שטענדיק פון עטיק,
װי גוט ס׳איז צו האָבן שײנע מאַניערן.
ער אַלײן שלינגט דאָס עסן גאַנץ טעטיק,
נאָר אַנדערע זוכט ער „אױפצוקלערן" . . .

טײַטלט שטענדיק מיטן פינגער,
קריטיקירט און מוסר׳ט דעם־און־יענעם.
זײַן מױל קאַכט װי הײסע לאַװע,
װי ער װאָלט האָבן אַן אײגן גיהינום . . .

שרײַט אױף מענטשן: „קאַניבאַלן",
איר זײַט ניט בעסער פון אַ חיה".
פרעסט דערבײַ אױף בײדע באַקן
האַלט אַ פּאָלקע און איז זיך מחיה . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# זאָג דיין זאָג — אין „מוטער׳ס־טאָג״

מאַמע טייערע, ווי ס׳איז ליב דיר דאָס לעבן,
און ווי ס׳איז ליב דיר דאָס קינד און קינדס־קינד,
דערלאָז ניט די וועלט זאָל אַוועקגיין אין פלאַמען,
די קריגער, די צינדער זאָלן פירן אונדז בלינד...

עס טליען אין אַש נאָך די פונקען פון פייער,
פון דער לעצטער מלחמה נאָך רוי איז די וואונד,
און ווידער די מאָנסטערס, די היטלערס די נייע,
שטאָלן זייערע כוחות און פרואוון שאַפן אַ בונד.

און דו, ליבע מאַמע, האָסט דאָך פאַרזוכט אַלע ווייען,
ווייסטו, אַז דאָ וועט ניט העלפן קיין קרעכץ,
מיט אַ שונא אַ בייזן וואָס איז גרייט אויף דעם ערגסטן —
אים ווייטיקט ניט אומגליק, אים אַרט ניט קיין שלעכטס.

איז פאַראַן נאָר איין מיטל, מאַמע געטרייע,
אויב דו ווילסט עס זאָל לעבן כיבוד אם — „מוטערס־טאָג״,
פאַראייניקט די כוחות פון אַלע מאַמעס און טאַטעס
פאַר אַן אַלוועלטלעכן שלום — אַנשטאָט אַלוועלטלעכן קלאָג!...

## ניט ווייט איז די צייט

עס איז גאָרניט ווייט שוין די צייט,
ווען די יוגנט פון דער וועלט וועט מאָנען:
מיר זיינען גרייט העלפן בויען דעם שלום
און ניט זיין מער פלייש פאַר קאַנאָנען.

פאַרוואָס זאָלן מיר געבן אונדזער יונג-לעבן
צו ווערן פון שראַפּנעלן צעריסן —
אין פרעמדע לענדער ליגן אין וועלדער,
ווערן פון קראָען צעפּרעסן, צעביסן.

ניין, ס'איז גאָרניט ווייט שוין דער טאָג,
ווען אַלע, אַלע טאַטעס און מאַמעס
וועלן דערקלערן אַ קריג צו די קריגער
און רופן: מענטשהייט, קעמף און פאַרדאַם עס!

יעדער מענטש האָט פּלאַץ אויף דער ערד.
אין דער ערד קאָן מען גאָרניט מיטנעמען...
טאָ צוליב וואָס זיך הרג'ענען, מאָרדן —
כדי צו לאָזן רייכע ירושות פאַר וועמען?

דער מענטש קאָן לעבן גליקלעך און צופרידן,
ווי אַלע קאָלירן שיינען אין דעם רעגנבויגן.
ווען אַלע וועלן באַטראַכטן אַ צווייטן ווי זיך,
וועט ניט זיין קיין רוגזה, קיין גנב'ישע אויגן!...

## ניט קריך אין פרעמדע שיך

פּרוּוו זיך ניט אָנמעסטן דיין טאַטנס גוטע טאַטן.
יעדער מענטש דאַרף טראָגן זיינע אייגענע שיך.
אַליין ווער אַ טאַטע און טו גוטע טאַטן —
דאַן וועסטו זיך קאָנען פאַררופן אינגאַנצן אויף זיך...

מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# בלוט און טרערן

מיין טייערער זונעלע, פאַרוואָס קומט דיר אַזאַ שטראָף,
דו זאָלסט ווערן געטריבן צו דער שלאַכט ווי אַ שאָף?
דו האָסט אין דער יוגנט געקרענקט, געפיבערט, געמאָזלט,
איצט האָט דער גזלן דיך פון מיר צוגע׳גזל׳ט...

שטייט דיין בעט ליידיק, דיינע קליידער אין שראַנק,
און איך, דיין מאַמע — צעבראָכן און קראַנק,
איך קוק אויף דיין צודעק, קוק אויף דיין קישן,
און כ׳קאָן זיך ניט די טרערן אָפּווישן...

איך ווייס דו ביסט ווייט, פאַרשיקט אין אַ דזשאָנגל,
צו קעמפן מיט אַ ברודער, אין אַ ברוטאַלן געראַנגל,
און ווער פון אייך ביידן וועט פאַלן אין שלאַכט —
איז אַ מאַמע פאַרוואונדעט — אַ לאָך אין איר האַרצן געמאַכט...

# מיט הענט אויסגעשטרעקטע

אויפן ראָג גאַס זיצט אַ קריפּל אַ בלינדער,
מיט ביידע הענט פאָרויס אויסגעשטרעקט,
אַ שילדל וויזט־אָן, ס׳איז אַ קרבן פון קריג,
וואָס ביי די פאַרבייגייער אַ רחמנות דערוועקט:

„ווי איר קוקט מיך אָן, פאַרשטייט איר געוויס,
איך בין אויפן „פראָנט״ אין פייער געווען,
פאַרלאָרן די פיס און ביידע אויגן דערצו —
איך זע אייך ניט — אָבער איר קאָנט מיך זען!״...

### סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## זאָל פון „מוטערס־טאָג״ ניט ווערן קיין קלאָג!

טייערע מאַמע, היינט איז דיין יום־טוב,
אַ טאָג וואָס דאָס לאַנד האָט געווידמעט דער מוטער.
און עס וואָלט זיין אַ יום־טוב אַ גוטער, אַ ליבער,
ווען עס זאָל ניט פאַרשטערן אַ מאַניאַק, אַ „ניט־גוטער״...

עס האָבן די קינדער פּלאַנירט — טרעפן די מאַמע
זי זאָל אַרום טיש האָבן פרייד און נחמה.
האָט דער „ניט־גוטער״ דעם יום־טוב פאַרשטערט,
פאַרנומען די קינדער, פאַרשיקט אין מלחמה...

און ניט נאָר די קינדער, פאַרשקלאַפט אויך דאָס לאַנד,
אין אַ „שמוציקן קריג״ אויף ווייט־ווייטע לענדער.
אים אַרט ניט דאָס שרייען: „אַרויס פון דאַנען!״ —
ער טוט זיך זיינס, דער „ניט־גוטער״, דער שענדער...

דערפאַר איז דער יום־טוב היינט אַ פאַרשטערטער:
די מאַמע זעט טרערן — אַנשטאָט ליבע מתנות.
לייענט אין צייטונג, וויפל שטעט שוין פאַרברענטע —
און וויפל יונגע קינדער זיינען געפאַלן קרבנות...

איצט מוזן די מאַמעס אַליין פאָדערן שטאַרק —
אויסקעמפן אַ „מתנה״ פון די קריגס־צינדער.
שלום אין דער היים, און שלום אומעטום —
און די גרעסטע מתנה — צוריק אונדזערע קינדער!

1967

## מ׳מוז זיך היטן פון פּאַראַזיטן!

אַ לויב צו די פעלדער, אַ לויב צו דעם גאָרטן,
פאַר די גרינסן און פּרוכטן — שפּייז אַלע סאָרטן:
ווייץ, קאָרן און גערשטן — אין גאָלדענע זאַנגען,
בעבלעך, יאַגעדעס און ווײַנטרויבן, אויף געפלאָכטענע שטאַנגען.

אוגערקעס, קרויטן, גרינע און רויטע טאָמאַטן —
פעפערלעך, ריבעלעך און אַלע סאָרטן סאַלאַטן.
בולבעס, ציבעלעס, בוריקעס, רעטאַך און מערן —
מיליאָנען פּרעצענטן פון דעם קליינעם זוימען-קערן.

אין דער ערד, אויף דער ערד, און הויך אויף די צווייגן,
די מאַמע-ערד זאָרגט, די פּראָדוקציע זאָל שטייגן...
און זאַטקייט פאַר אַלעמען גלייך וויל זי געבן —
אין שלום און רו זאָל די וועלט קאָנען לעבן!

נאָר מאַכט זיך אַמאָל, עס ווערט שווער צו פאַרהיטן
פון די „כאַפּערס” אין גאָרטן, די אינזעקטן, פּאַראַזיטן,
פון זשוקעס און היישעריקן, בינען און פליגן,
פון קראָליקעס פעלד-מייז, חזירים און ציגן.

עס צעוואַקסט זיך אויך ווילד-גראָז פון קראַפּיווע פלאַנצן,
און וויל אַלץ וואָס שיין איז מיט ווילדקייט „באַקראַנצן”...
וועל איך פון מאַמע-ערד ניט אַנטלויפן, נאָר מוז בלייבן דאָרטן —
העלפן יעטען און היטן פאַר דער צוקונפט דעם גאָרטן!

## אַלע ווילן זומער!...

פאַרשקלאָפּטע לענדער וואַכן-אויף, אָוועק די אַלטע צייטן,
זיי ווילן שטיין אויף זייער ערד, ווי מ׳זעט דאָס איצט ביי לייטן...

קאָכט און ברויזט אַ פייער-פלאַם, קעגן פיין, נויט און קומער.
די זון, זי האָט אַרויסגעשיינט — ווילן אַלע איצטער ז ו מ ע ר...

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## מ׳מוז אַלץ טאָן פאַר דער שלום־פּאָן

פליען טויבן אין אַ קרייז, ווי שלום־פּאָנען פליגל־ווייס,
דרייען זיך ריטמיש אין געדריי, ווי עפּעס זאָגן ווילן זיי —
צו דער וועלט אַ נייעס . . .
פליט־פאַרביי אַ ווייסע טויב, קלאַפּט מיטן שנאָבל אָן אין שויב,
וואָרקעט־אויס אַ וויי־געזאַנג: געדענק, עס זאָל ניט טאָן דיר באַנג,
דיין הויז פאַרשווינדן וועט דורך רויב . .

שפּילסט זיך מיט פייער ביי דער טיר, ווי איז מיר,
ווען ברענען וועט דיין אוישאַק, וועט אויך ברענען מיין טויבן שלאַק,
וועל איך אין פייער זיין מיט דיר . . .
פלי איך אום, זאָג יעדן אָן: מענטש, זע גיכער עפּעס טאָן,
וועק־אויף די שכנים פון אַרום, ווייז דעם וועג זיי אומעטום —
צו אַ שלום ווייסער פּאָן! . . .

## עס לאַכט זיך ניט . . .

איך פרעג דעם הומאָריסט: וואָס ביזטו פאַרזאָרגט,
דו, מיט דיין פריילעכן פּנים?
ווייסט דאָך, עס גראַמט זיך ניט אומעט מיט דיר,
איר זענט דאָך גאָר ווייטע מחותנים?

— יאָ, איך ווייס, ס׳איז זייער אַ שלעכטער גראַם,
נאָר גלויב מיר פריינט, ס׳איז ניט אומזיסט.
ווען מיליאָנען מענטשן שטייען אין שאָטן פון טויט —
איז שווער דאָן צו לאַכן — אויך דעם הומאָריסט! . . .

ס ע ם  ל י פ צ י ן  /  מ י י ן  ג אָ ר ט ן

# סוכות שלום — אויס חלום!

שטורעמען פעלקער מיט לאָזונגען און קולות:
מיר וועלן ניט לאָזן דעם סוכות שלום שטיין אויף משקלות.
ציטערן פענצטער און ווענט, עס פּראַלן אויף טירן:
דערוואַכן! דערוואַכן! זיך מער ניט לאָזן פאַרפירן!

גענוג געלעגן אין ביידלעך, אין היצן, אין קעלטן.
טאַטעס און מאַמעס פלעגן דעם טאָג זיך פאַרשעלטן,
ווי לאַנג נאָך שקלאַפן פאַר די רייכע — שאַפן עשירות,
און אַליין ליגן אונטער סכך, אין פינצטערע היילן פאַר דירות?

איצט, שלום-עליכם, באַפרייטע קעמפער אין אַלע לענדער,
אויפגעוואַכטע פעלקער קעגן רויבער און שענדער.
איר האָט צעריסן און איבערגעשמידט די אייזערנע קייטן,
און גענומען זיך בויען, אַ נייעם מאָרגן פאַרגרייטן.

די הערשער מוזן גיין פון יעדער פאַרכאַפּטער קאָלאָניע,
און אויב מ׳וועט זיי דערמאָנען, וועט זיין מיט האַס און איראָניע,
ווי אימפּעריאַליזם האָט געהערשט דורך אַגרעסיע, אינוואַזיע,
אין אַפריקע, מיטל-מזרח, לאַטיין-אַמעריקע און אַזיע.

איצט אַוועק יענע צייטן, און ס׳איז שוין מער ניט קיין חלום,
אַז דער שאַפער און בויער זאָל האָבן סוכות שלום,
און אוים מיט די ביידלעך, שטעכעלקעס און סכך —
נאָר אַ היים אַ געזונטע — פון פונדאַמענט ביזן דאַך!

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# אַ שטורעם האָט אַ בלום אָפּגעבראָכן

אַ בייזער שטורעם האָט אַ בליענדיקע בלום אָפּגעבראָכן,
האָבן אַלע ארומיקע בלומען דערפילט זיך צעבראָכן.
אַלע פלאַנצן ארום האָבן די קעפּ איינגעבויגן,
אין טרויער געשטאַנען, ווי זיי וואָלטן געווישט זיך די אויגן . . .

די בלום האָט געשיינט אין דעם אַרומיקן גאָרטן,
כאָטש געשיינט האָבן בלומען פאַרשידענע סאָרטן,
נאָר אָט־די קאָלירדייכע בלום האָט שטענדיק געלויכטן,
ווי זי וואָלט אַלע צווייגן אַרום זיך באַלויכטן . . .

זי האָט ליב געהאַט פּריינט, די דייזי, די ליליע,
געוויזן ליבשאַפט צו אַלע ווי צו אַ שיינער פאַמיליע.
פלעגט זיך נויגן מיט כבוד, אַלע פלאַנצן באַגריסן,
ווי פילט יעדעם בלאַט, געוואָלט האָט זי וויסן.

איז אַ שטורעם אַ בייזער מיט צאָרן געקומען,
געבראַכט אַן אומגליק אין גאָרטן, צעוויטיקט די בלומען.
די בליענדיקע בלום האָט ניט פאַרענדיקט דעם זומער —
געלאָזן אַלע אַרום ווי פאַר׳יתום׳טע אין אומער . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

געווים קאָן ניט העלפן קיין וויינען, קיין קלאָגן,
כאָטש טיף אין הארצן וועלן וויטיקן נאָגן,
נאָר די בליענדיקע בלום פאַרן אויג וועט אונדז שוועבן,
און מיר וועלן זי זען אין אַלע בוקעטן פון לעבן!

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# עס לעבט זיין גייסט!

דאָס גייסטיקע אין מענטשן קאָן דער טויט ניט פאַרניכטן,
ער קאָן בלויז פיזיש אַ קערפּער פאַרשלינגען,
און אויך ניט דער קבר קאָן פאַרשליסן, פאַרשטומען
די נשמה וואָס שוועבט מיט איר גייסטיקן זינגען.

ווען עס לערנט דער מענטש נאָר אינעם בוך פון אמת,
און גייט אויפן וועג וואָס איז ריכטיק און זיכער,
ווערן די „צייכנס פון פינגער" אַ מאָנומענט פאַרן לעבן
אין דער ביבליאָטעק — אויף די געלייענטע ביכער...

עס האָט טויט ניט קיין שליטה אויפן גייסטיקן לעבן.
ער מוז פון ערגעץ אַנדערש זוכן זיין קרבן,
ווייל דער וואָס באַרייכערט דעם גייסט פונעם מענטשן,
איז אַפילו נאָכן טויט אויך ניט געשטאָרבן!...

# אַביסל צו שפּעט...

פאַרן גרויסן מענטשן, פאַרן גרויסן שאַפער,
וואַרט מען אָפט מיט די גוטע שבחים.
ווען ער גייט אַוועק אין דער אייביקייט,
גייט דאַן דער לויב שוין נאָך־אים...

ביים לעבן אָפט איז קיין צייט ניטאָ,
אים פערזענלעך די שבחים געבן;
זאָל ער קאָנען מיט געזונט דאָס נוצן
און זאָל פאַרלענגערן זיין לעבן.

וואַרט מען ביז ער איז שוין טויט,
דאַן ביים באַווינען און באַקלאָגן,
גיט מען אים מיט אַ לויב־געזאַנג —
ווען ער קאָן שוין קיין דאַנק ניט זאָגן..

# אײנאַקטערס




**זוני מאָוד**—„סעם ליפּצין האָט חוץ אַ קאָפּ, אויך אַן עקסטרע נאָז, אַן אויער, אַ אויג, וואָס איז נויטיק פאַר אַ שרײַבער ווי לעבן...‟ („דער הומאָריסט‟, 1922)

# אין אַ נייער היים

## (איינאַקטער)

### פּערזאָנען:

**ישראל** — מיטל־יאָריקער ייד מיט הדרת־פּנים, טראָגט שיינע, קורץ־געשוירענע באָרד, פּענסנע. רעדט מיט ווירדע. אַ פּליכטלינג.

**שרה** — זיין פרוי.

זייערע דריי קינדער:

**משה** — אַרום 30 יאָר אַלט. אַ באַוואוסטזיניקער בחור.

**רעיטשל** — אַרום 28 יאָר אַלט. אַ יידיש־ליבהאָבערין.

**דזשעסי** (יידיש—יאַנקל) — 25 יאָר אַלט. וויל גיך פאַרגעסן זיין יידישקייט.

(אַ מיטנוואַכיקער נאָכמיטיק. עס זעט זיך אָן, אַז די פאַמיליע האָט זיך נאָר־וואָס אַריינגעקליבן אין דער דירה. אין דעם הויפּט־צימער, אויפן דיל, זיינען אָנגעוואָרפן קליידער. קעסטלעך מיט ביכער, בילדער, פאַרשיידענע כלים, גלאָזוואַרג. שרה קומט אַריין מיט אירע דריי קינדער הינטער איר, טראָגט אין האַנט צוויי פּעקלעך — ברויט און זאַלץ. שטעלט־אַוועק די פּעקלעך אויפן טיש. די קינדער בלייבן שטיין אַ ווייל, באַטראַכטן אַלע ווינקעלעך אין צימער.)

**שרה**: (מיט מאַמעשער צערטלעכקייט) קינדערלעך, מיר זיינען איצט אַריינגעקומען אין אונדזער נייער היים מיט ברויט און זאַלץ. אַ סך טעג האָט דאָס אונדז געפעלט, אַ סך נעכט ניט געהאַט קיין דאַך איבערן קאָפּ. אפשר וועט אָט־דאָ זיין אונדזער מקום־מנוחה, מיר זאָלן שוין ניט וויסן מער פון וואַנדערן און וואָגלען. משה, רעיטשל, יאַנקל, אין אייך וועגדט זיך עס, אַז די היים זאָל זיין גאַנץ, עס זאָל זיין שלום־בית, אַז טאַטע־מאַמע און די קינדערלעך זאָלן געניסן אַביסל זון־ליכט פאַר די אַלע פינצטערע יאָרן, וואָס מיר האָבן געהאַט אין נאַצי־דייטשלאַנד. (זי צעקושט זיך מיט אַלע דריי קינדער).

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

מ ש ה: מאַמע, זאָל דיר און פּאַפּאַ זיין מיט גליק אין אונדזער נייער היים. אייער גליק איז אויך אונדזער גליק. זאָל די נייע היים פול זיין מיט פרייד און פרידן, און אַזוי — די גייע וועלט!

ר ע י ט ש ל: (באַגייסטערט) מאַמע, איך וועל איינלאַדן אַלע מיינע פריינט צו אַ חנוכת־הבית. מיר וועלן זינגען, טאַנצן און זיך פרייען.

ד ז ש ע ס י: מאַמע, „לאַטס און לאַק!" (אַ סך גליק!). זאָל אונדזער נייע היים פול זיין מיט פריינט און פאַרגעסן אינגאַנצן אַן אונדזער אַמאָל.

ש ר ה: (צופרידן) מיר פאַר אייך, קינדערלעך! (טראַכט אַ ווײַלע) איצט הערט זיך איין, קינדערלעך. מיר האָבן אַ סך אַרבעט: אויספּאַקן די כלים, וואַשן די פענצטער, צעשטעלן די ביכער, צעהענגען די בילדער. (מיט באַגייסטערונג) לאָמיר זיך טאַקע נעמען צו דער אַרבעט, אַז ווען דער טאַטע וועט קומען פון גאַס, זאָל ער אונדז טרעפן אין אַ שיינער, זיסער היים (ווענדט זיך צו רעיטשלען) דו, טייערינקע, נעם זיך אויסוואַשן אין שלאָף־צימער די פענצטער.

ר ע י ט ש ל: גוט, מאַמעלע! (כאַפּט אַ קענדל רייניקונג־פּודער מיט אַ שמאַטע און לויפט אַריין אין צווייטן צימער.)

ש ר ה: (צו משה'ן) דו, זיי אַזוי גוט, פּאַק־אויס אין צווייטן צימער די קליידער און צעהענג אין שאַפע.

מ ש ה: מאַמע, זאָרג זיך ניט, אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג. (נעמט אַ פּאַק מיט קליידער און גייט אין אַ צווייטן צימער.)

ש ר ה: (צו יאַנקלען) און דו, קינד מיינס, גיי קויף עפּעס איין אויף וועטשערע. ווען דער טאַטע וועט קומען, זאָל זיין וואָס צו עסן. און איידער דו וועסט אַרויפקומען, וועלן שוין די שויבן אין בוך־שראַנק זיין אויסגעוואַשן און דו וועסט קאָנען אויסשטעלן די ביכער און אויפהענגען די בילדער.

ד ז ש ע ס י: עסן אַרויפנעמען, מאַמעלע, „עני טאַים" (צו יעדער צייט). איך בין טאַקע שוין אַביסעלע הונגעריק.

(שרה דערלאַנגט אים אַ פּאַפּירענעם שקאַרמיץ. ער גייט אַרונטער אין גאַס.)

ש ר ה: (כאַפּט אַ קוק דורך דער טיר אין איין צימער און אין אַ צווייטן) זאָלן זיי נאָר געזונט זיין, מיינע טייערע קינדער. (צו זיך) האַכט זיך, יעדערער פון זיי האָט טאַקע אַן אַנדער כאַראַקטער, אַן אַנדער טעמפּעראַמענט, יעדער קוקט מיט אַנדערע אויגן אויפן לעבן, זיי זיינען אָבער ברידער און שוועסטער.

יאָרן זאָלן זיי האָבן. (ווישט־אָפּ אַ טרער פֿון אויג, טוט־אָן אַ פֿאַרטוך, נעמט אַ האַנטוך און פּוצט די שויב אין בוך־שראַנק.)

ר ע י ט ש ל: (רוקט־אַריין דעם קאָפּ פֿון זײַט טיר) מאַמע, די אַרבעט גייט ווי געשמירט. (כאַפּט אַוועק שטיפעריש דעם קאָפּ.)

ש ר ה: גוט, טעכטערל, זאָל דער טאַטע געפֿינען אַלץ פֿאַרטיק.

(עס דערהערט זיך רעיטשלס שטימע. זי זינגט אַ יידיש פֿאָלקס־ליד: „גיי איך מיר שפּאַצירן, טראַ־לאַ־לאַ־לאַ". מיטאַמאָל דערהערט זיך פֿון צווייטן צימער משה׳ס קול. ער זינגט אַ קאַמפּס־ליד: „און דו אַקערסט און דו זייסט". ביידע שטימען גיסן זיך צונויף. יאַנקל באַווייזט זיך מיט אַ פּעקל שפּייז. ער גיט עס אַ לייג אַוועק אויפֿן טיש און מישט זיך גלייך אַריין מיט אַ דזשעז־ליד זיי צו צעטומלען.)

ש ר ה: (פֿאַרמאַכט זיך די אויערן) געוואַלד, וואָס איז דאָ פֿאַר אַ קאַצנ־יאָמער? קינדער?! געזאַנג איז גוט, אָבער עס דאַרף האַרמאָנירן. איבער־שרייען איינס דאָס אַנדערע איז קיין געזאַנג ניט.

(אַלע דריי קינדער לויפֿן זיך צוזאַמען אין צימער, פּרוּוון נאָך מער איבערשרייען איינער דעם אַנדערן. די מאַמע שרה לויפֿט־צו, פֿאַרמאַכט זיי די מיילער, שטופּט אַרויס משה׳ן און רעיטשלען אין די אַנדערע צימערן.)

ד ז ש ע ס י: (דריקט־צו די מאַמע צו זיך) איז וואָס טאָן איצט, מאַ־מעלע? „גיוו מי סאַם וואָירק" (גיב מיר עפּעס צו טאָן).

ש ר ה: די שויבן אין בוך־שראַנק זײַנען שוין ריין. נעם און שטעל־אויס די ביכער. (זי נעמט זיך אַרומווישן די בילדער.)

ד ז ש ע ס י: (נעמט־אַרויס ביכער פֿון קעסטל, מישט און קוקט אין זיי אַריין) דאָס בוך גייט אין שראַנק (לייגט אַריין דאָס בוך), און דאָס וועט גיין אויף דער פּאָליצע (גיט עס אַ וואַרף אַריין אין אַ ליידיקן קעסטל.)

ש ר ה: (מיט ליבשאַפֿט) יאַנקעלע, איך מיין, דזשעסי, ביכער אין אַ שראַנק זײַנען ווי קינדער אין אַ הויז, מ׳טאָר זיי ניט אָפּזונדערן, מ׳טאָר זיי ניט וואַרפֿן. איינער האָט ליב יאַנקעלען, און אַ צווייטער האָט ליב משה׳לען, און אַ דריטער קאָן ליב האָבן רעיטשלען. אָבער טאַטע־מאַמע האָבן ליב אַלע קינדער־לעך . . . (כאַפּט אַ קוק אויף די ביכער, וועלכע ער וואַרפֿט.)

ד ז ש ע ס י: (מיט כעס) איך האָב שוין גענוג געליטן פֿון אַנטיסעמי־טיזם, נאַציזם, פֿאַשיזם. מ׳האָט שוין גענוג חוזק געמאַכט פֿון מיר און פֿון די יידישע ביכער און פֿון דער יידישער שפּראַך. איך וויל ניט, אַז ווען מײַנע

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

חברים קומען אַריין אין הויז, זאָלן זיי זען יידישע ביכער און מאַכן שפּאַטישע באַמערקונגען. מיר זיינען אין אַמעריקע, מוזן מיר ווערן אַמעריקאַנער אין שפּראַך און אין האַנדלונג. און אויב איך קען נאָך ניט גוט די שפּראַך, וועל איך זיך אויסלערנען, אָבער מיין נעכטן וויל איך פאַרגעסן.

ש ר ה: (פיינלעך) קינדעלע מיינס, טאַקע דערפאַר וויל מיר האָבן אַזוי פיל געליטן, דאַרפן מיר פאַרטיידיקן אונדזער וואָרט, שטאַרק געדענקען אונדזער נעכטן, כדי צו האָבן אַ בעסערן מאָרגן. אַלע שפּראַכן זיינען אונדז ליב, אָבער די מאַמע־שפּראַך מוזן מיר אָפּהיטן. זי טאָר ביי אונדז ניט טריף ווערן! זי דאַרף אונדז ליב זיין ווי ביי יעדן אַנדערן פאָלק.

ד ז ש ע ס י: (קלייבט ווידער די ביכער, איינס אין שראַנק און איינס אין קעסטל) יאָ, מאַמע, דיר דאַכט זיך, אַז אין אַ פרעמדער וועלט וועלן מיר אַלע שטענדיק זיין פרעמדע. מיר קאָנען אָבער דאָ ווערן אייגענע. מיר מוזן זיך צוזאַמענשמעלצן, מ'זאָל אונדז ניט דערקענען. דאַן וועט מען אונדז ניט שטעכן די אויגן.

ש ר ה: קינד מיינס, קוק אויפן גאָרטן, (ווייזט אים אין פענצטער) אַזוי פיל קאָלירן בלומען, און אַלע צוזאַמען מאַכן דעם גאָרטן אויסזען שיין. ווען מענטשן פאַרשטייען זיך, קאָנען זיי אויך זיין אַ צירונג אין דער גרויסער וועלט. נאָר וואָס וועל איך זיך מיט דיר אויס'טענה'ן. נעם בעסער, יאַנקעלע, איך מיין, דזשעסי, מאַך עס גיכער. הענג־אויס די בילדער, אַז ווען דער טאַטע וועט אַריינקומען, זאָל ער טרעפן אונדזער נייע היים ריין און שיין.

(שרה נעמט פוידער, אַ שמאַטע, און גייט אַריין אין צווייטן צימער צו די אַנדערע קינדער.)

ד ז ש ע ס י: (נעמט אַ בילד אין האַנט) דער זיידע וועט הענגען אין קיך, (שטעלט דאָס אַוועק אין אַ זייט) שלום־עליכם און פּרץ (סאַרקאַסטיש) זיינען גוט פאַרן יידישן צענטער (שטעלט אַוועק אין אַ זייט), לינקאָלן וועט הענגען דאָ (הענגט־אויף אויף דער וואַנט), וואַשינגטאָן דאָ (הענגט־אויף אויף דער צווייטער זייט), און דאָ (ווייזט אויף אַ פּלאַץ) דאַרף מען קריגן אַ מאַוויסטאַר. און דאָ? (ווייזט אויפן שראַנק און טראַכט אַ ווײַלע) מאַמע, (ווענדט זיך אין צווייטן צימער), וואו געפינט זיך דאָס בילד פונעם דזשעז־זינגער?

(עס קומען אַריין די מאַמע, משה און רעיטשל. די מאַמע האַלט אין האַנט גאָפּל־מעסער און לעפל און ווישט. רעיטשל כאַפּט אַ קוק אויף דער וואַנט און משה — אין בוך־שראַנק.)

רעיטשל: (אויפגערעגט) ווער האָט דאָס אַזוי צעהאַנגען די בילדער? דו, יאַנקעלע?

דזשעסי: איך האָב דיר שוין הונדערט מאָל געזאָגט, אַז איך רוף זיך מער ניט יאַנקעלע. (באַטאָנט) דזשעסי רופט מען מיך, דזשעסי!

רעיטשל: (בייז) דזשעסי, פּתי, שוטה, אָבער וואו זיינען די בילדער פון די יידישע שרייבער, קינסטלער? און וואו איז דער זיידע, וועמענס נאָמען דו טראָגסט — יאַנקעלע? און וואו זיינען די יידישע ביכער? יאָ, איך האָב ליב די שאַפונגען פון די יידישע שרייבער, צו־להכעיס אַלע שונאים.

דזשעסי: (אַביסל חוצפּה'דיק) האָסט זיי ליב? דו ווילסט זיי? הענג זיי אויף איבער דיין בעט, אָבער ניט דאָ. אָט האָסטו זיי! (ווייזט־אָן וואו זיי שטייען).

משה: (כאַפּט אַ קוק צו די בילדער און דערזעט די אָנגעוואָרפענע ביכער אין קעסטל; ווענדט זיך צו רעיטשלען) דו ביזט ניט גערעכט. איך האָב ליב דאָס יידישע וואָרט, ניט ווי אַ צו־להכעיס, נאָר ווייל ליבע קומט פון ליבע, און ליבע ברענגט לעבן. וואָס איז דאָס? ווער האָט דאָס אַנגעוואָרפן דאָ אין קאַסטן די אַלע ווערק פון אונדזערע קלאַסיקער און פון די אַלע יידישע שרייבער, וואָס זיינען וועלט־באַרימט, און פון די אַלע ביכער וואָס זיינען אַ צושטייער צו דער יידישער קולטור?

שרה: (פאַרלאָרן) קינדערלעך, מיר האָבן נאָך דאָ ניט באַוויזן דעם קאָפּ אוועקצולייגן — און שוין רייסט איר זיך אַרום.

משה: (בייז) מאַמע, איך וועל ניט לאָזן פאַרשוועכן קיין ווערק פון וועלכע שרייבער און אין וועלכער שפּראַך זיי זאָלן ניט זיין, אַזוי לאַנג ווי זיי דינען דער פּראָגרעסיווער וועלט, דער מענטשהייט און רופן צו גלייכהייט און פרידן.

רעיטשל: (זוכט צווישן די ביכער אין קעסטל, גיט אַ כאַפּ אַ בוך אין האַנט) אויב דו קענסט אַרויסוואַרפן דאָס בוך פון שראַנק, דאַן וועלן אַלע דיינע ביכער פליען דורכן פענצטער (כאַפּט אַרויס אַ בוך פון שראַנק און וויל אַרויסוואַרפן).

משה: (האַלט זי צוריק) נאָך קנאַפּ איז איין נאָר אין הויז, ווילסטו מיר זאָלן האָבן צוויי?...

שרה: (אויפגערעגט) קינדער, זענט איר משוגע, חלילה? וואָס טוט

זיך מיט אייך? צעשטערט ניט אונדזער פרייד. די צימערן זיינען גרויס און די וועלט איז גרויס. ס'איז פאַראַן פּלאַץ פאַר אַלעמען, נאָר געזונט און שכל.

**מ ש ה :** (ווייזט אויף דער וואַנט) אַלע בילדער זיינען מחותנים אויף דער וואַנט. משה רבינ'ס וואָרט האָט געהייסן פרייהייט פאַר די יידן. לינ־קאָלנס וואָרט האָט געהייסן פרייהייט פאַר די נעגערס צוגלייך מיט אַלע אַמע־ריקאַנער, און קאַרל מאַרקסעס וואָרט — באַדייט פרייהייט פאַר דער וועלט. און אַלע דריי מעגן באַצירן אַ וואַנט אין אַ הויז און טאַקע מיט שרייבער, קינסטלער און אַלץ וואָס גיט־צו אַ חן־פּינטעלע צום פּנים און באַרייכערט די מענטשלעכע ציוויליזאַציע.

**ד ז ש ע ס י :** (שפּרינגט־אויף) דו ווילסט קאַרל מאַרקסן, משה רבינו? טראָג זיי מיט זיך. הענג זיי אויף אויפן האַלדז.

**ר ע י ט ש ל :** (לויפט־צו, פּרואווט אַרונטערכאַפּן אַ בילד פון דער וואַנט) דאָ איז דער פּלאַץ פאַרן בילד „דער גלות־ייד" (כאַפּט אַ בילד אין האַנט) און דאָ — — — (יאַנקל לויפט־צו, ניט צו לאָזן איר; משה פּרואווט זיי פונאַנ־דערררייסן.)

**ש ר ה :** (ברעכט זיך די הענט) קינדער, נאָך אַזוי פיל ליידן און וואַנ־דערן, — פריער האָבן די רוצחים געריסן פון די הענט, און איצט טוט איר דאָס?

**ר ע י ט ש ל :** (רייסט ווידער דאָס בילד) דאָ וועט הענגען — — —

**ד ז ש ע ס י :** דאָ וועט ניט הענגען — —

(עס עפנט זיך די טיר. דער טאַטע ישראל קומט אַריין. אַלץ אַרום ווערט שטיל. יאַנקל בלייבט שטיין ווי פאַרלוירן. ישראל טוט לאַנגזאַם אויס דעם מאַנטל און קאַפּעליוש, בלייבט שטיין אַ ווײַלע אין אַ פאַרלעגנהייט.)

**י ש ר א ל :** וואָס קומט דאָ פאָר? עפּעס שטייט איר אַלע צעטראָגן? (אַלע שווייגן, קוקן מיט רעספּעקט צום טאַטן.)

**ש ר ה :** (וויל אָוועקמאַכן מיט דער האַנט) גאָרניט, גאָרניט. קינדער, ווייסט דאָך . . .

**י ש ר א ל :** (צו די קינדער) וואָס שטייט איר אַלע ווי פאַר'משפּט'ע? וואָס איז געשען?

(יאַנקל גראָבט־איין דאָס פּנים אין די הענט; דערפילט זיך עפּעס שול־דיק.)

**ש ר ה:** ס'איז גאָרניט געשען, ס'איז די אַלטע געשיכטע. מ'קאָן זיך ניט איינטיילן מיט די גרענעצן — אַ היים איז אַ קליין וועלטעלע . . .

**מ ש ה:** ניין, מאַמע, ס'איז ניט קיין קאַמף פאַר גרענעצן, ס'איז דער קאַמף פאַר גלייכהייט, אָפּצושאַפן די גרענעצן . . .

**ש ר ה:** יאָ, נו (פּרובירט מאַכן צו גאָרנישט). יאַנקל, איך מיין, דזשעסי, וויל אויפהענגען ז י י נ ע בילדער און אַריינשטעלן ז י י נ ע ביכער אין שראַנק. רעיטשל וויל נאָר א י ר ע, און משה וויל אַלעמענס — נו, איז אַ נייע מלחמה, אַ מלחמה.

**י ש ר א ל:** (איבערטראַכטנדיק) קינדערלעך, איר קאָנט דאָס רופן קריגס־דערקלערונג, אָבער איך האַלט ניט פון קריגן זיך. ביי מיר איז דאָס בלויז אַ וואָרענונג, ווי פון אַ טאַטן, און איר וועט זיך דאַרפן צוהערן, ניט ווייל איך וויל איבער אייך באַלעבאַטעווען, ניט צוליב מיינע גרויע האָר, נאָר ווייל איך האָב דערפאַרונג, האָבן געגוג דורכגעמאַכט. (טראַכט אַ ווײַלע) הערט זיך צו, קינדערלעך! (נעמט אַ שטול) רוקט זיך צו, זעצט זיך אַוועק. (אַלע זעצן זיך, חוץ יאַנקלען. זיי קוקן דעם טאַטן אין די אויגן אַריין) הערט, קינדערלעך, עס איז אַזוי נאַטירלעך, אַז מענטשן זאָלן האָבן פאַרשיידענע מיינונגען. עס איז אָבער גאָרניט נאַטירלעך, אַז אַ מענטש זאָל זיך וועלן אויסטאָן פון זיין הויט . . . (ווענדט זיך צו דער פרוי) שרה'לע, איך ווייס, אַז אונדזערע קינדער, ווי אַלע קינדער, ווי אַלע מענטשן, האָבן באַזונדערע בליקן אויפן לעבן. מענטשן האָבן אַ רעכט צו דענקען אַנדערש. אָבער איין זאַך וויל איך . . . הער, יאַנקעלע, ווילסט זיך רופן דזשעסי, איז דזשעסי, נאָר מעגסט דאָס הערן. מיר שטאַמען פון יידן! יאָ רעליגיעז, צי ניט רעליגיעז, מיר געהערן צו די יידישע פאָלקס־מאַסן. איך וועל מיין נאָז און מיין באָרד ניט פאַרשליסן אין שאַפע. מיט שטאָלץ קאָנען מיר ווייזן די יידן־פּרעסער, אַז די יידן האָבן צו דער נאָז אויך אַ פּנים . . . איר זעט פיר ווענט, דאָס זיינען די ארבע כנפות העולם. און פּונקט ווי דאָ, אין דער היים, אויף די פיר ווענט, באַדאַרף זיין פּלאַץ פאַר בילדער פון אַלע פעלקער און לשונות, בילדער פון גרויסע מענטשן, וואָס האָבן געדינט די אינטערעסן פון דער מענטשהייט, אַזוי מוזן מיר קעמפן פאַר אַ פּלאַץ אין דער וועלט פאַר זיך, און פּונקט אַזוי פאַר אַנדערע פעלקער. זעט ווי דאָ אין שראַנק קאָנען זיך טוליען ביכער פון שלום־עליכם, פּרץ, טאָלסטאָי, שלום אַש, דוד בערגעלסאָן, הער זיידע מענדעלע, דר. חיים זשיטלאָווסקי, ראובן ברייגין, מאַרק טווען און מאַקסים גאָרקי, פון וואָלט וויטמאַן און אַלגין, פון

לינקאָלן און קאַרל מאַרקס, אַזוי קענען לעבן פרידלעך מענטש און מענטש אין דער גרויסער וועלט.

ש ר ה: קינדערלעך, זאָלט איר מיר אַזוי געזונט זיין, ווי דער טאַטע איז גערעכט.

(יאַנקל וויל עפּעס ענטפערן, נאָר אַנשטאָט געפינען ווערטער, פאַרשטעלט ער זיך מיט די הענט דאָס פּנים. די מאַמע שרה ווישט זיך אַ טרער. ישׂראל שטעלט זיך אויף, גלעט יאַנקלען איבערן קאָפּ.)

י ש ר א ל: קינדערלעך, אייניקייט איז דער געבאָט פון טאָג. די נאַציס, די פאַשיסטן, די אַנטיסעמיטן, די אייכמאַנס, ווי די המנ'ס — זיי זאָלן הענגען אויף שטריק. אָבער די בויער, די שעפער פון אַ שענערער וועלט, זאָלן באַצירן אונדזער נייע היים. אַלע בילדער אויף די ווענט, אַלע ביכער אין שראַנק. דער וואָס שאַפט אַ גוטע פאַר ביכער און בילדער, דער העלפט די שונאים שאַפן געטאָס פאַר די שוואַכע פעלקער.

מ ש ה: טאַטע — — — דו ביזט אַ טאַטע פון אַ נייער וועלט.

י ש ר א ל: פריער פון אַלץ צו דער אַרבעט! משה, רעיטשל, יאַנקל, נו — מאַכט אַ היים, אַ גוטע היים.

ש ר ה: (מיט ליבשאַפט) נו, קינדערלעך, פאַרענדיקט, וועלן מיר גיין עסן.

(ישׂראל פּאַטשט זיי ליבלעך איבער דער פּלייצע, פירט־צו יאַנקלען צו די ביכער. יאַנקל נעמט פאַמעלעך, איבערהטראַכטנדיק זיך, אריינשטעלן די ביכער אין שראַנק. משה און רעיטשל נעמען זיך אויפהענגען די בילדער.)

י ש ר א ל: (צופרידן) אָט אַזוי, קינדערלעך. מיר האָבן גענוג געליטן פון די נאַציס, פאַשיסטן און אַנטיסעמיטן און מיר ליידן נאָך. גאַנצקייט אין דער פאַמיליע וועט ברענגען גאַנצקייט איבער דער וועלט.

ש ר ה: (שפּרייט־אויס אַ טישטוך אויפן טיש, שטעלט אַוועק אַ פלעשל בראָנפן, גלעזלעך און דאָס ברויט און זאַלץ) קינדערלעך, וואַשט־אָפּ די הענט און קומט עסן. (ווייזט־אָן אויפן טיש) ישׂראל, אָט האָבן מיר ברויט און זאַלץ אין אונדזער נייער היים.

י ש ר א ל: (טייטלט אויף די דריי קינדער) יאָ, ברויט, זאַלץ און פרידן!

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

(פּילט־אָן די גלעזלעך מיט שנאַפּס, אַלע נעמען די גלעזלעך) איצט, קינדער־לעך, ווילן מיר אַלע צוזאַמען באַגריסן אונדזער נייע היים מיט אַ לחיים! (אַלע צעזינגען זיך):

### לחיים

לחיים — אַ שנעפּסל לאָמיר מאַכן.
לחיים — פֿאַר אַלע גוטע זאַכן! (רעפֿרעין)

טאָ הויבט די גלעזלעך און רגלים,
לאָמיר אַלע טרינקען לחיים, לחיים, לחיים!
לחיים, לחיים — לחיים, לחיים —
לחיים, לחיים — לחיים, לחיים!

(שרה נעמט אַרום אַלע דריי קינדער, קושט זיי און ווייזט אַן אויף זיי) ברויט, זאַלץ און פֿרידן!

(פֿאָרהאַנג)

# אַ „סורפּריז"

## פּ ע ר ז אָ נ ע ן:

| | |
|---|---|
| סאָניאַ | דוד זימערמאַן (איר מאַן) |
| העריס | ערשטער מיטגליד |
| פּאָרזיצער (מאַן אָדער פרוי) | צווייטער מיטגליד |
| מיסעס זימערמאַן | בערטאַ (טאַלאַנט) |

א גרופּע חברים, מענער און פרויען, זיצן אויסגעזעצט אין הויפּט־צימער ארום טיש. מאַנכע זיצן אויף קישעלעך אויפן דיל.

אין הויז איז ליכטיק, יום־טוב׳דיק. אַלץ אַרום — דעקאָרירט. אויפן טיש — אָנגעשטעלט פאַרשידענע נאַשערייען, טאַהטן, פרוכטן.

די גרופּע פּילט זיך פריי, שטיפעריש. מאַנכע ברומען אונטער מעלאָדיעס פון באַקאַנטע לידער. צייטנווייז כאַפּן אַלע אויף אַ ליד און זינגען צוזאַמען.

ס אָ נ י אַ: (בעט אַלעמען שווייגן. רופט דורכן טעלעפאָן. — איז דאָס מיסעס זימערמאַן. איז דוד זימערמאַן נאָך אין דער היים? . . . וואָס? . . . שוין לאַנג אַוועק? . . . יאָ . . . מיר האָבן היינט אַ פּאַרטי . . . מיר שליסן די קאָמפּאַניע פאַר מיטגלידער אין ברענטש . . . אַוודאי! . . . וואָס איך הער? איר זייט נאָך ניט קיין מיטגליד? . . . וואָס רעדט איר? . . . אייך דאַרף מען נאָך רופן? . . . וואָס הייסט, ער נעמט אייך ניט? . . . און וואו זיינען אייערע אייגענע פיס? . . . איר מיינט, אַז אייער קינד וואָלט ניט הנאה געהאַט? . . . אַזאַ יאָר אויף מיר . . . אַ ליטעראַרישער אָוונט מיט עסן און טרינקען און זינ־גען! . . . (די גרופּע צעזינגט זיך ביסלעכווייז) איר הערט? . . . איר מוזט געווים מיינען, ס׳איז אַ ראַדיאָ? . . . ניין! . . . דאָס זינגט מען אַזוי איצט ביי מיר! . . . אַזאַ געזונט אויף אונדז ביידן, ווי איר וועט גוט פאַרברענגען! קומט צו . . . קומט צו . . . גוד־באַי . . . (לאָזט אַרונטער דעם טעלעפאָן).

ה ע ר י ס: (צו סאָניאַן) וואו קען עס דוד זימערמאַן זיין אַזוי שפּעט?

ס אָ נ י אַ: אַ נייעס, נו ביי דוד זימערמאַנען! . . . ער מוז אַוודאי ערגעץ האָבן אַן אויסקוק אויף אַ מיטגליד, מוז ער געווים זיצן און וואַרטן פאַר אים...

ה ע ר י ס: איך דענק, אַז מיר זאָלן שוין עפענען דעם אָוונט אָפיציעל. (גיט אַ קוק אויפן זייגער) ס׳איז שוין שפּעט! . . . (גיט אַ שטורכע דעם פּאָר־

זיצער) נו, עפן אויף דעם אוונט! . . .

**פּאַרזיצער:** (שטעלט זיך אויף) חברים און פריינט! דער היינטי־קער אוונט איז לכּבוד דעם שלוס פון אונדזער דערפאָלגרייכער קאַמפּאַניע פאַר מיטגלידער! מיר ווילן דעריבער צום אַלעם ערשטן געבן אַ סאַלוט פאַר אונדזערע שלאָגלער, וועלכע האָבן זיך אַזוי גלענצנדיק אויסגעצייכנט. אין דער ערשטער ריי גייען אריין: די גאָלדבערגס, נעווינס, פיינשטיין, זימערמאַן און גאָדין! איז אַלע צוזאַמען — אַ טשיר פאַר די גוטע טוער!

**אַלע:** בראַוואָ, בראַוואָ, בראַוואָ!

(אַלע נעמען זיך צום עסן, אָדער טרינקען. ווידער הויבט מען אָן שפּאַסן און פאַרציען מעלאָדיעס. עס קומט אריין מיסעס זימערמאַן. סאָניע לויפט אנטקעגן און נעמט אויף מיט גאַסטפריינטלעכקייט.)

**מיסעס זימערמאַן:** מיין מאַן איז נאָך אַלץ ניטאָ? ער גייט אַוועק צו דער אונטערנעמונג דער ערשטער און קומט אָן דער לעצטער . . .

**סאָניאַ:** (גיט אַ וואונק) ווען איר וואָלט אָבער געהאָלפן אייער מאַן אין דער אַרבעט, וואָלט ער דאָך ניט געדאַרפט אַזוי שווער אַרבעטן . . . וואָס איז? אַזאַ פרוי ווי איר קענט דען ניט זיין אַנגעשלאָסן און זיך באַטייליקן אין דער אַרבעט מיט אַלעמען צוגלייך? און איר מיינט, אַז אייער קינד וואָלט איר ניט געדאַרפט פאַראינטערעסירן אין דער אַרבעט? . . . פאַרגעסט ניט, אַז מיר זיינען אַרבעטער, אָרעמע מענטשן, און מיר דאַרפן אונדזערע קינדער געווינען פאַר זיך און זיי דערציען צו וויסן אונדזער געשיכטע . . .

**מיסעס זימערמאַן:** אַזאַ יאָר אויף מיר, ווי איר זענט גערעכט. מיין מאַן אָבער האָט אין זינען די גאַנצע וועלט, נאָר זיין אייגן ווייב און קינד פאַרגעסט ער. גלייבט מיר: אַ סך מאָל קרענקט מיך, וואָס ער גייט אַוועק. נאָר איר ווייסט דאָך . . . איך וועל אים ניט גיין רייסן פאַר דער פּאָלע און שרייען: נעם מיך אויך מיט . . .

**סאָניאַ:** אַזאַ געזונט אויף מיר ווי איר זענט גערעכט! זעט איר, ביי אונדז, ביי מיר מיט מיין מאַן, איז דאָס געווען פונקט פאַרקערט. איך האָב מיט מיין ווייבערישן קאָפּ געקומען פריער פאַרשטיין, אַז מ׳דאַרף ערגעץ באַלאַנגען, זיין אַקטיוו און העלפן טאָן קולטור־אַרבעט. האָב איך געריסן שטיקער פון מיין מאַן, אַז ער זאָל מיט מיר מיטגיין. איצט — אַזאַ יאָר אויף אונדז ביידן, וואָס פאַר אַ טייערע אַרבעט ער טוט . . .

**מיסעס זימערמאַן:** הערט־זשע, טייערע סאָניאַ, אויב אַזוי, טאָ

שלאָגט־זשע מיך פּאָר פּאַר אַ מיטגליד, און מיין קינד נעמט ריין אין דער שולע. לאָמיר היינט מאַכן אַ סורפּריז מיין מאַן . . . איך אַליין וועל דערווייל אַריינ־גיין אין אַ צווייטן צימער און וואַרטן ביז איר וועט מיך אַרויסרופן . . . גוט?

סאָניאַ: (נעמט זי קושן) ס'אַ זעלטענער איינפאַל! . . . דאָס וועט שוין איינמאָל זיין אַ פיינער סורפּריז פאַר אים און אויך אַ לעסאָן פאַר אַלע מענער! . . . (עפנט אַ צווייטע טיר און פירט איר אַריין.)

פּאָרזיצער: (שטעלט זיך אויף) איצט, פריינט, וועלן מיר געבן אַ פּאָר נומערן פון אונדזער פּראָגראַם און דאַן וועלן מיר הערן באַריכטן . . . איך וועל אייך דעריבער איצט פאָרשטעלן בערטאַ שולזינגער. זי וועט פאַר אייך זינגען, אָדער דעקלאַמירן. זאָל זי אַליין באַשטימען . . .

(בערטאַ שטעלט זיך אויף און גיט אַ נומער. אַלע אַפּלאָדירן איר. זי גיט אַ צווייטן נומער.)

פּאָרזיצער: איצט לאָמיר הערן אַ באַריכט, וואָס מיר האַלטן מיט די רעזולטאַטן פון דער קאַמפּאַניע פאַר מיטגלידער . . .

(עס קלינגט די טיר, סאָניאַ לויפט צו עפענען. עס קומט אַריין דוד זימער־מאַן. אַלע באַגריסן אים מיט אַ הוראַ און פייפעריי. ער גייט צו נעענטער צום טיש און זעצט זיך אַוועק.)

ערשטער: (שטעלט זיך אויף פון זיין פּלאַץ) איך האָב 5 אַפּליקאַ־ציעס און נאָך דריי קומען איינגיכן . . .

אַלע: בראַוואָ! בראַוואָ!

צווייטער: איך האָב דאָ מיטגעבראַכט מיט זיך מיינע צוויי נייע מיטגלידער און . . . (ווייזט אַן) דאָס זיינען זיי! און נאָך 8 וועלן קומען צום מיטינג. (אַלע אַפּלאָדירן) דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. איך האָב פאַר אונד־זער שול פאַרשריבן צוועלף קינדער, וואָס וועלן אָנפאַנגען קומענדיקע וואָך.

אַלע: בראַוואָ! בראַוואָ! (אַפּלאָדירן)

פּאָרזיצער: נו, דוד זימערמאַן, וואָס האָט איר פאַר אַן איבעראַשונג היינט אַוונט? אויב איר זענט געקומען אַזוי שפּעט, מוז אַוודאי זיין אַ גאַנצער צעטל?! . . .

דוד זימערמאַן: (אַביסל קאַלעמוטנע) איך בין אַפּגעלעגן אַ גאַנצן אָוונט און געוואַרט פאַר אַ קאַנדידאַט, כדי אים מיטצוברענגען היינט צו דער פּאַרטי, צום סוף האָט אים גאָר זיין ווייב געלאָזט וויסן, אַז ער מוז בלייבן מיטן קינד אין הויז, ווייל זי האָט היינט אַ ברידזש־פּאַרטי . . . איך האָב

אָבער נאָך אַן אויסזיכט אויף אַ מיטגליד . . . צום באַדויערן איז ער איצט קראַנק. נאָר ווי גיך ער וועט געזונט ווערן, האָט ער מיר צוגעזאָגט, קומט ער אריין צו אונדז אַלס מיטגליד . . . (זעצט זיך שטיל אַוועק)

**פּאָרזיצער:** עפּעס זע איך, אַז סאָניאַ זעט מיר אויס פריילעך. זי מוז אַוודאי האָבן אַביסל קאַנדידאַטן ? ! . . .

**סאָניאַ:** (שטיפעריש) יאָ ! איך האָב . . . איך האָב פאַר אייך אַ סור־פּריז ! איך . . . איך האָב דעם פאַרגעניגן אייך פאָרצושטעלן אַ נייעם מיטגליד פאַר אונדזער ברעגנטש און אַ קינד פאַר אונדזער שול ! . . . (זי עפנט די טיר און פירט אַרויס מיסעס זימערמאַן) זייט באַקאַנט !

(דוד זימערמאַן בלייבט זיצן צעטומלט און קוקט זיי אָן ; אַלע נעמען אויף די נייע מיטגלידער מיט בראַוואָ־פּאַטשעריי און געזאַנג.)

**מיסעס זימערמאַן:** (גייט צו, גיט איר מאַן, זימערמאַנען, די האַנט) נו, וואָס זאָגסטו עפּעס אויף דיין פרוי ? . . .

**סאָניאַ:** נו, דוד, ווי געפעלן אייך עפּעס מיינע נייע קאַנדידאַטן ? . . . אייער יאַטל וועט שוין מאַנטיק אויך זיין אין שולע !

**דוד זימערמאַן:** (אַביסל איבעראַשט) איך מוז אייך גראַטולירן, סאָניאַ. מיר איז דאָס גאָר ניט איינגעפאַלן. כ׳האָב געמיינט, אַז איך מוז נאָר קלאַפּן אין פרעמדע טירן און . . . דערווייל האָב איך אַזוי־אַרום מיין אייגענע טיר פאַרזען . . .

**סאָניאַ:** (שפּרינגט אַרויף אויף אַ שטול) ריכטיק ווי גאָלד ! און וואָס דאַרפן מיר לערנען דערפון ? מיר דאַרפן לערנען, אַז . . . נו . . . מענער, האָט איינזיינען אויפצוקלערן אייערע פרויען און איר, פרויען, פאַרגעסט ניט אייערע מענער ! מאַכט זיי פאַר מענטשן מיט לייטן גלייך ! . . . אויך אַלע טאַטעס און מאַמעס מוזן האָבן אין זינען, אַז זיי דאַרפן דערציען זייערע קינדער אין דינסט פון דער מענטשהייט !

**אַלע:** בראַוואָ ! . . . בראַוואָ ! . . .

**דוד זימערמאַן:** (פּאַטשט בראַוואָ !) גערעכט ! (גייט־צו צו זיין פרוי און קושט זי.)

**פּאָרזיצער:** (שמייכלט) דאָס איז אַ סורפּריז ! דאָס איז אַן אויפ־נאַמע ! . . . אָט אַזוי ! . . . איצט דאַרפן מיר אויפנעמען אונדזערע נייע מיט־גלידער ! . . . און אויפנעמען לאָמיר זיי אַזוי ווי מיר קענען, מיט געזאַנג ! . . .

(אַלע שטעלן זיך אויף און באַלד צעגיסט זיך איבערן צימער אַ פריילעך ליד.)

(פאָרהאַנג)

# „האָטעל קאָכאַליין"

## (אַ סצענע אין אַ רעזאָרט־פּלאַץ)

### פּערזאָנען:

מ ש ה — אַ פּרעסער ביים פּאַך, טראָגט אַ קורץ־געשוירן בערדל.
ק י י ל ע — זיין פרוי, אַ שוועך־לייביקע יידענע.
ח י י ם — אַ פינישער ביים פּאַך, אַרבעט מיט משה׳ן אין איין שאַפּ.
כ אַ ש ע — זיין פרוי, אַ דאַרע יידענע.
ר ב מ אָ ט ל — אַן עלטערער ייד, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ.

אין אַ זוניקן נאָכמיטיק, אין א רעזאָרט־פּלאַץ אויף דער וועראַנדע. עס שטייען צוויי טישלעך מיט עטלעכע שטולן אַרומגעשטעלט. דער אַלטער רב מאָטל זיצט לעבן טיר אויף אַ וויג־שטול מיט אַ צייטונג אין האַנט, זינגט פאַר זיך „אויפן ים ווייעט אַ ווינטעלע". לעבן אים זיצן אַ פּאָר געסט.

ר ב מ אָ ט ל: (קוקט אין דער צייטונג און ווערט אין כעס) מיינע שונאים זאָלן אַזוי לעבן ווי דאָס איז מעגלעך. די צייטונגען שרייבן אַזוי דעם אמת, ווי ס׳איז אמת וואָס דער האָטעל־קיפּער האָט מיר אַלץ געשריבן וועגן זיין האָטעל. (קוקט ווידער אין דער צייטונג און לייענט) הערט אַ געשיכטע, אַ פרוי פון 21 יאָר איז געלעגן געוואָרן מיט פיר קינדער, און די אַלע פיר זיינען אַ „זיבעלע", ס׳הייסט זיבן חדשים ווי זי איז פאַרהייראַט. נו, איך וואָלט שווערן, אַז זי האָט זיי ניט געהאַט צו־פרי, נאָר, מסתמא האָט זי צו־שפּעט חתונה געהאַט . . . כאַ־כאַרכאַ.
כ אַ ש ע: (קומט אַרויס פון טיר, האַלטנדיק אין האַנט אַ טעשל קאָרטן, טאַשנדיק פאַר זיך אַליין) וואָס לאַכט איר אַזוי געשמאַק, רב מאָטל? אייך האָט זיך עפּעס גע׳חלומ׳ט?
ר ב מ אָ ט ל: ניין, מיר חלומ׳ט זיך שוין מער ניט. איך לאַך דאָ פון דער צייטנוג. איך לייען און זע, אַז דאָס איז כולו בלאָף.
כ אַ ש ע: ס׳איז אַלראַיט, עס זיינען נאָך פאַראַן גענוג צייטונגען, וואָס שרייבן דעם אמת אויך.

**רב מאָטל:** נו יע, ציטונגען זיינען אַזוי ווי קאָרטן. עס ווענדט זיך ווי ווער עס טאַשט זיי . . .

**כאַשע:** איר האָט געזאָגט אַ קלוגע זאַך. איך זאָל אַזוי לעבן ווי ס׳איז אמת. איך האָב נעכטן געשפּילט מיט דער גראָבער, די מיסעס קיילע פּיינטוש. ווען איך לאָז איר כּסדר „דיילן״, וואָלט איך פאַרלוירן, איר זאָלט מיר מוחל זיין, די לאַפּטשעס, און דאָס האָט נאָך אַ חוצפּה צו דערציילן, אַז איר מאַן האָט אַ רייכן געשעפט מיט אַן אייגענעם פערדל.

**רב מאָטל:** וואָס?

**כאַשע:** אַזאַ מאַשין, אַזאַ אויטאָמאָביל.

**רב מאָטל:** (צעלאַכט זיך) זאָגט־זשע אַזוי.

**כאַשע:** איר האָט נאָך ניט געזען אַזאַ יידענע. אַז זי גיט זיך אַ רוק־צו צו דעם אויוון, איז שוין אַ בראָך צו אַלעמענס טעפּלעך, וואָרום זי קאָכט דען אין אַ טאָפּ? דאָס איז דאָך אַ סאָלדאַטסקער קעסל. ווי זי קומט־צו, גיט זי גלייך אַ שאַר אַוועק אַלעמענס טעפּלעך און פאַרכאַפּט די הייסע פּליטע אויפן אויוון, און דערצו האָט דאָס נאָך אַ טבע מיט איר פליישיקן קאָכלעפל אַ מיש געבן ביי יענעם אין די מילכיקס, צו זען וואָס דאָרט טוט זיך. גלויבט מיר, רב מאָטל, זי קאָן ביי יענעם אַרויס׳גנב׳ענען אַ באַקצאָן און יענער זאָל דאָס גאָר ניט פילן . . .

(עס דערהערט זיך פון הינטער דער טיר אַ רופן פון אַ גראָבער שטימע: „כאַשע, כאַשע, עס קאָכט זיך שוין ביי אייך!״ כאַשע לאָזט זיך צום טיר, עס קומט איר אַן אַנטקעגן קיילע.)

**קיילע:** גייט, עס לויפט שוין.

**כאַשע:** און אַז עס לויפט, דאַרף מען שרייען? (אָפּ.)

**קיילע:** (צו רב מאָטל) נו, וואָס זאָגט איר עפּעס?

**רב מאָטל:** (זינגט זיך צו „אויפן ים ווייעט אַווינטעלע״) איר ווייסט, קיילע, ווען מ׳זינגט? ווען מ׳איז הונגעריק.

**קיילע:** אייך איז גוט, אַז איר ווייסט ניט פון דעם קאָבאַליין. די טאָכטער פאָרעט זיך און איר קריגט פּאָרטיקס. אָבער שלעכט איז מיר, אַז איך דאַרף שטיין ביים אויוון מיט אָט דער ברעטל, מיט דער כאַשען, און קאָן דאָס ברעטל ניט פאַרברענען — אַ פייער אויף איר . . . פּופּצן באַזונדערע טעפּלעך מוז דאָס קאָכן. פליייש און פיש און זופּ און קאָמפּאָט און וועדזשעטייבלס און וואָס ניט. איז ווען איך האָב איר דאָס נעכטן צוזאַמענגעמישט אין איין

טאַטע, אַז די אַנדערע ווייבער זאָלן אויך האָבן אַ שטיקל וואַרעמען פּלאַץ אויפן אויוון, האָט זי דאָס צעעפנט אויף מיר איר „וואַקזאַל״... איך זאָג אייך, ס׳איז אַ שטיקל גליק וואָס די וואַסער איז געווען קאַלט, ווען ניט ברינט זי מיך אָפּ פון אויבן ביז אונטן.

ר ב  מ אַ ט ל : וואָס איך הער. זי זעט דאָך אויס, דאַכט זיך, אַזאַ שטילע פרוי.

ק י י ל ע : אַט די שטילע וואַסערלעך לאָזן זיך גוט הערן . . . אַז וועלכער שוואַרץ־יאָר האָט זי דאָ געבראַכט? מילא, איך דאַרף ניט קיין האָטעלן, כ׳בין אויף אַ דייעט, און וואָס איך קאָך איז נאָך צופיל, אָבער זי דאַרף דאָך פּרעסן, טאָ וואָס טוט זי דאָ, אין קאַבאַליין האָטעל?

ר ב  מ אַ ט ל : איר ווייסט דאָך, דאָ קאָסט ביליקער.

ק י י ל ע : ביליקער? ווי זי רעדט, איז זי דאָך אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד. איר מאַן, זאָגט זי, האָט הייזער און זיי פאָרן אַרום אין אַ „שיוורעלייע״, איז זי קראַנק צו גיין אין אַ רעגעלן האָטעל. וואָס ווייסט איר, רב מאַטל, זי איז דאָך אַזוי קאַרג, אַז זי קאָן אין דער גרים אַריינלייגן אַ קנעפּל און נעמען אַ דאָים רעשטע.

(עס דערהערט זיך אַ געשריי: „קיילע, קיילע פיינטוש, עס ברענט ביי אייך!״)

ק י י ל ע : זאָל ברענען, ס׳איז ניט מיינס. ווען מיינס שטייט אויפן אויוון, בין איך לעבן אויוון. איך לויף ניט אין מיטן דערינען אַריינצוכאַפּן אַ אַ „דיל״ אין קאָרטן . . .

כ אַ ש ע : (טאַשט פאַר זיך די קאָרטן אין האַנט) אויב איר האָט שוין צייט, טאָ וואָס שטייט איר? (ווייזט אויף די קאָרטן.)

ר ב  מ אַ ט ל : טאַקע, נו, צייט איז געלט. (וויגט זיך און זינגט „אויפן ים ווייעט אַ ווינטעלע״.)

ק י י ל ע : גוט איז יענע ווייבער, וועמענס מענער עס האָבן צייט, נעמט מען די מאַשין און מ׳פאָרט אַרום אַביסל צו דער וויב. אָבער מיין מאַן איז דאָך פאַרנומען יעדע מינוט, און זיך אָפּרייסן פון ביזנעס קאָן ער ניט.

כ אַ ש ע : און מיין מאַן האָט פיינט צו פאָרן אין אַזעלכע פּלעצער. ביי אים מוז אַלץ זיין „איי וואָן״ — דאָס בעסטע. אַז ניט, זאָגט ער, איז בעסער גאָרנישט.

קײלע: (גיט אַ װאונק צום שפּילן) לאָמיר אָנפאַנגען אין צװײ הענט?
כאַשע: קאָרטן, איז װי אַ לאָמפּ פאַר פליגן. עס װעלן באַלד זײַן גענוג קיבעצער.

(קײלע און כאַשע זעצן זיך בײַם טישל, זוכן אין די טײַסטערס דאָס געלט.)

רב מאָטל: װײַזט אויס, אַז קאָרטן איז דער בעסטער שלום־מאַכער אין דער װעלט. אַ גאַנצן טאָג רײַסט מען זיך װי די הענער, אָבער קומט צום תהלימ׳ל (װײַזט אָן אויף די קאָרטן) איז אין איין מינוט פאַראַן אַ מנין . . . אײַ, װײַבער, װײַבער, אין קײן צײַטונג האָב איך אײַך נאָך ניט געזען אַרײַנקוקן. איר האָט צװײ זאַכן: אָדער זיך קריגן, אָדער — שפּילן און די װעלט קאָן ברענען . . . איר זאָלט מיר מוחל זײַן װײַבער, מיר האָבן אויך מענער בײַ װעמען קאָרטן איז קולטור . . .
כאַשע: (צו רב מאָטלען) איר מײנט אַז איך שפּיל פאַר פאַרגעניגן? — די צרות שפּילן.
רב מאָטל: (צו קײלען) נו, און פאַרװאָס שפּילט איר?
קײלע: איך האָב דען עפּעס אַנדערש װאָס צו טאָן?
(טאַשן די קאָרטן און שפּילן. כאַשע הײבט־אויף דעם קאָפּ, װי זי װאָלט דערזען עמעצן גײענדיק.)
כאַשע: (װײַזטראָן אין דער ריכטונג פונװאַנען מ׳קומט) װער שלעפּט זיך דאָס דאָרטן מיט אַ טשעמאָדאַן?
קײלע: (דרײט־אויס דעם קאָפּ, דערלאַנגט אַ װאָרף די קאָרטן, אַ שאַר־אַרײַן דאָס געלט אין קעשענע) דאָס איז דאָך מײַן מאַן. משה, װי קומט ער דאָ? (זי לויפט אים אַנטקעגן, פּרובירט העלפן אַרויפנעמען דעם טשעמאָדאַן אויף דער װעראַנדע. זי שטעלט־פאָר איר מאַן פאַר כאַשען און רב מאָטלען. ער גיט רב מאָטלען אַ שלום־עליכם) איז זאָג מיר נאָר, װאָס טוסטו דאָ אין אַ פּראָסטן מיטנדערינען?
משה: ס׳איז געװאָרן סלעק, ט׳ער פאַרמאַכט דעם שאַפּ פאַר צװײ װאָכן. נו, איז װאָס װעל איך זיך װאַלגערן אין שטאָט?
קײלע: (פּרובירט אים שלעפּן פאַרן פאָלע, ער זאָל ניט רעדן) נו, האָסט גוט געטאָן, װאָס דו האָסט פאַרשלאָסן דאָס געשעפט און געקומען.
משה: (קוקט דערשטױנט) װאָס פאַר אַ געשעפט? דער באָס מײַנער האָט פאַרמאַכט דעם שאַפּ.

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

ק י י ל ע : (ווינקט צו אים, ער זאָל ניט רעדן) ווילסט אַ גלעזל טיי ? זעץ זיך, רו זיך אָפּ.

מ ש ה : טאַקע שווער געווען דאָס פאָרן. (ווישט זיך דעם שווייס) די באַן איז געפּאַקט, דער רויך שניידט אין פּנים, טאַקע שווער דער קומען. (זעצט זיך אויף אַ שטול.)

כ אַ ש ע : (גיט אַ וואונק צו רב מאַטלען) ווען מיין מאַן קומט, וואָלט ער שוין געפאָרן מיט זיין שיוורעלייע. (ווענדט זיך צו משה'ן) פאַרוואָס זיינט איר ניט געקומען מיט אייער פאָרדל ?

מ ש ה : (קוועטשט מיט די פּלייצעס) וואָס פרעגט זי ?

ק י י ל ע : (צעטומלט פון דער פאַרלעגנהייט, פּרובירט אים פאַררעדן) ווילסט טיי, צי קאַפע ?

מ ש ה : גיב וואָס דו האָסט, וועט שוין זיין גוט. (קיילע גייט־אָפּ אין קיך.)

ר ב  מ אַ ט ל : (וויזט־אָן) זעט נאָר, אָט קומען נאָך געסט.

כ אַ ש ע : (דרייט־אויס דעם קאָפּ, גיט אַ פאַרברעך די הענט) חיים, מיין מאַן חיים. (לויפט אים אַנטקעגן. זי קומט מיט אים אַרויף אויף דער וועראַנדע, וויל אים וואָס זאָגן) איז וואָס מאַכסטו, חיים, דו הערסט ? — — — (בלייבט אויך שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט.)

מ ש ה : (גיט זיך האַסטיק אַ שטעל־אויף פון שטול) חיים פייפל, דו ביסט דאָך געפאָרן מיט מיר אויף דערזעלביקער באַן, פאַרוואָס האָסטו מיר ניט גע־זאָגט אַז דו פאָרסט ? איך בין דאָך אויך איצט געקומען.

ח י י ם : איז וואָס מאַכסטו ?

מ ש ה : געקומען אַביסל אויספרעסן דאָס געזונט. און דו, חיים ?

ח י י ם : איך בין אויך געקומען אַביסל אויסלאָטען דאָס געזונט. מיר האָבן צוויי וואָכן וואַקיישאַן, דאַרף מען מאַכן אַ נוץ פון דעם.

כ אַ ש ע : (דערשטוינט) איר קאָנט זיך ביידע ?

ק י י ל ע : (קומט־אָן מיט אַ גלאָז טיי) ווער איז דאָס דער נייער גאַסט ?

ח י י ם : (צעלאַכט זיך) ס'הייסט, ווער איז דאָס ? איך מיט משה'ן אַר־בעטן שוין צוועלף יאָר צוזאַמען אין איין שאַפּ. ער איז דער פּרעסער, און איך בין דער פינישער.

(ביידע פרויען בלייבן שטיין ווי פאַרלוירענע, מיט צעעפנטע מיילער. קיילע גיט אַ שטעל דאָס גלאָז טיי און גיסט־אויס.)

מ ש ה: יאָ, מיר זיינען אַזעלכע גוטע פריינט, אַז אַפילו אין קאַונטרי פאַרן מיר אין איין פלאַץ . . .

ר ב מ אַ ט ל: (צו כאַשען) דאָס איז אייער מאַן, וואָס בויט הייזער? (ווענדט זיך צו קיילען) און דאָס איז אייער ביזנעסמאַן? (צעלאַכט זיך) כאַ־כאַ־כאַ . . .

(ביידע פרויען בלייבן שטיין צעטומלט.)

כ אַ ש ע: (רופט־אָפּ איר מאַן אַ זייט) חיים . . . (זי פאַרלירט דאָס לשון) חיים, חיים, מיר פאָרן היינט אַהיים! פּאַק זיך ניט אויס.

ק י י ל ע: (שלעפּט אַן אַ זייט איר מאַן, משה'ן) משה, טו זיך ניט אויס, מיר פאָרן היינט צוריק אין שטאָט אַריין!

ר ב מ אַ ט ל: (לאַכט האַרציק, זיך ווענדנדיק צו ביידן, צו משה'ן און חיים'ען) ווען איר פאָלגט מיך, לאָזט איר זיי ביידן, די „ריעל־עסטייט־ניצעס" מיטן „שיווערלייע" און די „ביזנעסליידי" מיטן פערדל פאָרן אַ היים, און איר — דער פּרעסער מיטן שניידער — בלייבט דאָ. ווייל אַרבעטער דאַרפן זיך אָפּרוען!

(כאַשע און קיילע, ווי זיך צוזאַמענגערעדט, גיבן אַ שפּיי־אויס אין צוויי באַזונדערע ריכטונגען: „טפו זאָל דאָס ווערן!" חיים און משה קוקן זיי אָן ווי משוגע.)

ר ב מ אַ ט ל: (צעלאַכט זיך, אַזוי וויגנדיק אין שטול, ביז ער קייקלט זיך אַרונטער. ליגנדיק אויפן פלאָר, לאַכט ער און טייטלט מיט פינגער צו די צוויי פרויען) מיט פוסטע באַרימערייען מוז מען אַריינפאַלן! (לאַכט אַזוי שטאַרק, אַז ער קאָן זיך ניט אויפהויבן.)

**(פאָרהאַנג)**

# וואָס האָט איר צו עסן?

(אַ סצענע אין אַ רעסטאָראַן)

**פּ ע ר ז אָ נ ע ן :**

ערשטער קאָסטימער
צווייטער קאָסטימער (אַביסל בלינדלעך)
וועיטער (אַביסל טויבלעך)
מענער און פרויען קאָסטימער
קעכין (עלטערע פרוי)

די סצענע קומט פאר מיטיק־צייט אין אַ רעסטאַראַן, וואו עס שטייען אויסגעשטעלט עטלעכע טישן, שטולן. אויף די טישן קערבלעך מיט בולקעס און ברויט. ביי די זייטן, צעלייגט אויף סערוועטקעס, אַלע נויטיקע עס־מכשירים. וועיטער לויפט אַריין און אַרויס, צוגרייטנדיק אויף די טישן דאָס נויטיקע זאַלץ, פעפער, קריגלעך מיט וואַסער.

**ו ו ע י ט ע ר :** (רעדט צו זיך, קוקנדיק אויפן זייגער) שוין, שוין באַלד צוועלף אַזייגער, באַלד קומט דער יאַריד. (כאַפּט זיך פאַר דער נאָז) שוין, זי האָט שוין פאַרטיק געמאַכט די פיש... (שרייט אַריין אין קיך) סאַרקע, די פיש ברענט ביי דיר. (רעדט ווידער צו זיך) אַז וואָס זי טוט ברענט ביי איר אונטער די הענט... (ער נעמט ווישן אַ טעלער, וואַרפט עס אַראָפּ און צעברעכט עס) היינטיקע טעלער, נאָר זיי ברעכן זיך. (קלייבט צונויף די שטיקלעך.)

**ק ע כ י ן :** (קומט אַריין מיטן קאָך־לעפל אין האַנט) שוין ווידער צעבראָכן אַ טעלער? איך דענק, אַז דו וואָלסט באַדאַרפט זיין אַ שדכן און ניט קיין וועיטער. איך האָב נאָך אַזאַ בריה אויף ברעכן טעלער ווי דו ניט געזען...

(עס דערהערט זיך סירענע־פייף, וואָס זאָגט אַז צוועלף בייטאָג. די קעכין לויפט צוריק אַריין אין קיך. דער וועיטער קלייבט גיך צונויף די שערבלעך און טראָגט אַרויס. עס קומען אַריין: ערשטער קאָסטימער, צווייטער קאָסטימער, אַ גרופּע מענער און פרויען כאַפּן שטולן צום זיצן, גיסן זיך אָן אין גלעזער וואַסער, מאַכנבע רייסן שטיקער פון די בולקעס און עסן.)

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר : (צום צווייטן,ביים טיש) איך גיי אַרויס פון שאָפּ מיט אַן אַפּעטיט פון אַ העלפאַנט, און איידער מ׳קריגט עפּעס עסן פאַרגייט דאָ דער אַפּעטיט.

צ ו ו י י ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר : (רייסט אָפּ אַ שטיק ברויט און בייסט אין דעם) איז וואָס טאַקע עסט מען?

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר : שאַ, אָט גייט שוין דער וועיטער. (וועיטער קומט אַריין מיטן סערוועטקע איבערן האַנט.)

ו ו ע י ט ע ר : (לויפט איבער די טישלעך און רוקט אונטער אַ מעניו) איז וואָס וועט איר עסן?

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר : (צום וועיטער) איז וואָס האָט איר צום עסן?

ו ו ע י ט ע ר : (שטעלט אַן די האַנט צום אויער) איז וואָס וועט איר עסן?

צ ו ו י י ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר : (שרייט הויך) איז וואָס האָט איר צום עסן?

ו ו ע י ט ע ר : (כאַפּט די מעניו און דערלאַנגט אים) איז וואָס וועט איר עסן?

צ ו ו י י ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר : (לייגט אַוועק די מעניו) איז וואָס האָט איר צום עסן?

ו ו ע י ט ע ר : (ווייזט אַן אויף דער מעניו) לייענט, וועט איר וויסן וואָס עס קאָכט זיך אין טעפּל.

צ ו ו י י ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר : (גיט אַ וואָרף די מעניו) ווען איך קאָן לייענען, וואָלט איך געווען אַ בעל-קורא. (צום ערשטן קאַסטימער) זעסט אַ חכמה, ער זעט אַז איך זע ניט, הייסט ער מיר לייענען.

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר : (שרייט שוין הויך צום וועיטער) וואָס האָט איר? וואָס האָט איר אין קיך?

ו ו ע י ט ע ר : איר ווילט די קעכין?

ע ר ש ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר : מיר ווילן עסן, עסן.

צ ו ו י י ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר : ווער דאַרף די קעכין? איך וויל עסן, עסן.

ו ו ע י ט ע ר : (אויפגערעגט) איר ווילט פאַרשפּייז, ווילט איר?

ע ר ש ט ע ר  א ו ן  צ ו ו י י ט ע ר  ק אָ ס ט י מ ע ר ס : זאָל זיין פאַר־שפּייז, אָבער וואָס איז דער פּאַר — — — (דער וועיטער לאָזט זיי אין מיטן

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

און לויפֿט־צו צו אַ צווייטן טישל, שטעלט אַן דעם אויער, לויפֿט אַרויס אין קיך, ברענגט אַריין אַ פּאָר טעלער מיט זופּ, שטעלט ביי זייערע טישן, פֿאַר־וואַרפֿט די סערוועטקע אויפֿן האַנט און קומט־צו צו די צוויי קאַסטימער.)

**צווייטער קאַסטימער:** איז וואָס האָט איר פֿאַר פֿאַרשפּייז?

**ערשטער קאַסטימער:** איר האָט אַ שטיקל הערינג?

**ביידע קאַסטימער:** יאָ, הערינג!

**ווייטער:** איז וואָס פֿאַר אַ הערינג, געבאַקטע הערינג, מאַטשעס הערינג, שמאַלץ־הערינג, פּיקלד הערינג, מאַריאַנירטן הערינג, רוסישן הערינג, הערינג מיט גריק סאַלאַד, טאָמייטאָ הערינג, אָדער ביסמאַרק הערינג?

**ביידע קאַסטימער:** (נעמען זיך ווישן מיט די סערוועטקעס דעם שוויים פֿון פּנים) גיט מיר, גיט מיר — — —

**ווייטער:** (לויפֿט־צו צו אַ צווייטן טישל, נעמט אוועק אַ טעלער, לויפֿט אַריין אין קיך, טראָגט־צו אַ טעפּל קאַווע צום צווייטן טיש און קומט־צו צו די צוויי קאַסטימערס) איז וואָס פֿאַר אַ זופּ וועט איר עסן?

**ערשטער קאַסטימער:** (שרייט הויך) זאָל זיין זופּ, דערלאַנגט זופּ, מיר האָבן בלויז אַ האַלבע שעה פֿאַר מיטיק עסן, גיט שוין זופּ.

**צווייטער קאַסטימער:** זאָל זיין זופּ.

**ווייטער:** (גיט זיך אַ וויש דעם שוויים) זופּ? וואָס פֿאַר אַ זופּ וועט איר עסן? (רעכנט־אויס אויף גיך) פּאָטייטאָ זופּ, בינס זופּ, קרויט, קאַלטן באָרשט, ספּליט פּיס, וועדזשעטייבל זופּ, לאָקשן מיט בעבלעך, רייז מיט מילך, פֿאַרפֿל זופּ, קאַשע, אָדער טשיקן זופּ?

**ערשטער קאַסטימער:** (באַגיסט זיין נעפּקין מיט קאַלט וואַסער און לייגט־צו צום קאָפּ) אַי, ער האָט מיך אָפּגעגאָסן מיט אַ קעסל זופּ . . .

**צווייטער קאַסטימער:** גיט שוין וואָס איר ווילט.

**ווייטער:** איז ווילט איר ניט קיין זופּ. אפֿשר פֿלייש? פֿלייש ווילט איר?

**ערשטער קאַסטימער:** געוויס ווילן מיר. איך שטאַרב עסן. שוין באַלד אוועק די האַלבע שעה. גיט פֿלייש, גיט ביינער, גיט — — —

**ווייטער:** (שטעלט־אַן די האַנט צום אויער) וועלכע פֿלייש ווילט איר? (רעכנט אין איילעניש) קאַלבס־בראַטן, קאָטלעטן, לעם־טשאָפּס, ריפּ־סטייק, קראַשעטעצע, טשאָק־סטייק, לעבער־סטייק, האַמבורגער, ציינגלעך, טשיקן, געהאַקטע פֿלייש־קניידלעך, קישקע, קאָרנד־ביף מיט זויער־קרויט. איאָ

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

גוט? נו? (לויפט אַרויס אין קיך און קומט אַריין צוריק) ניטאָ מער קיין פליייש. (ביידע קאַסטימער בייסן מיט כּעס דעם ברויט.)

ערשטער קאַסטימער: (שרייט צום וועיטער) העי, גיט שוין וואָס ניט איז.

צווייטער: (לויפט נאָך דעם וועיטער, כאַפּט אים פאַרן האַנט און ברענגט אים צושלעפּן) גאָט איז מיט אייך, האָט רחמנות, גיט שוין אַ קאַווע מיט אַ קוכן.

ערשטער קאַסטימער: זאָל שוין זיין כאָטש אַ קאַפע, זאָל שוין...

וועיטער: (שטעלט־צו די האַנט לעבן אויער) וואָס פאַר אַ קעיק? יאָ, אייגענע געבאַקטע. (רעכנט־אויס אין איילעניש) ספּאַנדזש קעיק, שטרודל, סטראָבערי שאָרט־קעיק, פרענטש פּעיסטרי, אַ קאַפע רינג, ראָגאַל־קעס, פוטער־קעיק, מאָן־קעיק, טשאָקאָלאַד־קעיק, האָניקקעיק, עפּל־פּאַי, מאַנדלזברויט, אָדער היימישע טשאַסטעס. אַלזאָ, וואָס וועט איר נעמען?

עס דערהערט זיך אַ סירענע־פייף, וואָס זאָגט־אָן, אַז ס'איז שוין צוועלף־דרייסיק. די קאַסטימער אַרום די אַנדערע טישלעך לאָזן זיך אין דער ריכטונג צום אַרויסגאַנג פונעם רעסטאָראַן.)

ערשטער קאַסטימער: שוין האַלב נאָך צוועלף? ווי איז מיר, קום...

צווייטער קאַסטימער: שוין האַלב נאָך צוועלף?

וועיטער: (האַלטנדיק אין האַנט אַ פּאָר ליידיקע טעלער) איז וואָס וועט איר נעמען?

ביידע קאַסטימער: (טרינקען אויף גיך אויס די גלעזער וואַסער) מיר וועלן נעמען דעם וועג! (לאָזן זיך האַסטיק צו דער טיר.)

וועיטער: (קוקט מיט כּעס צו דער טיר) מיינע גליקן! (די טעלער פאַלן אים אַרויס פון האַנט.)

(פאָרהאַנג)

# וואָס זאָגן די שורות?

זיין האַנטשריפט איז געציקלט אין שיינע אותיות,
זיין טינט איז קאָלירדרייך אין דער גאָלדענער פען.
נאָר וואָס וויל ער זאָגן אין די שורות די לאַנגע?
נישטאָ וואָס צו הערן, נישטאָ וואָס צו זען . . .

אַ צווייטער שרייבט איינפאַך מיט אַ פען שוואַרצע טינט,
ס'איז קלאָר און פאַרשטענדלעך דאָס וואָרט אויפן פאַפיר,
און יעדער געדאַנק איז ווי פון גאָט אַ געשאַנק —
וואָס מאַכט דיר אין ווייסן — אַן אמת'ן גביר . . .

■ ווען דער מענטש וויל זעטיקן דעם אַפעטיט פאַר וויסן, מוז ער אַכטונג געבן אינעם בוך אויף דער ריינקייט פונעם אינהאַלט, ווי אַ דאַרשטיקער פאַר ריין קוואַל־וואַסער — ער וועט ניט טרינקען פון אַ זומפּ . . .

■ דער וואָס האָט פון אַ ל ץ צ ו פ י ל, ווייסט ניט דעם טייטש פון ח ס ר ו ן...

■ אין אַ הויז וואו אַ בוך ליגט, און מיט שטויב באַדעקט איז דער טאָוול, פילט יעדער אות ווי אַ יתום — און יעדעם בלאַט ווי אַן אָבל . . .

■ „אַלץ קומט מיט דער צייט," זאָגט מען. נאָר אַז מ'דרייט ניט אָן, און מ'שטעלט ניט אָן די צייט — שטייט דער זייגער . . .

■ שיין־געבויטע פערזן איז אַ ליד, נאָר ס'פעלט אין אינהאַלט דער טראָפּ. ס'איז ווי אַ פאַרפוצטע פריזור — אויף אַ פיגור מיט אַ הילצערנעם קאָפּ . . .

■ די, וועלכע האָבן שטיינערנע הערצער, שלאָפן שטענדיק אויף פוכענע קישנס . . .

■ פעטס קאָן שאַפן אין וואַסער „אויגן", וואָס קאָנען ניט זען און ניט וויינען. אַ גרויסער בוך קאָן האָבן אַ סך רייד, און מ'זאָל ניט וויסן, וואָס זיי מיינען.

■ די „גאָלדענע קאַלב" קאָן וואַקסן, ווען די „בהמה" גיט איר מילך . . .

■ צי גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, איז מען ווייט ניט אַזוי זיכער, אָבער אַז דער מענטש האָט געטער באַשאַפן, דאָס גלויבט זיך שוין גיכער . . .

# מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַט האָט איר אַ באַווייז: ער איז אַזוי רייך — אַז ער קאָן באַשיטן צען כלות מיט רייז...

■ פֿאַר דעם וויכטיקסטן ענין אין לעבן, האָט גאָט נאָר ווי אויף קאַטאָוועס, דעם שיקזאַל און מאַכט איבערגעגעבן צום רוצח — מלאך המות...

■ פֿון אַ פֿליכעוואַטן בארג קאָן מען נאָר דערוואַרטן, ער זאָל שיטן זאַמד אין די אויגן...

■ זאָגן דעם אמת אין אַ סאַטירע, איז ניט קיין סתירה, און אויך ניט קיין מסירה. נאָר אויף זאָגן אַ ליגן, מעגסטו צען עדות קריגן, וועט מען דערקאָנען דעם „ניגון" ...

■ אַ גוטער זינגער קאָן אַמאָל נעמען פֿאַלשע טענער: אַז „מ'האָט האַלץ, פֿאַלן שפּענער"...

■ דער רייכער איז אַ בריה (בעריע), ער קאָן מאַנעווורירן. ער האָט זיינע וועגן —ווי דעם אָרעמאַן צו פֿאַרפּירן. ער האַלט לויז די צונג, און שטייף דעם טייסטער. זאָגט אַ סך צו צו געבן — נאָר אין נאַרן אַ מייסטער...

■ בילדונג איז אַ זאַך, וואָס אַ געלערנטער מענטש באַרימט זיך ניט מיט דעם — און אַ פּראָסטער מענטש ווייסט גאָרניט, אַז מ'קאָן זיך מיט דעם באַרימען...

■ דער פּאָליטישן האָט זיין טייטש, פֿון גנב, גזלן, כזב און שקר. אַלע טאָג באַקן פֿרישע ליגנס — ווי פֿרישע בולקעס באַקט דער בעקער. נאָר ווען עס קומט עפּעס צו טאָן, וואָס האָט אַ שייכות מיטן אמת, טייטשט ער אויס אַזאַ געזעץ — וואָס דו קאָנסט נאָר — נעם עס!

■ רעליגיע איז אַ גאָט־געבענטשט געשעפֿט, וואו דער גלוּביקער ווייסט ניט פֿון קיין רעכענונג...

■ ער איז פֿון די רעדנער, וואָס חזר'ט איבער, כדי צו דערמאָנען די צוהערער, וואָס ער האָט געזאָגט מיט אַ שעה צוריק ביים אָנהויב פֿון זיין רעדע...

■ דער וואָס וויל ניט לעבן ווי אַ פּיר־פּיסיקער, דאַרף זיך האַלטן ביי דעם „דרייפֿוס": סאָציאַליזם, הומאַניזם און טראַדיציע. דאָס קאָן פֿאַרזיכערן דעם מענטשן צו שטיין אויף זיינע צוויי אייגענע פֿיס...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ האָסטו עפּעס צו זאָגן, זאָג, נאָר פּרואוו ניט דרייען, דולן, רעד קלאָר ווי אַ מענטש — עס זאָל ניט זיין ווי געבולן . . .

■ געטער פירן קיינמאָל ניט קיין מלחמות צווישן זיך — זיי לאָזן דאָס איבער צו זייערע געטלעכע געשעפּט־פאַרוואַלטער אויף דער ערד . . .

■ מיר לעבן אין אַ וועלט וואו עס הערשט: קאָרופּציע, שווינדל און ליגן פון צינגער. אויב איינער ענטפערט אויף אַ שלום־עליכם — מוז מען זיך גלייך איבערציילן די פינגער . . .

■ ער איז פון די שיינע רעדנער, וואָס רעדן האָניק־זיס — נאָר אויפעסן דריי פונט האָניק פאַר איין מאָל איז איבער די כוחות . . .

■ שרייב פון רעכטס צו לינקס, און פון לינקס צו רעכטס. אַבי נאָר גוט און מענטשלעך — ווי פריינט, און שלעכטס . . .

■ בכבודיק ווערן געפייערט די הונדערט יאָר פון די קלאַסיקער אין היינטיקן דור. מוזן מיר פאַרזיכערן, אַז אויך דער קומענדיקער דור זאָל האָבן צו פאַר־געדענקען —אַ צווייטע הונדערט יאָר . . .

■ געבענטשט איז דער בוך, וואָס ווערט פון לייענער גענוצט — אַ רחמנות אויפן בוך, וואָס שטייט בלויז אין שאַפע פאַרפּוצט . . .

■ ווען אַ שרייבער האָט ניט וואָס צו זאָגן — טינטלט ער . . . נאָר כדי מ׳זאָל מיינען, אַז ער האָט עפּעס געזאָגט — פינטלט ער . . .

■ דער שרייבער דאַרף צולייגן זיין קאָפּ צו דער פעדער — פאַרן לעבן פון זיין קולטור. אַז ניט, וועט ער דאַרפן צולייגן צו זיין קולטור — אַ פעדער צו דער נאָז . . .

■ אַ גוטן בוך שאַצט מען ניט לויט די שיינע טאָוולען, ווי אַ קלוגן מענטשן — לויט זיין שניפּס . . .

■ דער שפּיגל איז ניט שולדיק, ווען בלאַטע־וואַרפער פאַרשמוצן, כדי מענטשן מיט אַ פּנים — זאָלן זיך ניט קאָנען באַנוצן. פאַלט די בלאַטע צוריק אויף די שונאים — זאָל די וועלט זען זייער אמתן פּנים . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אָנערקענונג דאַרף קריגן דער, וואָס האָט דאָס פּאַרדינט, ניט יענער זוכער, וואָס גייט לויטן ווינט . . .

■ אַ מענטש דאַרף אַ בגד, אַ הוט און אַ שוך, נאָר צו זיין אַ מענטש — דאַרף ער לערנען אין בוך . . .

■ אויב ביסט איבערגעפּילט מיט ביטערקייט און האַס, פּרואוו ניט אויסלאָזן צו אַ צווייטן דיין כעס . . .

■ דער וואָס לייגט־צו זיין קאָפּ צו אַ גוטן בוך, לערנט, און האָט אויך גייסטיקן פאַרגעניגן; נאָר דער וואָס גיט זיין קאָפּ צום באַנק־בוך, שאַפט זיך צרות, שנאה און קריגן . . .

■ אויף כבוד און געלט לייגט ער זיין גאַנצע געוויכט. ער וועט אונטערצינדן אַ הויז, כדי זיך אָנזען אין ליכט . . .

■ ער קוקט אין הימלען דורך אַ טעלעסקאָפּ־גלאָז, נאָר פאַרזעט געשעענישן — גלייך אונטער דער נאָז . . .

■ אַ גראָבער יונג, ערשטער קלאַס, נאָר רייך אָנגעטאָן, איז ער דער בעל־דעה — און זיצט אויבנאָן . . .

■ אַ רעדאַקטאָר, ווי אַ דאָקטאָר, קאָן אַ קראַנקן העלפן; רעדאַקטירן, אָפּערירן, געבן מעדיצינישע זאַכן, נאָר ס'איז ניטאָ קיין רעדאַקטאָר און דאָקטאָר — וואָס זאָל קאָנען אַ טויטן — לעבעדיק מאַכן . . .

■ געשטאָרבן איז שלום־עליכם, ניט קיין רייכער אין געלט, נאָר ער האָט פאַרמאָגט אַן „אימפּעריע": אַלע טעמעס אין דער וועלט . . .

■ פּרואוו ניט אויפקלערן אַ מאַמען פון דעם וויסנשאַפט־ביכל, ווען זי גרייט זיך פאַרן יום־טוב מיט פיש און מיט קיכל . . .

■ דער וואָס לעבט און שאַפט, האָט פאַר אים צייט אַ באַדייט, נאָר דער פוילער און הולטאַי, קוקט אויף צייט פון אַ זייט . . .

■ מעגסט היטן דעם ריטם, ווי דעם אָטעם, נאָר לאָזסטו דעם אינהאַלט אין בלאַנק, וועט ניט העלפן ציילן די זילבן און פּוצן די שורות אין בלומען — ס'וועט בלייבן אַ פּוסטער קאָפּ אָן געדאַנקען . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ווען אַ קריטיקער פאַרענדיקט אַ קריטיק און זאָגט ווען מחבר אַ גוט־וואָרט, איז דאָס ווי אַ גוטער צוביים, נאָך אַ שנאַפּס — אַ שטיקל טאָרט . . .

■ יעדער אות איז אַ פּערל, נאָר ווען די פּערל ווערן אויפגעניזשעט אויף אַ געדאַנקען־שנירל — ערשט דאַן ווערט דאָס אַ צירונג . . .

■ דער שרייבער, וואָס קעמפט און שרייבט פאַר שלום און פרייהייט מיט מוט, ווערט פאַרוואַנדלט זיין פּאַפּיר אין הויט, און פעו מיט טינט — אין בלוט . . .

■ דער „רייכסטער" וואָרט־פאַרמעגן פון אַלע לשונות (שפּראַכן) איז די ציפער־שפּראַך — קאָנסט זיי רעכענען אין מיליאָנען און ביליאָנען — נאָר קיין ליטעראַטור קאָן מען מיט דעם ניט שאַפן . . .

■ אַן אַמעריקאַנער געשעעניש, וואָס איז אַ גרויסער חידוש: געהערט אַ ראַבאַי און גבאַי רעדן אַ וואָרט אין יידיש . . .

■ אַ לאַנד, וואָס איז רייך מיט בוימער און לאַנדשאַפט — איז אַ גרויס לאַנד. אַ לאַנד, וואָס האָט אַ צאָל רייכע לייט — איז זייער רייך אין אַ סך אָרעמקייט . . .

■ אַ פירער איז דער, וואָס ווייזט דעם וועג פאַר די מאַסן און זיי פאָלגן אים נאָך. אַ פאַרפירער איז אָבער דער, וואָס גייט פון הינטן און טרייבט די מאַסן אויף קרומע וועגן — פון זיינעטוועגן . . .

■ ווען איינער האַלט אין איין לויבן זיין פריינט, איז דאָס אָפט חניפה. נאָר ווען איינער ווייזט־אָן זיין פריינט אויף זיינע חסרונות — איז ער אים אַ גוטער פריינט . . .

■ ווי עס קומט נאָר צום עסן, איז ער ניט בלויז אַ עסער; ער קאָן אייך באַווייזן — ער איז אַ גרויסער פראַ־פרעסער . . .

■ ווען מ'פירט אַ קאַמף דורך בלאָטע־וואָרפעריי — אונטערזוכט מען ניט דעם כעמישן געמיש פון דער בלאָטע . . .

■ דאַכט זיך, ער קומט ניט פון פראַג און זיכער ניט פון כעלם. נאָר פונדעסטוועגן — צוויי אין איינס, ער איז סיי אַ נאַר און סיי אַ גולם . . .

■ אַז מ'פאַרזייט שטיינער — וואַקסט מאָך . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ זאָגט דער פּסוק: לא על הלחם לבדו, מיינט דאָס אויך פּוטער אוודאי. דער־צו מילך, פלייש און פיש דאַרפן אויך זיין אויפן טיש...

נאָר, אז ס׳איז גרויס די הכנסה, און גאָר קליין די פרנסה — קומט אויס עסן קדחות און ניט זאָגן קיין ברכות...

■ א האַרץ אָן מענטשלעכע אמונות איז ווי א פידל אָן סטרונעס...

■ צו לערנען מוז מען צולייגן קאָפּ — צו לייענען די סדרה, מוזטו וויסן דעם טראָפּ...

■ פאַראַן שרייבער, וואָס ״שאַפן״ נייעס, אַפּט פון פינגער געזויגן. זיי קומט דאָס אָן גרינג — ״ס׳איז ניט געשטויגן, ניט געפלויגן״...

■ האַלט ניט געבויגן דיין קאָפּ ווי א שקלאַף — און פאַרריים ניט דיין קאָפּ ווי א בעל־גאווה — גיי ווי א מענטש...

■ א ביטערער אמת פאַר אַלע מענטשן, פאַר ״פרייע״ — און די וואָס זיינען גלויביק — אַז אַלץ וואָס לעבט, מוז שטאַרבן, — בלויז דער טויט וועט לעבן אייביק...

■ — פונוואַנען נעמט איר די חכמות? — פרעגט איינער.

ענטפערט דער שרייבער: — וואָס, עס פעלט אויף דער וועלט נאַריש־קייט פון וואָס צו לאַכן?...

■ ער האַלט אין איין זינדיקן און האָט כלומרשט חרטה, א פוס אַריין, א פוס אַרויס — און ווידער אין א בלאָטע...

■ אייניקע מענטשן טרינקען זיך, ווייל זיי קאָנען ניט שווימען, און אייניקע זינקען — ווייל זיי קאָנען ניט טרינקען — און טרינקען...

■ א נבול־פּה׳ניק ״געניסט״ — וואָס דורכן רעדן קייעט ער מיסט...

■ מיט געלט קאָן מען מאַכן וואָס ס׳איז ביטער — איין זיס. און אַפילו אויסער פּוצן שיין — וואָס מ׳זעט ס׳איז מיאוס...

■ צו זיין א שרייבער, דאַרף מען צו דער פּען און פּאַפּיר אויך האָבן טאַלאַנט. צו לייענען — דאַרף מען נאָר א קאָפּ...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ פֿאַנאַטישע מענטשן האַלטן אין איין דאַנקען די געטער. עס פֿאַלט זיי גאָר־ניט איין צו זען, אַז די געטער זאָלן זיי „אָפּדאַנקען" . . .

■ אַ שניידער, אַ שוסטער — האָט זיין טאַלאַנט אין האַנט. אָבער אַ דיכטער, אַ זינגער — קאָן דאָס ניט ציען פֿון פֿינגער . . .

■ ער איז פֿון די מענטשן, וואָס האָפֿן צו קריגן די ריכטיקע פּאַרציע אויף „יענער וועלט", אין גן־עדן: גוטן וויין, פֿלייש און פֿיש. דערווייל מאַכט ער „פּראָבע" פֿון „לעבן אַ גוטן טאָג" אויף דער וועלט.

■ ליגנער און באַרימער האַלטן זיך שטענדיק אין שווערן. נאָר אַז מ'גלויבט זיי ניט — ווילן זיי אַפֿילו ניט קלערן . . .

■ בעסער קריגן איין בלום ביים לעבן, ווען דער מענטש שאַפֿט און האָט כּוח, ווי אַ גאַנצן בוקעט נאָכן טויט — ווען מ'פֿילט ניט קיין ריח . . .

■ ווען אַ שרייבער שרייבט און מעקט, איז אָפֿט ניט שלעכט. אויב — ער נעמט מיטן מעקן אַרויס די מעקענע . . .

■ אַ שיין הויז אָן ספֿרים איז ווייט ניט קיין היכל; ס'איז ווי אַ שיין געפּוצט פּנים — מיט אַ קאָפּ אָן שׂכל . . .

■ פֿאַראַן געלערנטע, וואָס פֿאַרמאָגן אַ סך וויסן; נאָר אַרויסקריגן פֿון זיי אַ געדאַנק, איז ווי פֿון אַ קאָרגן אַ ביסן . . .

■ שעדלעך איז שאָוויניזם, פֿאַלש אַזאַ דענקען אידייאיש, ווי פֿריקרע ס'איז „אתּה בחרתּנו" ביי יידן אין העברייאיש.

אויך פֿאַלש איז צו זאָגן אויף אַ לאַנד וואָס איז שלעכט: ס'איז מיין קאַנטרי, מיין לאַנד — גערעכט צי ניט גערעכט . . .

■ אַ ליגנער לעבט שטענדיק אויף ליגן, ווייל ער האָט ניט אויף וואָס צו שטיין . . .

■ דער בעל־גאווה גייט שטענדיק אין דער הויך פֿאַרריסן דעם קאָפּ, נאָר מ'דערזעט אים פּנימלאָז — ווען ער לאָזט די נאָז אַראָפּ . . .

■ מען מוז באַלד אין דער יוגנט נעמען אין אַכט — ווי צו ווערן אַלט . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דער רייכער ווי דער אָרעמער, האָט ניט קיין אייביק לעבן. קומט זיך צום „געזעגענען" — מוז מען אַלץ אויפגעבן . . .

■ אַ פּלאַגיאַט פאַרדינט אָפּט צוויי שטראָפן : פאַר גנבה און — פאַר מאָרד, וואָס ער הרגעט אַוועק אַ לעבעדיקע זאַך ביים איבערשרייבן . . .

■ שטענדיק באַרימט ער זיך, שטענדיק קרימט ער זיך, רייסט זיך אין די הויכן — און קאָן אַ ברעג ניט דערגרייכן . . .

■ דער וואָס העלפט בויען אַ בעסערע וועלט, אַ בעסער לעבן, קאָן האָבן די זכיה צו זען רעזולטאַטן ; נאָר דער וואָס טראַכט נאָר פון אַ „יענער וועלט" — ווייסט שוין ניט פון קיין לעבן אויף ביידע וועלטן . . .

■ אַ סך שרייבער שלאָפן ניט קיין נעכט אָנצושרייבן ביכער. זייערע פאַראָן ביכער וואָס פאַרשלעפערן, און אַזעלכע — וואָס האַלט וואַך . . .

■ דער מענטשלעכער מוח פירט אַלץ, איבער זיינע גלידער איז ער דער האַר. נאָר אָפּט טוט אים אַ שפּיצל — זיין צונג מאַכט אים צום נאַר . . .

■ ב אַ ר י מ ע ר — איינער וואָס טראַכט אום אויף זיך ליגנס . . .

■ ק מ צ ן — איינער וואָס ליידט פון אַ „פאַרשטאָפּונג" אין קעשענע . . .

■ ק ב צ ן — אַ לעבעדיקער מת, וואָס לעבט אויף קיצבה . . .

■ אָ נ ז ע צ ע ר — אַן „אשער", איינער וואָס גיט די זיץ־פּלעצער אין אַ טעאַטער . . .

■ ב י ו ר אָ ק ר אַ ט — איינער וואָס דרייט זיך אין שטול, און אַלע אַרום אים . . .

■ ל ח י י ם — ווען מ'טרינקט אַ גלעזל ; ל מ ו ת — ווען מ'טרינקט פון אַ פלעשל . . .

■ דער רייכער אַלראַיטניק זוכט כבוד, וואו ער קאָן נאָר אין דער וועלט. צייטנווייז קריגט ער דאָס דורך חניפה, און אָפּט קויפט ער דאָס פאַר געלט . . .

■ ס'איז גרינג צו בויען שלעסער אין דער לופטן, נאָר —ס' איז שווער צו געפינען דעם שליסל צו דער טיר . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ פאַראַן רעדנער, וואָס זיינען ווי געוויסע אויטאָמאָביל־טרייבער. זיי פאָרן מיט דער מאַשין, האַכט זיך, פיין; נאָר ווילן זיי אָפּשטעלן זייער אויטאָ אין אַ פּלאַץ, קאָנען זיי זיך ניט אַריינדרייען און אַרויסדרייען. וואָס טוען זיי? — זיי פאָרן ווייטער . . .

■ דער אונטערשייד צווישן קלוגן און נאָר, איז אין אַ קליינינקייט — בלויז דער־פאַר: דער קלוגער ווייסט וואָס ס׳איז נאַריש, נאָר וואָס איז חכמה — ווייסט ניט דער נאָר . . .

■ רעליגיע איז אַ מאָדנע קראַנקהייט, פון וואָס מ׳האָט צרות אויף ד ע ר ו ו ע ל ט, און — מ׳ליגט אין דר׳ערד אויף „יענער וועלט״ . . .

■ שרייבן אַ ליד פון שיינע ווערטער, אָן אַ אינהאַלט און אָן אַ זין, איז פּוסט, ס׳פעלט די ראָזשינקע — און די זיסקייט — איז סאַכאַרין . . .

■ אויך ביי חסידים איז פאַראַן איינער, וואָס האַלט פון ש י ר, און איינער — פון כאַפּן ש י ר י י ם . . .

■ שלום־עליכם האָט פון פּאַפּיר, טינט און געדאַנק געגעבן דער וועלט אַ ירושה — אַן אוצר־געשאַנק . . .

■ שלום־עליכם האָט געקאָנט שרייבן מיט אַ גענדזן־פעדער, צי מיט אַ שטאָ־לענער פעדער — אַרויסגעקומען זיינען גאָלדענע געדאַנקען . . .

■ אַלץ איינס וואָס פאַר אַ טרויעריקע טעמע שלום־עליכם האָט באַשריבן, האָט ער געזען, אַז ליידן זאָל זיין אויסגעמישט מיט פרייד . . .

■ זיינע ווערק האָט שלום־עליכם געשריבן אויף מאַמע־לשון. דאָך פאַרשטייט מען זיי אַזוי גוט, אַז מ׳לאַכט אין אַ ל ע שפּראַכן — און אַפילו אויף שטום־לשון . . .

■ אַלץ וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן בליצט, און דער געלעכטער — דו־נערט . . .

■ ווען מ׳לייענט שלום־עליכמען אין די פאָלקס־מאַסן קוועלן־אַן פון זיינע קלוגע רייד, קומט אויס צו זאָגן דעם פאַרלעזער: מיט שלום־עליכמען ביזטו אַ גאַנ־צער חכם . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ שלום־עליכם האָט פאַרמאָגט אַ כישוף: ער האָט געקאָנט פאַרוואַנדלען אומעט—אין הומאָר, און פון טרערעלעך—שאַפן פּערעלעך...

■ אַ שלעכטער בוך מעג זיין הויך און ברייט, נאָר — אויב ער איז ניט טיף — איז ער טויט...

■ די בעסטע טינט און דאָס טייערסטע פּאַפּיר וועט ניט טראַכטן און שרייבן פאַר דיר. נאָר אויף דעם לייג דעם טראָפּ — עס זאָל דענקען דיין אייגענער קאָפּ...

■ אַ גאָלדענע פּען קאָן ניט מאַכן רייכער דעם אינהאַלט אין שרייבערס ווערק, ווי שווינדל־מעדיצין אין אַ גאָלדן לעפעלע קאָן ניט העלפן דעם קראַנקן...

■ פּלאַגיאַט: דער שרייבער האָט דאָך די טעמע אויסגעטראַכט. אָבער ער — גיט דאָס איבער ווי אַ פאַקט...

■ ער האַלט זיך פאַר אַ גאַנצן חכם, נאָר ניט זיי אים מקנא. ער, ווי אַלע זיינע ברידער — קומען פון „מה נשתנה"...

■ דער טאַלאַנטפולער דיכטער וואָס קאָן אויסדריקן אין געשליפענע פערזן זיינע בליציקע געדאַנקען, ער ווערט באַלוינט פון דער מוזע אַליין — זי גיט אים די שענסטע לידער־געשאַנקען...

■ יעדער איינער קאָן זיך פאַרמעסטן אין קלוגשאַפט מיטן פוקס — ווען ער געפינט זיך צווישן בהמות...

■ ער קאָן זינגען ווי אַ פיש — און טאַנצן ווי דער טיש...

■ אַלץ אין לעבן האָט געציילטע טעג און יאָרן. ניטאָ קיין אייביקייט — אַלץ איז שטערבלעך. נאָר ווען פרייהייט און שלום וועלן זיין בכוח — וועלן זיי לעבן און בלייבן אומשטערבלעך!

■ איידער דו זאָגסט עפּעס, גיב פאַר זיך גוט אַ טראַכט — ניט זאָג אין פרי־מאָרגן: — האָט אַ גוטע נאַכט...

■ פאַר אַ מילב אַ לעפל וואַסער — איז גרויס ווי אַ ים; פאַר אַ קולטור־מענטש — גראָבקייט — שמעקט דאָס ווי סם...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ עס איז אַזוי פילאָזאָפיש־טיף, אַז מ׳דאַרף זיין אַ ים־טויכער צו קאָנען זיך צו עפּעס דערגרונטעווען . . .

■ ניט נעם זיך צו שפּאָרן, אויף די לעצטע יאָרן, ווען דו פילסט שוין שוואַך און אַלט. ס׳איז קליגער און געזינטער, גרייטן זומער אויפן ווינטער, און ניט דאַן — ווען ס׳איז שוין קאַלט . . .

■ דער גרויסער דיכטער איז אויך אַ כעמיקער: ער מאַכט פון שוואַרצן טינט גאָלדענע ווערטער . . .

■ ער האָט ניט קיין מזל — צו גליק . . . געוואָלט זיך הענגען — איז צעריסן די שטריק . . .

■ יעדער מענטש איז פאַר זיך אַ וועלטל, יעדער גייט אַן אַנדער וועג. איינער זוכט דעם ראַנד דערגרייכן — אַ צווייטער ווייכט גאָר אָפּ פון ברעג . . .

■ זאָגט אַ שרייבער: ווען איך וועל שוין „דערלעבן" צו זיין אַ טויטער, וועט אפשר אויך מיין שרייבן קומען צום לעבן . . .

■ עס פאַלן „געטער", עס פאַלן צייטונג־בלעטער און עס בייט זיך אויך דער וועטער . . . מיט דער צייט — מוז אַלץ זיך בייטן, אַפילו אויך — די נייע צייטן . . .

■ ער האָט קוים באַוויזן זיך צו שטעלן אויף די פיס, טאַנצט ער שוין און קריכט אויפן קאָפּ . . .

■ דער וואָס האָט דעם אמת, לעבט שטענדיק מיט אַ ליגן. דער וואָס האָט פיינט שלום — זוכט שטענדיק זיך קריגן . . .

■ דער זייגער איז אַזוי רייך אין צ י י ט, אַז ער זעט ווי מענטשן פּטר׳ן צ י י ט. דאָך ג י י ט ער זיין וועג . . .

■ אַ מענטש וואָס אַרבעט פאַר שלום און גלייכהייט, אַזאַ מענטשן מיט גרויס כבוד „אירץ" איך, אָבער אַן אוממענטש — אַ שווינדלער, אַ רויבער, אַ גזלן, זאָג איך פּראָסט־פּשוט: — מערדער, לא תרצח ! . . .

■ פון געלט וואַקסט פּראָצענט, ווען דאָס ליגט אין באַנק. פון אַ גוטן בוך האָ ס ט ו פּראָצענט, ווען דו האַלטסט אים אין האַנט — ניט אין שראַנק . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# פּרואוו ניט ווייזן...

פּרואוו ניט ווייזן אַ צווייטן דעם וועג,
ווי אַזוי צו פֿאָרן, אָדער וואוהין גיין,
ווען דו בלאָנדזשעסט שטענדיק אויף וועגן,
וואו נאָר דו גייסט אַליין...

ניט מוסר יענעם פֿאַר טאָן עפּעס,
וואָס איז ניט עטיש, ניט שיין,
ווען דו האַנדלסט אַזוי שטענדיק —
ווען עס קומט אוים דיר אַליין...

גיב ניט יענעם קיין עצות
מיטן באַרימטן זאָגעלע „איך",
ווען דו קאָנסט גאָרניט טאָן,
ווען האָסט ניט קיין עצה פֿאַר זיך...

■ אַ שרייבער דאַרף זיך שטענדיק היטן, ניט פֿאַרקאָכן דעם אינהאַלט מיט אַ צו־געדיכטער קאַשע, און אויך זען עס זאָל ניט זיין וואַסערדיק...

■ מ'קאָן לערנען פֿון יעדער דיסקוסיע וועגן יעדער פּראָגראַם פֿון אַ „איזם", נאָר אין אַ שפּראַך שיין און באַלערנדיק, און ניט מיט גיפֿט און סאַדיזם...

■ אַ זשורנאַל וואָס וויל מאַכן פּראָפֿיטן, אויף זנות און שונד איז זיין טראָפּ. קאָן האָבן אַ סך זייטן מאַטעריאַל — נאָר פּוסט, אין האַרץ און אין קאָפּ...

■ אַ גוטער שרייבער מעג זיין אַ קמצן אין ווערטער, אַבי אין זיינע געדאַנקען האָט ער אַן אָפֿענע האַנט...

■ ער האָט אַ צינגל ווי אַ רינגל — קיילעכדיק און עס דרייט זיך אויף אַלע זייטן...

■ דער רייכער גרויסט זיך: ער האָט שטענדיק מזל, הצלחה. וואָס ער טוט — איז מזל־ברכה. נאָר ערגעץ ווייַנט אַ בעל־מלאכה: דער רייכער איז רייך — אויף מיין מערכה!...

■ מ'קאָן האַלטן אַ אַ ק ו ר צ ע רעדע, וואָס זאָל דערגרייכן זייער ו ו י י ט, און ווערן באַלוינט מיט ל אַ נ ג ע אַפּלאָדיסמענטן...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ פריער געווען אַ הויט־שינדער — דערנאָך געוואָרן אַ פילאַנטראָפּ. אַנגע־רויבט זיך אַ גרויס פאַרמעגן — איצט טיילט ער דורך אַ מיקראָסקאָפּ . . .

■ אַ שונד־זשורנאַל קאָן טינטלען און פּינטלען, נאָר די העסלעכע פלעקן — קאָן מען ניט פאַרדעקן . . .

■ ער איז פון די מענטשן, מיט וועמען ס׳איז זיך צו שעמען. יענעם הייסט ער נאָר געבן — אַליין האַלט ער פון נעמען . . .

■ דער רייכער האָט אַ סך, דער אָרעמאַן האָט גאָרניט. פאָדערט דער אָרעמער עפּעס — שרייט דער רייכער : מ׳טאָר ניט ! . . .

■ וואָס פאַר אַ דורכפאַל עס זאָל איינער ניט האָבן אין אַ וואָרט־געפעכט, וועט ער אָבער אַלץ אַרויסגיין מיט גאַנצע ביינער . . .

■ דער מענטש וואָס שאַפט, גיט פאַרן לעבן צושטייער, ווי דער אויוון וואָס קאָכט און באַקט ביים פייער. נאָר דער וואָס קוקט פאַרריסן, און לעבט מיט טרוימען, האָט אַזאַ פּנים — ווי דער רויך פון קוימען . . .

■ מ׳קאָן זיך קיינמאָל ניט פאַרלאָזן, אַז די צייט וועט שוין אַלץ ברענגען, ווייל אויך די צייט פון זייגער מוז מען אָנדרייען, אָנציען און אָנשטעלן, ער זאָל ווייזן די ריכטיקע צייט . . .

■ אַ דיכטער, צי אַ דערציילער, קאָן שרייבן לאַנגע דערציילונגען אָדער קורצע, לידער מיט ברייטע שורות צי מיט שמאָלע שורות — די פראַגע איז : וואָס זאָגט ער, און — וואָס איז די אונטערשטע שורה ? . . .

■ די זון באַלויכט מיט אירע שטראַלן דעם טאָג, נאָר לאָזט אויך ניט אויף הפקר די נאַכט. עס צעצינדן זיך די נאַכט־לאָמפּן — שטערן — און דער ערד־קיילער ווערט שטענדיק באַוואַכט . . .

■ אַז מ׳קאָן ניט אַריבער — שווימט מען דעריבער . . .

■ די אויערן זיינען פאַרן מענטשן פון די וויכטיקסטע אברים. מ׳קאָן אַדאַנק זיי — הערן. זיי העלפן אויפהאַלטן די אויגן־גלעזער, מ׳זאָל קאָנען זען. דערצו זיינען זיי באַקוועם צו באַשטראָפן די, וואָס פאַרדינען זיך — דורך אָנדרייען זיי די אויערן . . .

■ אַ סך יידן זיינען בעלנים צו שרייבן אַ ספר. נאָר — שווער איז צו קריגן אויף ספרים אַ קויפער . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# איך זינג ניט קיין סערענאַדעס

איך זינג ניט קיין לידער ווי פייגל אין וואַלד;
זינגען — קאָנען זיי שענער און בעסער פון מיר.
איך זינג מיינע פערזן, ווי דער טיק־טאַק פון זייגער,
ווייזן דער צייט אַ טאַק־טיק איז מיין שיר...

איך פּוץ ניט און שלייף ניט גענוג מיינע שורות,
ווי דער שמידהער — ער ציילט ניט דעם קלאַנג.
מיין וואָרט — ווי אַ קרעכץ, גייט ניט אויף נאָטן,
ס'איז ניט קיין סערענאַדע — אַ ליבעס־געזאַנג...

איך באַנוץ זיך מיט פערזן באַהאַרצט און בקיצור,
אַמאָל מאַכט זיך, מיט אַ וואָרט געבן אַ שפּיל.
נאָר דער צוועק איז איינער — טרעפן אין פינטל,
דער משל צום נמשל — זאָל דערגרייכן דעם ציל...

■ ווי אַן אַקראָבאַט, פלינק מיט שוואונג, קאָן פּאָליטישן דרייען מיט דער צונג. גיט די צונג אַ דריי אויף צווייטער זייט — און ס'האָט זיין וואָרט שוין — אַן אַנדער באַדייט...

■ דער בעסטער מיטל איינצושטילן כעס — איז צו מאַכן אַ שפּאַס...

■ ביי ביוראָקראַטן איז אָנגענומען אַזאַ געזעץ איבעראַל: אַז די קעפּ פון פּרט — זאָלן פירן דעם כלל...

■ דער אַרבעטער איז דער מ י י ס ט ע ר, נאָר דער באַלעבאָס האָט דעם ט י י ס ט ע ר...

■ ער האָט אַ טבע אַלץ צו קריטיקירן, מ'זאָל מיינען, אַז ער ווייסט עפּעס. — אָבער נאָך דער קריטיק דערוויסט מען זיך ערשט — וואָס אים פעלט...

■ אַ גערעטענער גערטנער דערוואַרט ניט קיין בלומען־קראַנצן. זיין גרעסטע באַלוינונג זיינען די גערעטענע פלאַנצן. אויך די בלום דערוואַרט נאָר צו וואַקסן און גרינען און שיינט ווען מ'גיט זי צו די, וועלכע בלומען פאַרדינען...

■ יעדער יחיד, וואָס שאַפט, איז דער כוח פון דער וועלט — ווי יעדער איינ־ציקער ציגל האַלט־אויף דאָס געצעלט...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַ באַרג, ווי אַ ווײַץ — ענדיקט זיך מיט אַ שפּיץ . . .

■ זײַן מויל פון שוועבל־פּעך איז, זײַן יעדער וואָרט חוצפּהדיק־פּרעך איז. לאַכט זיך אויס פון וואָרט אמת, און האַלט נאָר — פון נעם עס . . .

■ אויב דער זיידע האָט געשאָפן כבוד דעם נעכטן, און דער טאַטע — דעם היינט, מוז מען לערנען, אַז דאָס קינד זאָל זײַן דער המשך . . .

■ אַ זעענדיקער קאָן אין לעבן זײַן בלינד, אַ דערוואַקסענער קאָן אָפט האַנדלען ווי אַ קינד, און מ׳קאָן זײַן אַ רײַכער אין געלט — ניט ווויסנדיק צי מ׳לעבט אויף דער וועלט . . .

■ די טרויעריקע לאַגע פון דעם טעאַטער איז איצט אַזאַ, וואו אַ מחבר באַקט־אָפּ אַ קוילעטש, וואָס די אַקטיאָרן קײַען, און דעם עולם איז שווער צו פאַר־דײַען . . .

■ צוויי מענטשן, צוויי געדאַנקען אויף באַזונדערע וועגן. איינער טראַכט פון עתיד, דער צווייטער פון עבר. דער עתיד, טראַכט פון הויכע ספערן, און דער עבר, זעט נאָר ערד און קבר . . .

■ אַן אָרעמאַן, ווי אַן עוף, זאָל בעסער ניט ווערן געבוירן. אָדער ער ליגט אין אַ קאָטוך — אָדער אין „פריזער" פאַרפרוירן . . .

■ אין קולטורלאָזע קרייזן טרעפט אָפט, אַז אַ טאַלאַנטפולער שרײַבער זאָל לעבן אין דחקות, ווען פאַרקערט — אַ גראַפאָמאַן זאָל לעבן ווי אַ גראַף — אַ מאַן . . .

■ דער וואָס באַנוצט זיך צו־אָפט דורכן טאָג מיט אַ „לחיים", זעט זיך באַ־צײַטנס מיט דעם למות . . .

■ מיט אוצרות האָט ער באַזאָרגט זיך, רײַך איז ער אין אַלץ אָן אַ שיעור. ער האָט ניט געפּאַקט, ניט געמאַזלט, נאָר געשווינדלט און גע׳גזל׳ט — איצט אַ פילאַנטראָפּ איז דער גביר . . .

■ מ׳קאָן מיט פּשוטע ווערטער שרײַבן אַ גלענצנדיקע קריטיק — ווי מיט שיינע פּליטערלעך שרײַבן פּוילע שטיק . . .

■ ווי דער פּייף פון אַ קויל איז ניט קיין געזאַנג, ווי דער קלונג פון אַ קייט איז ניט קיין מוזיק־געקלאַנג, אַזוי איז ביי די הערשער קיין וואָר־וואָרט ניטאָ. זיי האַנדלען מיט טויבן — און פאַרקויפן אַ קראָ . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער האַלט זיך ביי איינס — ער איז איינער און ווייטער קיינער . . .

■ די „גרויסע העלדן", די גענעראַלן, קריגן לויב, בענדלעך און מעדאַלן ; זיי ווערן שטענדיק דערהויבן — פאַר שיקן סאָלדאַטן צו פאַלן . . .

■ דער, וואָס טראַכט נאָר פון אַ פעטן ביכל אין באַנק, זאָרגט ניט וועגן אַ גוטן בוך אין שראַנק . . .

■ דער וואָס לערנט פון קריטיק וועגן אַ חסרון, האָט זיך שוין איינגעקויפט אַ מעלה . . .

■ געבענטשט און שיין איז יענע היים, וואָס האָט שאַפעס מיט ביכער און ספרים ; ס'איז גוט פאַר די טאַטעס און מאַמעס און — טאַקע פאַר „כל־הנערים" . . .

■ די וועלט איז באַשאַפן ניט בלויז צו געניסן פון לעבן, נאָר מיר זאָלן אויך צוריקצאָלן — דער וועלט עפּעס געבן . . .

■ דער מענטש מוז שטענדיק העלפן דעם אומבאַהאָלפענעם צו קריגן גלויבן אין זיין כוח — ער זאָל זיך אַליין קאָנען העלפן . . .

■ מ'קאָן ניט מאָלן אָן פאַרבן, מ'קאָן ניט טראַכטן אָן אַ מוח און שאַרבן, אָבער מען דאַרף צו בעסערס שטרעבן — אויך ווען עס פעלט דאָס נויטיקע צום לעבן . . .

■ אַ צייטונג וואָס דינט די הערשער, פאַרדינט גוט פון די הערשער..

■ אַ וואָרט פאַר זיך אַליין איז אומשולדיק — ניט מער ווי פּאַפּיר און טינט. נאָר — אין געוויסע צייטונגען זיינען ווערטער ווי בלוטיקע הינט . . .

■ אַ צייטונג קאָן ברענגען באַלויכטונג, און — קאָן ברענגען אויפן פייער . . .

■ עס איז גוט, ווען דער לייענער קאָן לייענען צווישן די שורות ; ס'איז אָבער שלעכט, ווען דער שרייבער זאָגט גאָרניט אין די שורות . . .

■ אַן ערלעכער שרייבער קאָן אין פשוטע ווערטער ברענגען גאָלדענע געדאַנקען . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ מ׳זאָגט: „איין האַנט וואַשט די צווייטע״. אין געוויסע צייטונגען קאָנען זיך אָבער די „הענט״ ניט אָפּוואַשן . . .

■ מענטשן ווינטשן זיך צו ווערן ג ר י י ז ן, וואָס מיינט לאַנג לעבן. נאָר ביי שרייבער „גרייזן״ — קירצן אים די יאָרן . . .

■ אַ שרייבער, וואָס קוקט אויפן לייענער פון אויבן־אַראָפּ, האָט טינט אין די בלוטן — און אַ טינטער אין קאָפּ . . .

■ פאַר אַלגינען איז ניט געווען שווער צו באַהאַנדלען יעדע דילעמע, און איצט — איז אַלגין אַליין אַ „גאָלדענע טעמע״ . . .

■ אַלגין האָט אין זיין רעדן געדונערט, אין זיין שרייבן — געבליצט, און אין זיין צוגאַנג צו מענטשן — ווי זון־שיין . . .

■ אַלגינען זיינען געווען צום האַרצן אַלע קולטורן, און ער האָט פאַרשטאַנען אַלע פעלקער אַפילו אויף שטום־לשון . . .

■ אַלגין האָט געקענט אַ סך שפּראַכן, און האָט זיי ליב געהאַט ווי מאַמע־לשון . . .

■ וואָס פאַר אַ טינט אין פען אַלגין האָט ניט באַנוצט, איז אַלץ אַרויסגעקומען גאָלדענע ווערטער . . .

■ ווען אָרימע פאָלקס־מענטשן פלעגן אַרויסגיין פון אַ לעקציע, וואו אַלגין האָט גערעדט, זיינען זיי געוואָרן באַקליידט אין גייסטיק־שיינע בגדים . . .

■ אַפילו אין זיין שרייבן האָט אַלגין ניט פאַרגעסן דעם פאַבריק־אַרבעטער. ער האָט זיין שרייבן געשמידט, געפיילט, געפרעסט, געטאָקט, געהובלעוועט, אַזוי — אַז יעדער פאָלקס־מענטש זאָל אים קאָנען פאַרשטיין . . .

■ ווען נויטיק האָט אַלגין באַנוצט אין זיין שרייבן כראָמישע האַרטקייט, אַלומניום־גרינקייט און — מאַמעשע ליבשאַפט . . .

■ אויף אַלגינס שרייב־טיש האָבן זיך געפונען פאַרשיידענע קאָלירן טינט, אָבער אין זיינע שאַפונגען האָט מען שטענדיק געפילט און געזען, אַז דאָס איז גע־מישט מיט זיין אייגן בלוט . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער האַלט ניט פון וויסן, פון לייענען אַ גוטן בוך. לעבט ער אַ בלינדער, ווי די הון אין קאַטוך . . .

■ ווען דער מענטש זאָל זיך אָפּגעבן מיט קאָפּ־קולטור ווי מיט „פיז־קולטור", וואָלט ער געהאַט אַ גלייך־געוויכט פיזיש ווי גייסטיק . . .

■ צו עפענען אַ קאַסע־קאַסטן דאַרף מען וויסן די קאָמבינאַציע. צו עפענען אַ גוטן בוך — דאַרף מען נאָר אַ גוטן ווילער . . .

■ עס איז שווער צו וויסן ווען עס קוועטשט דער שוך, מ'קאָן אָבער גרינג דערקענען ווען ס'איז פרעמד אַ בוך . . .

■ שלעכטע מענטשן שאַפן פעלקער־פיינטשאַפט; גוטע ביכער שאַפן מענטשן־פריינטשאַפט . . .

■ אַ בוך וואו דער אינהאַלט איז אַזוי האַרט ווי דער טאָוול, איז שווער צו צע־קייען און שווער צו פאַרדייען . . .

■ צו וויסן די באַדייטונג פון אומוויסנקייט, קאָן מען נאָר דורך לערנען וויסן וואָס דאָס איז . . .

■ ווען דער מענטש וואָלט זיך באַרעכנט וואָס צו זאָגן, וואָלט דער חשבון פון נאַרישקייטן אַ סך קלענער געוואָרן . . .

■ דריי איז אַ מזומן, צען איז אַ מנין, נאָר אין קאַמף פאַר שלום — מוז גרויס זיין דער ענין! . . .

■ מ'קאָן זיין פאַרפּוצט אין רייכע קליידער, נאָר אויב אין מענטשלעכקייט אָרעם, איז מען ווי אַן עפּעלע קאַליר־רייך — נאָר אין האַרצן איז אַ וואָרעם...

■ ער איז אַ דענקער, אַ קענער, מיט אַ הויכן באַגריף. נאָר קומט צו לעבן — אין דר'ערד ליגט ער טיף . . .

■ ניט צו פאַרלירן מיט אַ קלוגן — און ניט צו געווינען ביי אַ נאַר, איז גוט צו האָבן שכל — ניט צו „שפּילן" דערפאַר . . .

■ שכל, טאַקט און גוטסקייט איז אַ „טריאָ", וואָס שפּילט די גרעסטע ראָלע אין לעבן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַ רכילותניק דאַרף ניט האָבן קיין וואוינונג וואו צו זיין. פון איין מויל אַרויס — גלייך אין אַ צווייטן אַריין . . .

■ אַ גוטער רעדנער איז ניט דער, וואָס קאָן אַ סך רעדן, נאָר דער — וואָס האָט אַ סך וואָס צו זאָגן . . .

■ אַ ליד אָן אַן אינהאַלט, מעג האָבן אַ שיינעם גראַם. נאָר ס'איז ווי קייען שטרוי — ס'האָט ניט קיין טעם . . .

■ שוין, דאַכט זיך, אַן אַלטער, אַ גרייז, דאָך געדענקט ער נאָך — לײדער, ווי צו נוצן די אַלטע גרייזן — פון דעם אַמאָליקן חדר . . .

■ אַ מענטש דאַרף ניט זיין קיין מלאך — אָבער קיין רשע אויך ניט . . .

■ אַ בוך, ווי אַ בוים, אויב ער האָט לעבן, רייך אין בלעטער, מיט זאַפטיקע פרוכטן, רעגט דאָס אויג צו קוקן און געניסן — הנאה האָט יעדער וואָס פּרוּוווט דאָס פאַרזוכן . . .

■ אַ פאַלשע מטבע —איז פאַלש אויף אַלע זייטן . . .

■ יעדער אות איז ווי אַ גליד אין קערפּער, וואָס שטעלט־צוזאַמען אַ לעבעדיקן וועזן. אינאיינעם קאָן ווערן צום לעבן אַ וואָרט, וואו איר פילט שוין אַ חיות ביים לעזן . . .

■ ווי שפּעט איינער זאָל זיך ניט נעמען צו לערנען — וועט ער זיך אַלץ פילן יינגער . . .

■ די פּען קאָן זיין שאַרפער ווי דער שאַרף פון אַ שווערד, ווען זי דינט ווי אַ געוועער — פאַרן אמתן שלום אויף דר'ערד . . .

■ אַז אַנעקדאָט האָט ס'מזל, אַז וויפל מאָל מ'זאָל אים ניט איבערדערציילן, וועט ער אַלץ אַנטרעפן אויף נייע אויערן, וואָס ווילן דאָס הערן ווי צום ערשטן מאָל . . .

■ ווען דאָס פאָלק רעדט בקול רם, קאָן קיינער ניט רעדן העכער. די פאָלקס־שטימע איז גאָט אַליין, זי גרייכט איבער אַלע דעכער . . .

■ שיכור און שקר — קאָנען זיך ניט האַלטן אויף די פיס . . .

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

די באַליבטסטע אותיות זײַנען אַ ל ע ף - מ ע ם - ט אָ ף.
שלעכט איז דער ש י ן - ק ו ף - ר י י ש ביזן סוף.
געווים פאַרשטייט איר קלאָר דעם רמז —
שין־קוף־ריש מיינט ש ק ר, ווען אַלעף־מעם־טאָף — איז א מ ת...

■ מיט אַ ליידיקן מאָגן איז שווער צו רעדן, און מיט אַ פולן מויל איז ניט שיין צו רעדן...

■ אַלטקייט דערמאָנט שטאַרק די שיינקייט פון לעבן. דערפאַר מוז מען פון דער יוגנט אויף דעם אכטונג געבן...

■ יעדער מענטש שטרעבט צו מאַכן זיך אַ קאַריערע, נאָר אַ סך מענטשן יאָגן זיך אַזוי נאָכדעם — אַזש זיי פאַלן...

■ ביי די ביוראָקראַטן איז אָנגענומען אַזאַ געזעץ און מאָראַל, אַז די קעפּ פון פּרט (פּראַט) זאָלן געוועלטיקן איבערן כלל (קלאַל)...

■ אַ גוטער מענטש דאַרף זיין ווי אַ וועקזייגער, צו וועקן אַנדערע צו זיין מענטשן...

■ פּראָזע צי פּאָעזיע דאַרף זיין געשריבן קאַלירפול ווי דער רעגנבויגן, און פייערדיק ווי די זון...

דער וואָס טראַכט נאָר פון זיך, פאַרטראַכט זיך אַ האָר ניט,
אַז ער בלייבט פוסט פאַר זיך און גיט דער וועלט גאָרניט...

■ דער ערגסטער אוממענטש פילט זיך ניט באַקוועם אין קעגנוואַרט פון אַנ־שטענדיקע מענטשן...

■ דער שרייבער, וואָס האַלט זיך סנאָביש און טראָגט צו אַלעמען האָס, מיינט, אַז ער איז גרוים און דערהויבן, ווען ער זעט ניט דעם מענטש אין גאָס...

■ יידיש און העברייאיש זיינען, אייגנטלעך, צוויי זייטן פון איין מטבע — כאָטש ביידע קענען זיך ניט צוזאַמענריידן...

■ דער וואָס טראַכט נאָר פון געלט, איז געשעפטן און אויף מערק, ביי דעם זיינען „קלינגער“ — זינגער, און דאָס באַנק־ביכל אַ ווערק...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ פאַראַן דיכטער אַזוינע, וואָס שרייבן לויט דער מאָפּע, אויסגעצייכנט פון א וועגווייזער דעם שטענדיקן וועג; נאָר פאַראַן אויך שרייבער, וואָס זוכן צו געפינען א סטעזשקע אויסצוטרערן, שאַפן אײַנגאַנצן אַ נייעם שטעג.

■ עס איז ליבער ביים לעבן הערן אַ גוט־וואָרט, ווי אַ לאַנגן הספּד — אויפן „גוטן אָרט" . . .

■ געזונטע קריטיק איז וויכטיק — ווען מ'ווייזט דאָס קלאָר אויף דער האַנט. נאָר ס'איז ווייט פון קריטיק — ווען איינער קריכט אויף דער וואַנט . . .

■ פאַראַן שרייבער, וואָס זיינען אַזוי פאַרנומען מיט פאַרקויפן זייער פען צו צייטונגען און זשורנאַלן, אַז זיי מוזן נאָך דינגען „גאָוסט־שרייבער" צו אויספילן זייערע באַשטעלונגען . . .

■ זון און רעגן גייען אויף באַזונדערע וועגן. ווען עס שיינט די זון — הערט־אויף דער רעגן . . .

■ דעם נאַר איז שטענדיק גוט: זאָגט ער אַ נאַרישקייט לאַכט מען; זאָגט ער אַ חכמה — איז צום לאַכן . . .

■ מ'אַראַנזשירט אָפט פאַר קולטור־צוועקן פיינע באַנקעטן, מיט אינדיק, קאַטשקע און עוף. נאָר אָפט בלייבט די פראַגע: פאַרוואָס בלייבט די „קולטור" אין געגנדזן־פּיסלעך?

■ איינער שרייבט ווייניק, נאָר געמאָסטן — טיק־טאַק, עס לייגט זיך אויפן גומען, איר פילט אַ געשמאַק. אַ צווייטער שרייבט אַ סך, נאָר ס'פעלט זאַלץ צום טעם, גיט אַ גרויס גלאָז — נאָר ס'איז וואַסער אין שוים . . .

■ ער איז אַזוי באַגייסטערט פאַר זיינע חסרונות, אַז ער באַטראַכט זיי שוין פאַר מעלות און רעדט וועגן זיי מיט התפעלות . . .

■ אַ רייכער שרייבער קאָן באַווייזן צו קויפן ליב פאַר געלט, און מאַכן גוטע ערלעכע שרייבער אין שאָטן פאַרשטעלט . . .

■ ער האָט ליב זיך צו הערן רעדן, נאָר — אים פאַרדריסט, וואָס ער קאָן זיך ניט אַפּלאָדירן . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרמאַן

■ ער איז פון די אַנשיקענישן וואָס שרייבט בריוו אין רעדאַקציעס פּ אַ ר און ק ע ג ן, מיט דער האָפענונג, אַז א י נ ע ם פ ו ן ז י י וועט מען דרוקן . . .

■ „כי לא על הלחם לבדו", איז אַ זאָגעניש אַ קלוגער, אַ גוטער; דאָס מיינט מ׳דאַרף לערנען — און צו ברויט — אויך פּוטער . . .

■ פעדער און פּאַפּיר זיינען ווי אַ טאַטע מיט אַ מאַמען, דאָס שאַפן ברענגט לעבן פון ביידן צוזאַמען . . .

■ אַ נאַר דערקאַנט מען פון דריי זאַכן: פון זיין שמייכל, פון זיין פּנים און פון זיינע חכמות . . .

■ דעם פינצטערלינג קאָן גאָרניט העלפן, ניט קיין ליכט, ניט קיין לאַמטערן. ווען ער קאָן, לעשט ער אויך אויס — די לבנה און די שטערן. אין פינצטערניש לעבט ער אַ טאָג, די נאַכט איז ביי אים וויכטיק, ווען קיינער זעט ניט וואָס ער טוט — דאַן איז פאַר אים אַלץ ליכטיק . . .

■ משה בין האָט אָנגעשריבן אַ בוך: „דער דור וואָס האָט פאַרלוירן די מורא". איצט מוז מען זייער אַ סך שרייבן וועגן דער מורא — מיר זאָלן ניט פאַרלירן דעם דור . . .

■ דער שרייבער, ווי דער דיכטער, וואָס איז פון גוטן בוך דער בורא, מוז אויך זען, אַז זיין לערנען זאָל ניט זיין קיין מאַרק־סחורה . . .

■ דורך שוואַרצן טינט קאָן מען גאָלדענע געדאַנקען דערקלערן. נאָר מ׳מוז דאָס גוט היטן — עס זאָל קיין „עגל הזהב" ניט ווערן . . .

■ אָפט חלומען שרייבער צו שאַפן אַ ווערק, וואָס זייער נאָמען זאָל דערמיט ש מ ׳ ע ן — נאָר עס לאָזט זיך אויס, אַז זיי דאַרפן זיך דערמיט ש ע מ ע ן . . .

■ ווען איר דערוואַרט פון די מאַסן אַ שיינע מענטשלעכע באַציאונג, מוזט איר זיי לערנען און ווייזן צו האָבן אַ גוטע דערציאונג . . .

■ אַ גוטער שרייבער ווייסט, ווי אַזוי אַרויסצוקוועטשן פון יעדער שורה דאָס ביסל וואַסער און איבערלאָזן דאָס וואַסער בלויז — ווען ער שילדערט דעם ים . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ פויגל מאַכן פון בלאָטע אַ נעסט, איז עס אמתע קונסט, זייער שיין. נאָר פּרוּוון מאַכן צו בלאָטע אַ מענטשן — איז שוין גראָבקייט, געמיין . . .

■ פאַראַן קינסטלער, וואָס שאַפן האָניק ווי די ביז, זינגען ווי אַ נאַכטיגאַל, און — קאָנען אַליין ניט שאַצן דעם ווערט פון זייער פאַרמעגן . . .

■ אַ בוד איז ניט נאָר צו זיין אַ פּוץ פאַר דעם שראַנק. עס איז אויך אַ טייער געשאַנק צו באַרייכערן דעם געדאַנק . . .

■ מ׳זאָגט, אַז די וועלט איז אַ בינע. די פראַגע איז נאָר: צו וואָס דאַרף מען שטענדיק די „דריי־בינע״ ? . . .

■ ער איז פון יענע שרייבער, וואָס האָבן ליב צו קאָפּירן. נאָר פון דעם וואָס זיי שאַפן — קאָן מען אָפּט גאָר קראַפּירן . . .

■ אַ יידישער גזלן: איינער וואָס וויל שרייבן און קוילעט יידישע ווערטער...

■ זיי אַ שפּיגל פאַר איינעם צו ווייזן דאָס וואָס איז שיין. אָבער ניט שיין איז צו שפּיגלען זיך אַליין . . .

■ ווען עס ווערט קלענער דער באַרג — ווערט קלענער דער טאָל . . .

■ ווען ליב איז דאָס לעבן, איז ליב יעדער וועטער. נאָר מיאוס פאַרן אויג זיינען — די בולווארן „געלע בלעטער״ . . .

■ אַ בעל־גאווה וועט קריכן אויפן דאַך, אַבי צו זיין העכער פון קוימען . . .

■ מיט פעדער און טינט מעג מען זיך שלאָגן. אָפּט קאָן דאָס העלפן — צו אַ געדאַנק זיך דערשלאָגן . . .

■ ווי גיך מענטשן גייען־אַריין אין די פעדערן, ווערן זיי אָפּט די „ריכטיקע פויגל״ . . .

■ ער שרייבט פון שדים און רוחות, פון טעמעם שרייאיק־געמיינע, פון דעם אַפּפאַל, פון רכילות און פון אַזוינע און אַ זונה . . . אַבי זיין באַרימט ווייט, אַפילו אַלס ניבול־פּה׳ניק. נאָר מאַכן צו גאָלד גלייך — די פּרוטה, דעם פעניק . . .

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ בײַ אים איז גרינג צו כאַפּן אַ מציאה: צוויי מאָל דרײַ איז זיבן . . .

■ אַ שטימע לאָזט זיך הערן, ווי פון זילבער דער געקלאַנג. וואו שווער עס איז צו רעדן — ווירקט אַפּט שטאַרק געזאַנג . . .

■ מ׳קאָן שרײַבן קורץ, נאָר דאָס איז נאָך ניט קיין גאַראַנטיע, אַז מ׳וועט דאָס ניט לייענען זייער לאַנגווײַליק . . .

■ ווען צעון מענטשן רעדן, איז שווער עפּעס צו פאַרשטיין. ווען צעון אָבער זינגען — ז׳יעדער וואָרט קלאָר און שיין . . .

■ זאָג ניט קיין ליגן, וועט מען ניט דאַרפן זוכן דעם אמת . . .

■ אין גאַנג פון לעבן קאָן אַלץ זיך מאַכן. אַ נאַר זאָל זאָגן אַ חכמה, און אַ קלוגער — זיך נאַריש מאַכן . . .

■ אַן אויפריכטיקע, געזונטע קריטיק אויף אַ בוך איז ווי אַן אָפּעראַציע פון אַ גוטן דאָקטאָר. דער מחבר, פּאַציענט, פילט טאַקע ווייטיקן — נאָר ס׳איז צו געזונט . . .

■ ווען אַ שרײַבער וואָלט געקאָנט קריגן אַ גײַסטיקן עקזאַמען אויף זײַן שאַפן, איידער ער דרוקט־אָפּ זײַן בוך, ווי אַ פּאָרל מאַכט־דורך אַ פיזישע אונטערזוכונג בײַם דאָקטאָר, פאַר דער חתונה, — וואָלטן אַ סך שרײַבער אָפּגעלאָזן דעם שידוך מיטן בוך . . .

■ קריטיקער ווייסן, דאַכט זיך, „אַלע״ מעלות און חסרונות, וואָס געפינען זיך אין יענעמס ווערק, און דאָך — אויך בײַ זיי זײַנען אָפּט פאַראַן ניט קיין געראָטענע שאַפונגען, וואָס אַ צווייטער קריטיקער דערזעט זיי . . .

■ אַ שרײַבער, ווי אַ גערטנער, מוז תמיד ווייסן, ווי צו שנײַדן דאָס ווילד־גראָז — פון פאַרזיי צו גענים . . .

■ די שפּיץ פון פען קאָן אַרויסווײַזן אַ סך טאַלאַנט, ווען די פען איז אין דער ריכטיקער האַנט . . .

■ אויב אַ שרײַבער שרעקט זיך פאַר קריטיק, דאַרף ער אַכטונג געבן, אַז זײַן ווײַס־פּאַפּיר זאָל בלײַבן ריין . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ װעלכע טינט אַ שרײַבער זאָל נוצן, איז ניט שײַך, אַבי די געדאַנקען זאָלן זײַן רײן . . .

■ אַ שרײַבער, װי אַ סטאָליאַר, מוז זען אַלץ זאָל פּאַסן, שרײַבט ער ערנסט — זאָל מען ניט דאַרפֿן שפּאַסן . . .

■ פֿאַראַן שרײַבער, װאָס זײַנען גאַנצע כעמיקער: נעמען שװאַרצע טינט, װײס פּאַפּיר און פֿאַרװאַנדלען דאָס אין װאַסער — װאָס טויג אויפֿן פֿײַער . . .

■ מ'קאָן שרײַבן זײער געדיכט, און — ס'איז אַלץ ניט קײן געדיכט.

■ אַ מאָלער, װי אַ שרײַבער, דאַרף ניט נאָר זען די פֿאַרב אויפֿן פּנים, נאָר אויך די פֿרײד און לײד אין האַרצן . . .

■ מעג זײַן דער אינהאַלט פֿון אַ בוך מיט גאָלד צוגלײַך, נאָר — פֿאַר אַ דרײַערל קריגט איר דעם בוך . . .

■ פֿאַר אַ ירושה פֿון אַ רינגל מיט אַ זײגערל, שלאָגט מען זיך; און פֿאַר דער רײַכער ירושה פֿון אונדזערע קלאַסיקער — זוכט מען נאָך אַלץ די יורשים . . .

■ אַ שרײַבער דאַרף ניט קאַרגן צו שנײַדן איבעריקע רײד, פּונקט װי אַ דאָקטער װעט זיך ניט צאַצקען מיט װילד־פֿלײש . . .

■ דאָס איז אַ בוך מיט פֿעטע טאָװלען, נאָר דער אינהאַלט איז דאַר, קװאַר און טרוקן . . .

■ אַ בוך איז, װי להבדיל, אַ שוך: ס'איז פֿאַר אַ נוץ — ניט פֿאַר קײן פּוץ . . .

■ אַ בוך קאָן זײַן, װי גוטער װײַן: קאָן פֿאַרשלעפּערן און אויך צינדן פֿײַער־לעך אין די אויגן . . .

■ גראַשנס צײלט ער, און מיט זילבן װאַרפֿט ער זיך . . .

■ אַ פּלאַגיאַט איז אַ פּלאָג מיט דעם, װאָס ער שאַפֿט אַלײן; און אַ פּלאָג מאַכט ער פֿון דעם, װאָס ער נעמט יענעמס . . .

■ דער אמת מיטן שקר מוזן שטענדיק זיך קריגן. װײַל אמת מײנט פֿאַקטן, און שקר — מײנט ליגן . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַן ערלעכער רעדאַקטאָר איז ווי אַן ערלעכער כירורג: אויב מ׳קאָן ניט פֿאַרמיידן — מוז מען שניידן . . .

■ אַ גוטער שרייבער גריבלט זיך אין זיין ווערק, עס זאָל קיין צופֿיל פּגימות ניט האָבן. ער מוז ווי אַ גוטער דאָקטאָר — געפֿינען די שעדלעכע מיקראָבן...

■ וועלכן קאָליר טינט דו זאָלסט ניט נוצן, מוז דער הויפּט־געדאַנק זיך אָנזען — שוואַרץ אויף ווייס . . .

■ אין געדאַנק ביים שרייבער ליגן גאַנצע ווערק פֿאַרהוילן — מ׳דאַרף אָבער זיין אַ מייסטער — זיי אַרויסצושיילן . . .

■ ווען אַ קריטיקער האַלט אַלץ אין ל ו י ב ן — פֿאַרלירט זיך דער ג ל ו י ב ן..

■ אַ שרייבער, וואָס דערגאַנצט ניט זיין אַרבעט דורך געבן אַ פֿול בילד פֿאַר דער ראַם — איז ווי אַ קעכין, וואָס פֿאַרקאָכט אַ קאַשע — נאָר אָן אַ טעם . . .

■ אַ שטרענגע קריטיק פֿאַר אַ שרייבער איבער זיין שאַפֿן איז ווי אַ שטאַרקע מעדיצין פֿאַר אַ קראַנקן. אויפֿן ערשטן מאָמענט פֿאַרקרימט ער זיך, אָבער סוף־כּל־סוף — איז דאָס צו געזונט . . .

■ דער שרייבער שטעלט זיך אָפּט צופֿרידן מיט זיינע שורות, וואָס ער האָט געשריבן, נאָר פֿאַרפֿעלט צו זען, וואָס ס׳איז גאָרנישטאָ צווישן די שורות . . .

■ אַ שרייבער, ווי אַ שניידער, קאָן ניט זאָגן: „פֿאַרטיק דאָס שטיקל אַרבעט״, ביז ס׳איז ניט אויסגעפּרעסט, אַרויסגעצויגן די פֿאַסטריגעס, אָנגענייט קנעפּ־לעך מיט אַ הענגער, און עס פּאַסט פֿאַרן קונד — צו קאָנען זאָגן: טראָגט עס געזונט! . . .

■ דער שטרענגער געבאָט, פֿון מענטש — דער גאָט, וועקט אַלע לענדער — און עס רירט זיך; דורך וואָרט און פּלאַקאַט, אין שטאָט און שטאָט איז דער רוף: היט־אָפּ דעם ל א ת ר צ ח! . . .

■ אין פֿיל ביכער פֿאַראַן זיינען געדאַנקען פֿון מענטשלעכן מוח, וואָס זיינען שטאַרקער ווי דער מענטש אַליין. ווען דער מענטשלעכער מוח מיט זיין פֿלייש־און־בלוט וועלן האָבן זייער לעבן אָפּגעלעבט — וועלן אָבער זיינע גוטע גע־דאַנקען בלייבן לעבן אין דער אייביקייט! . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ מ׳קאָן זיין אַ פיינער דיכטער אין געדאַנק פונעם ליד, נאָר אַז מאָס און אַן ריטם, איז דאָס ליד — אַן אינוואַ־ליד . . .

■ עס טרעפט ניט זעלטן, אַז אַ שרייבער זאָל זיך פאַרנעמען צו שרייבן געד־שיכטע און — עס לאָזט זיך אויס אַ מעשה . . .

■ מאָנען דין וחשבון איז זייער שיין, נאָר מ׳טאָר ניט פאַרגעסן מאָנען — אויך ביי זיך אַליין . . .

■ שמועסן שרייבער : זאָגט איינער, אַז הער־און־דער איז אַ גרויסער פּלאַ־גיאַט. יאָ, זאָגט דער צווייטער, ער איז אָבער אַ מבין אויף ליטעראַטור : ער גנב׳עט נאָר ביי מיר, און ניט ביי דיר . . .

■ צוויי תנאים קאָנען האָבן אַ פּלוגתא, אָבער ניט קיין תנא מיט אַ „תנא־ברא״.

■ אַ פוסטער קאָפּ קאָן אַלץ פאַרטראָגן. אָבער אַ פוסטער מאָגן — האָט שוין אַ סך צו זאָגן . . .

■ איינער שאַפט זיך וואָס מער רייכטום, און גלייך מיט דעם — האָס און פיינט. אַ צווייטנס רייכקייט מיינט : מער ווייסן, און דער פּראָצענט מיינט : נאָך מער פריינט ! . . .

■ אַ גוטבאַזיצער קאָן ניט זיין קיין פאָלקס־באַשיצער . . .

■ מיט אַ רחמנות־פּנים קאָן מען ניט באַזיגן קיין שונאים . . .

■ אַ רייכער מענטש קאָן האַלטן זיין געלט אין באַנק און זען, אַז אַנדערע זאָלן קלינגען פאַר אים וועגן זיין רייכקייט און ברייטהאַרציקייט . . .

■ די באַשאַפער פון געטער האָבן אַ באַגריף וויפל גאָט ברענגט זיי אַריין און — ווי עס האַלט מיט גאָטס צוקונפט . . .

■ פאַר אַ פוסטן קאָפּ און פאַר אַ פוסטן מאָגן — זאָלסטו קיין חכמות ניט זאָגן . . .

■ ווען שקר און נידערטרעכטיקייט ווערן די פאַרטיידיקער פון גערעכטיקייט — ווערט פון דעם א מ ת — אַ מ ת . . .

■ פאַר אַ שלעכטן קאָפּ איז אַפילו דאָס בעסטע היטל — ניט קיין מיטל . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ איין בלעטל פון קאַרל מאַרקס'עס „קאַפּיטאַל", ברענגט די פאָלקס־מאַסן מער פּראָצענט, ווי די פעסלעך גאָלד פון גרויס־קאַפּיטאַל . . .

■ וויפל גאָלד זאָל ניט געלויטערט ווערן, קאָן דאָס אַלץ קיין גאָט ניט ווערן...

■ צוויי שרייבער קאָנען האָבן צוויי באַזונדערע בליקן אין לעבן. איינער זוכט נ י י ע וועגן, דער צווייטער — א ל ט ן וויין . . .

■ מיט געשיכטע איז אַ מאָדנע געשיכטע: אַמאָל פאַרדרייען די געשיכטע־שרייבער די אמתע פאַקטן, און אַמאָל טוען דאָס די אויסטייטשער פון גע־שיכטע . . .

■ דער וואָס האָט ניט קיין באַציאונג צו אַן אַלטן טאַטן, ווי צו אַן אַלטן ספר, איז שוין ביים לעבן ניט מער ווי עפר ואפר . . .

■ צוויי מענטשן קאָנען האָבן איין צוועק, און דאַך — גיין דורך אַ צווייטן וועג . . ..

■ איבערזעצונגען אין אַ צווייטער שפּראַך זיינען אָפט ווי אַ לופט־קוש, וואָס דערגרייכט נישט צום צווייטנס ליפּן . . .

■ פון דעם זעלביקן פלעשל און גלעזל קאָן איינער טרינקען אַ „לחיים" צוליב אַ עיקר, און דער צווייטער — ווייל ער איז שיכור . . .

■ ער האַלט זיך ווי אַ קוימען: העכער פון אַלע העכער און — מיט אַ שמוציקן האַלדז . . .

■ גערעכטיקייט און נידערטרעכטיקייט קאָנען זיך טרעפן אין איין ריי, נאָר גערעכטיקייט האָט איין פּנים — נידערטרעכטיקייט האָט צוויי . . .

■ דער, וואָס קאָן זיך ניט אויסבאַרימען מיט זיינע מעלות, זוכט־אויס ביי אַ צווייטן חסרונות . . .

■ מ'קאָן אים גוט — ער איז ניט קיין פּ נ י ם ח ד ש ו ת, נאָר אַ פּ נ י ם ח ל ש ו ת...

■ גוטע לידער קאָן אַ דימענט־סוחר ניט שאַצן, און אַ משכון־הויז (אַ לאָמ־באַרד) באָרגט ניט קיין געלט אויף דעם . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דער שרייבער, וואָס האָט אַ שליחות אין זיין שאַפן, מוז ערלעך דינען די מאַסן מיט זיין געוויסן. זיין ווערק קאָן נאָר זיין אַ קולטור־וואָפן, ווען דאָס פאָלק זאָל פון דעם געניסן! . . .

■ יעדעס לאַנד פאַרמאָגט וואונדערלעכע קונסט־ווערק פון דער נאַטור. נאָר אָפט איז שווער צו גראַמען — דעם אינהאַלט מיט די ראַמען . . .

■ דער אמתער דיכטער דאַרף שאַפן אין זיינע לידער דעם אינהאַלט און דעם ריטם, וואָס זאָל העלפן די פאָלקס־מאַסן גיין אין טאַקט — אין זייער גאַנג צו פרייהייט . . .

■ אַ סך שרייבער רעדן וועגן פשטות אין שרייבן — נאָר אַליין שרייבן זיי, מ׳זאָל שטענדיק דאַרפן אַ ווערטערבוך צו העלפן אַרויסקריגן די יאָדרע פון זייער פאַרהאַרטעוועטן נוס . . .

■ אַ שרייבער פילט זיך ניט איינזאַם, ווען ער שאַפט נאָר לעבעדיקע העלדן, געשטאַלטן, טיפּן וואָס דערגרייכן צום פאָלק . . .

■ אין זאַפטיקע שורות קאָן דער לייענער „כאַפּן אַ נאַש״ אויך צווישן די שורות . . .

■ פינצטער איז פאַר יענעם די וועלט, וואָס רעכנט זיך — נאָר מיט געלט . . .

■ עושר און יושר, דאַכט זיך, איז אַ גראַם, נאָר — עס גראַמט זיך ניט . . .

■ אַ סך מענטשן אַרבעטן זיך אַזוי פיל אָן אין די יונגע יאָרן, אַז זיי דאַרפן זיין גבורים צו האָבן אַביסל כוח אויף דער עלטער . . .

■ אומעטום זוכט ער חסרונות, אויף גוטס קיין באַווייז. נאָר קוקט ער אין שפּיגל, דערזעט ער זיך אויך אַ גרייז . . .

■ ער איז פון די רעדנער, וואָס רעדט מיט פייער — און פליוכעט וואַסער . . .

■ דער פירער פון פאָלק מוז שטענדיק האַלטן זיין געדולד מיט אַ שטאַרקן רייף אַרום, ווייל חלילה פּלאַצט דער רייף — צעפאַלן זיך די קליעפּקעס . . .

■ דער אמתער מענטש האַלט שטענדיק פון דעם פאַרטיקן אמת, בעת דער ליגנער דאַרף אים ערשט אויסטראַכטן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דאָס פערד באַטראַכט די בייטש פאַרן שונא, אַנשטאָט דעם אָנטרייבער . . .

■ קיין פּאַראַזיט אין דער וועלט איז ניט אַזוי רייך, ער זאָל קאָנען באַצאָלן פאַר דער געמיינהייט, ווי ער האָט זיין פאַרמעגן געמאַכט . . .

■ דער טאַלאַנטפולער מענטש איז ביי גאָט אַן אויסדערוויילטער, ווי דער מלאך אין הימל. דערפאַר, זעט אויס, טראַכט ניט גאָט צו באַזאָרגן אים מיט ברויט . . .

■ ווען אַ שרייבער רייסט זיך צו שרייבן אויף טעמעס וועגן פרעמדע פעלקער, וואָס זיינען אים ניט באַקאַנט, בויט ער אויף דעם, וואָס פאַרן לייענער איז דאָס אויך פרעמד — וועט ער עס אָננעמען פאַר גוט־געלט . . .

■ פאַנטאַזיע פליט — ווירקלעכקייט ציילט די טריט . . .

■ „רייך איז דער, וואָס איז צופרידן מיט דעם וואָס ער האָט", פּרוּווט מען איינרעדן דעם אָרעמאַן. דער נאַר איז אַפילו צופרידן דערמיט, וואָס ער האָט ניט . .

■ דער שפּיגל איז אָפנהאַרציק: ער זאָגט אייך דעם אמת גלייך אין פּנים אריין . . .

■ פאַר אַ געמאָלענעם פיש פון אַ מאָלער, קאָנט איר זיך באַגיין אָן כריין . . .

■ ניט אַלע הערצער ביי מענטשן זיינען גלייך: ביי איינעם איז דאָס האַרץ אַ פייער־קאַסע פאַר ליבע און פריינטשאַפט. ביי אַ צווייטן — אַן אייז־קאַסטן, וואו ער האַלט אַלץ פאַרפראָרן און פאַרהאַרטעוועט . . .

■ ווען אַן אָרעמאַן איז הונגעריק — קרימט ער זיך; ווען אַ הומאָריסט איז הונגעריק — לאַכט ער מיט יאַשטשערקעס . .

■ דער באַשאַף פונעם מענטשן איז גאָטס גרעסטער וואונדער, זאָגט מען. אויס דאַנקבאַרקייט, ווייזט אויס, האָט דער מענטש געוויזן אַ גרעסערן וואונדער — זיך באַשאַפן אַ סך געטער . . .

■ זיינע חלומות זיינען גרויסע, גאָר ניטאָ קיין פאַרגלייך. אָבער נאָכן פּותר חלום —לאָזט אוים זיך אַ טייך . . .

■ מיטן מויל מאָלט ער — נאָר קיין ביסן מעל זעט מען ניט . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ לויט דער קאָקאַרדע אויפן היטל איז ער אַ גאַנצער מיניסטער; לויט זיין שכל — איז דער קאָפּ אַ פּוסטער . . .

■ אַלע ווילן זיך עלטערן, נאָר קיינער וויל ניט אויסזען אַלט. ווינטער־שיינ־קייט האָבן אַלע ליב, נאָר ניט פילן קאַלט . . .

■ דער שרייבער, וואָס נעמט זיך צייט זיינע ווערק צו פיילן, איבערשרייבן, קאָן האָבן דעם גלויבן אין זיך — זיין שאַפן זאָל לעבן בלייבן! . . .

■ דער מענטש, וואָס האַלט זיינע ביכער אין שראַנק און לערנט ניט פון זיי, איז ווי דער פישער, וואָס שטייט ביים ים און טראַכט פון כאַפּן אַ פישל און פאַרזעט די פערל אין גרונט . . .

■ ער פאַרמאָגט טאַלאַנט, נאָר ווייסט ניט פון זיין פאַרמעג, ווי אין שטייג עס ווייסט ניט די הון. זי גיט אַ טייערן מאכל — פרישע אייער, נאָר זי אַליין, די הון — ווייסט ניט דערפון . . .

■ פון שוואַרצן טינט קאָן געשאַפן ווערן „אַ גאָלדענע קייט”. נאָר פון דער גאָלדענער קייט טאָר ניט אויסגעשמידט ווערן קיין „עגל הזהב” . . .

■ פאַר אַ רעדנער זיך באַנוצן מיט אַפאָריזמען, עפּיגראַמען, איז ווי אַ גוטער געווירץ — שפּייז צו באַ׳טעמ׳ען . . .

■ שרייבער דערשלאָפן אָפט ניט קיין נעכט ביים שאַפן זייער ווערק, און דער לייענער — דערלייענט אָפט ניט דאָס ווערק צוליב זיין ווען שלאָפן . . .

■ קלוג איז דער וואָס ווייסט און פאָרשט, און וויל נאָך אַלץ מער לערנען און ווינסן. נאַריש איז אָבער דער, וואָס רייכקייט האָט און ווייסט אַפילו ניט ווי פון דעם צו געניסן . . .

■ ווען עס קומט צו דער פראַגע, וואָס וועט זיין מיט דער יידישער ליטעראַטור און שאַפן, האָרף מען ניט טראַכטן וואָס וועט זיין מאָרגן, נאָר זען — עס זאָל זיין אַ מאָרגן! . . .

■ ער איז פון די באַרימטע פילאַנטראָפּן, וואָס נעמען זיך צו־פּ י ל — און גיבן אַ ט ר אָ פּ ן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דער שרייבער, וואָס באַהעפט זיך מיטן לייענער, מעג דערוואַרטן, אַז זיין גייסטיק קינד וועט האָבן אַ היים און אַ צוקונפט . . .

■ טרויעריק איז פאַר מענטשן אין אַזאַ וועלט, וואו מ׳טראַכט ניט פון וויסן — נאָר פון געלט . . .

■ דער ערלעכער אות ביי אַ שרייבער האָט אַ גרויסן כוח. אין צוויי אותיות קאָנט איר געפינען אַ י ם, אין דריי אותיות קאָנט איר געפינען דעם א מ ת, פון פיר אותיות — האָט איר ש ל ו ם, און פון פינף אותיות האָט איר אַ מ ע נ ט ש . . .

■ אַ שרייבער מוז אַריינגעבן חוץ געדאַנק אויך האַרץ און נשמה אין זיין שרייבן, נאָר שטענדיק דאַרף ער האָבן אינזינען אויך פאַרן לעבן זאָל האַרץ און נשמה אים בלייבן . . .

■ קוק ניט אויף דעם גאָלד-באַצירטן טאָוול פון בוך, נאָר אויף דעם געזונטן ראַזעווען אינהאַלט אין בוך . . .

■ עס ווענדט זיך שטענדיק ווער עס טראָגט דעם פאַקל פון אמת — ביי איי־נעם ווערט דער אמת באַלויכטן און ביי אַ צווייטן — ווערט דער אמת פאַר־ברענט . . .

■ בלעטער אין אַ בוך, ווי בלעטער אויף אַ בוים קאָנען זיין פון פאַרשידענע קאָלירן. די הויפּט־זאַך איז צי די בלעטער געפינען זיך אויף צווייגן מיט פרוכט . . .

■ פּרואוו ניט איבערשרייבן דאָס וואָס אַ שרייבער האָט שוין געשאַפן. האָט ער געשריבן קלוג, האָט זיך עס איינגעקריצט ביים לייענער אין מוח. איז עס געווען נאַרישקייט — זיינען צוויי נאַראָנים שטענדיק צופיל אויף איין טעמע...

■ דער לעקטאָר, וואָס פאַרשפּעטיקט קומען אין צייט צו זיין לעקציע, איז שלעכט. אָבער נאָך ערגער איז, ווען ער פאַרשפּעטיקט צו ענדיקן . . .

■ עס נעמט טאַקע אָפט אַ סך צייט ביז שרייבער און מאָלער שטעלן זיך אויף די פיס. נאָר ווען זיי שטעלן זיך אויף די פיס — איז ניט שווין צו נעמען שפּרינגען . . .

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ עס זײַנען פֿאַראַן ש ט ע ר ן וואָס לויכטן אין הימל, ש ט ע ר ן — וואָס לויכטן פֿון דער בינע, און אַ קופּערנער שטערן וואָס באַלויכט זיך...

■ יעדער ײדישער מחבר, ווי אַ מאַמע, לעבט איבער דאָס געפֿיל פֿון געבורט־ווייען ביים „האָבן", און שפּעטער — ביים „אויסגעבן"...

■ דאָס לייב דאַרף אַ העמד, אַ פֿוס דאַרף אַ שוך, נאָר דער קאָפּ, חוץ אַ היטל —דאַרף אויך אַ בוך...

■ אַ בוך קאָן זײַן גאַנץ לעבן האַלטן אַ סוד, נאָר אַז איר שטעלט זיך מיט אים אין פֿאַרבינדונג, וועט ער אײַך אַלץ איבערגעבן...

■ מיטן ײדישן בוך איז עפּעס קשה: מ׳אַראַנזשירט אַז אוונט און מ׳רופט דאָס אַ בוך־חודש...

■ אַ גוט בוך האָט אַ קאָפּ, אַ טיטל, אַ רוקן, זײַטן, לשון, אַ בליק. נאָר די הענט און פֿיס ליגן ביים לייענער אין די הענט — ער דאַרף דעם בוך אויפֿהאַלטן און זען, ער זאָל גיין און אָנקומען צו די מאַסן...

■ אַ מחבר פֿון אַ ײדישן בוך ווייסט שוין אָפּט און פֿאָרויס, אַז די מילבן וועלן פֿון אים האָבן מער וואָס צו עסן ווי ער — דער מחבר...

■ אָפּט קויפֿן שוין מענטשן אַ בוך, באַצאָלן דריי דאָלאַר און —לייענען ניט אַפֿילו פֿאַר אַ פּרוטה...

■ דער שרייבער ברעכט זיך דעם קאָפּ ביים שרייבן; דערנאָך — עס זאָל אין שרייב־טיש ניט בלייבן...

■ צו פֿאַרשטיין וואָס זאָגט דאָס בוך צווישן די שורות, מוז מען זײַן באַהאַוונט מיט די שורות...

■ אין טינטער איז די טינט פֿאַרשוואַרצט, נאָר ווי גיך זי קומט אויפֿן פּאַפּיר, האָט זי דאָס וואָרט...

■ צו זײַן באַהאַוונט אין די „שוואַרצע פּינטעלעך", מוז מען אויך זײַן באַ־האַוונט ווער עס האָט „געפּינטלט"...

■ דער שרייבער דאַרף באַווייזן די קונץ דורכן שפּיץ־פּעדער צו שאַפֿן קונסט, און דאָס וואָרט זאָל זײַן קײַלעכדיק און שפּיציק...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ שרייבערישע קנאה באַפרוכפּערט די געבורהטן פון נייע שאַפונגען, נאָר צי זיי, די ניי־געבאָרענע גייסטיקע קינדער זיינען נאָרמאַל — דאָס איז שוין אַ טאַלאַנט־זאַך . . .

■ פאַראַן שרייבער, וואָס וואַרטן אויפן טויט: אפשר וועט וואו אַ פאַרשער זיי ברענגען צום לעבן . . .

■ דער גרויסער קינסטלער־שרייבער איז אויך אַ גרויסער כעמיקער: ער קאָן פון שוואַרצער טינט שאַפן גאָלדענע ווערק . . .

■ אַמאָל האָבן יידן זיך באַטיטלט מיטן נאָמען עם הספר. איצט דאַרפן זיי זיך רופן עם השופר — פיל פון זיי פייפן אויפן בוך . . .

■ אַ נעסט וואו צו שלאָפן, אַ קערנדל צו כאַפּן אַ פּיק. פאַר אַ פויגל קאָן דאָס מיינען אַ לעבן אין גליק. אָבער אַ מענטש — חוץ „פּיקן" און אַ געבעטער שלאָף־באַנק, דאַרף זיך אויך דערנערן מיט אַ לויטערן געדאַנק . . .

■ עס איז ניט שווער צו דערגרייכן אַ העכערן שטאַפּל מיט די פיס און פיזישן כוח. מ'דאַרף אָבער קאָפּ דעם „העכער" דערגרייכן, אויפן לייטער צום געדאַנק און צום מוח . . .

■ אין אַ רעדע אַ גוטער וויץ און אַ משל איז ווי אַ באַ'טעמ'טער געווירץ צו געקעכטס. נאָר אויב דער געווירץ איז אַ „פעפערדיקס" — ברענגט דאָס שוין אַ נאָר־טעם פון שלעכטס . . .

■ ערנסט און שפּאַס זיינען נאָענטע חברים, שפּילן אויף דער זעלביקער בינע. זיי האָבן איין ציל, זיי האָבן איין פנים, נאָר — מוזן וויסן ווען צו בייטן די מינע . . .

■ אַ וואָרעם אין כריין לעבט ווי אַ וואָרעם, נאָר דער בוד־וואָרעם־מענטש, איז גייסטיק ניט אָרעם. ער ווייסט, אַז צו ברויט און רייז, מוז ער אויך האָבן — גייסטיקע שפּייז!

שטענדיק מיט אַ פרייליכער פנים, נאָר ער שמייכלט ניט קיינעם.
ער פרייט זיך מיט מענטשן און ברענגט פרייד יעדן איינעם . . .

■ די ביטערע פּיל ווערט זיס, ווען זי העלפט דעם קראַנקן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# יום־טובדיקע טייטש־ווערטער און ווערטלעך

ח ז ן: וויפל ער זאָל ניט פאַרדינען — מאַכט ער אַלץ אַ „קלאַגעדיקן" לעבן . . .

ב ע ל ־ ד ר ש ן: מוסר׳ט, סטראַשעט מיט גיהנום — און קריגט באַצאָלט פאַר דעם . . .

ר ב: גריבלט זיך שטענדיק צווישן כשר און טריף און דאַנקט גאָט פאַר דער „טריפ׳ענער" פּרוטה וואָס ער קריגט צו לעבן . . .

ש מ ש: דער אָנגעזעענסטער מענטש אויפן באַלעמער . . .

ג ב א י: אַלע האָבן אים ליב פון ווייטן — שטייט ער טאַקע אויבנאָן . . .

מ פ ט י ר: איינער קויפט דאָס און באַצאָלט גוט. אַ צווייטער קריגט אַ „מפטיר" פאַר נ י ט באַצאָלן . . .

כ ל ־ ב ו: אין שול קושט מען דעם „כל־בו" און איבערן שטאָט שעלט מען דעם כל־בו׳ניק . . .

ש ד כ ן: קאָנקורירט מיט גאָט אין צוזאַמענפיר מאַן און פרוי . . .

מ ש ג י ח: גיט אַכטונג פאַר גאָט אויף „כשר גלאַט", נאָר מיטן באַלע־באָס מוז ער זיין „בלאַט" . . .

ה ו ש ע נ א: מ׳צאַצקעט זיך מיט איר ווען זי איז פריש און גרין. נאָר ווערט זי אַן „אָפּגעשלאָגענע הושענא" — וואַרפט מען זי אַוועק . . .

מ ז ר ח: וואו אַלע רייכע ווערן געשטעלט צו דער וואַנט . . .

ר א ש י ת ח כ מ ה: רעדט ניט קיין נאַרישקייט . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# מאָדערנע „צען געבאָט"

אָ נ כ י — איז הער לשון פון אַ דיקטאַטאָר, איך בין איינער און ווייטער קיינער . . .

ל א י ה י ה — די שטענדיקע באַוואָרעניש קעגן אַ קאָנקורענט . . .

ל א ת ש א — געדענק, אַז אַ ליגנער האַלט זיך אין איין שווערן . . .

ז כ ו ר — פאַרגעס ניט, אַז פאַר אַרבעטן שבת צאָלט מען צוויי מאָל אַזוי־פיל . . .

כ ב ד — האָט אײַנזינען איינמאָל אַ יאָר צו „מוטערס־טאָג" און „פאָטערס־טאָג", אָפּרופן אויפן טעלעפאָן טאַטע־מאַמע . . .

ל א ת ר צ ח — הרג'ע ניט אַ פליג אויף דער וואַנט, סיידן דו דערקלערסט אַ מלחמה . . .

ל א ת נ א ף — ניט גענוג וואָס דו קאָנסט ניט אויסהאַלטן דײַן אייגענע ווײַב — זוך ניט קיין פרעמדע . . .

ל א ת ג נ ו ב — גנב'ע ניט, סיידן דו ביסט אַ גרויסע שישקע, אַ פּאָליטישן און דו האָסט אַ פּריינט אַ ריכטער . . .

ל א ת ע נ ה — זײַ ניט קיין יאָר־עדות ווען דו קאָנסט ביי דעם אַרבעטן אַלע טאָג . . .

ל א ת ח מ ו ד — סיידן דו ביסט אַן אימפּעריאַליסט וואָס האָט אַ חשק אַלץ צו נעמען וואָס איז ניט דײַנס און — זאָגן ס'איז מײַנס . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# ער וויל אויך אַ גוט יאָר!

גאָטעניו, טאַטעניו, איך האָב אַ בקשה:
איך ווייס דו ביזט רייך, דיר איז ניט קשה,
טאָ האָב רחמנות אויף אַן עלטערן ייד.
איך דאַוון און וואַש זיך, האַלט אין איין בעטן,
איך קלאַפּ און שלאָג זיך פאַר אַלע על־חטא׳ן,
כאָטש איך בין שוין אַלט און אויך מיד.

פאַרוואָס זאָלסטו, גאָטעניו, ניט האָבן אינזינען,
אַז אַן אַלטער און קראַנקער דאַרף האָבן מעדיצינען,
און יעדן ערשטן פון חודש אויך רענט?
מילא מאַנטיק און דאָנערשטיק מוז איך שוין פאַסטן,
אָבער פאַרוואָס איז אויך שבת ליידיק דער קאַסטן,
און איך פאַרליר אָפּט די מצווה פון זיך וואַשן די הענט?...

איך האָב צו דיר צוטרוי, איך האָב אין דיר גלויבן,
נאָר אָפּט דאַכט זיך מיר: מען ווייסט ניט דאָרט אויבן,
ווייל קיין זאַך האָט קיין וואָג ניט אין הימל דאָרט ווייט...
זיצט דער רייכער אויבנאָן אין שול ביי דער בימה —
און איך, אַ ייד פון די געטרייע און פרומע,
ווער פאַרגעסן אין ווינקל מיט די אָרעמעלייט...

■ צו „אויסבעטן" זיך אַ גוט יאָר, מוז מען קעמפן ווי אַ גיבור — צו אויפ־האַלטן די געווינסן, מוז מען האָבן אַ גוטן שליח־ציבור...

■ ווען דער אַרבעטער קלאַפּט זיך איז הארצן, שטופּט דער באַלעבאָס זיין האַנט צו אים אין קעשענע...

■ דעם „מחזור", דעם „כל־בו׳ניק, האַלט ער איין טאָג איז יאָר, נאָר אַליין אַ כל־בו׳ניק — אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר...

■ ער ווינטשט אַלעמען אַ גוט יאָר, און האָט אַליין ניט מיט וואָס אַ טאָג צו לעבן...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דאָס אַלטע יאָר איז לוח האָט געלאָזט די וואונדן און אַליין — פאַרשוואונדן.

■ געוואָרן איז ער רייך דורך שווינדלערישע וועגן. ראש־השנה דאַנקט ער גאָט — פאַר זיין גרויסן פאַרמעגן . . .

■ ווען מ׳שלאָגט „על חטא" אין אַ צווייטנס האַרצן, וואַרפט מען צו יענעם די זינד און — מ׳האָט ניט קיין שמאַרצן . . .

■ דער וואָס וויל ווילד נאָכטאַנצן יענעם — וואַרפט זיך אַליין אַריין אין אַ גיהנום . . .

■ פון שלאָגן זיך „על חטא", קאָן מען זיך ניט אויסשלאָגן די הוצאות . . .

■ ער שלאָגט זיך כּלומרשט „על חטא" פאַר זיינע זינד, נאָר שלאָגט זיך קיינמאָל ניט מיט דער דעה צי ער זאָל זינדיקן . . .

■ פאַראַן אַזעלכע, וואָס אַ גאַנץ יאָר שווינדלען זיי מיט גנבֿ׳ישע אויגן, נאָר צום יום־הדין קומען זיי אין שול מיט פ אַ ר ג ל אָ צ ט ע אויגן . . .

■ מיט פאַרבלוטיקטע הענט שלאָגט מען זיך ניט „על חטא", און מיט אַן אָנגעפרעסענעם מאָגן פאַלט מען ניט קיין כורעים . . .

■ ער זינדיקט אָן אַ חשבון, נאָר ווען „די פיש ציטערן אין וואַסער" — רעדט ער פון חשבון־הנפש . . .

■ פאַר ראש־השנה ציטערן די פיש אין וואַסער, און פאַר פּסח — ציטערט די באַלעבאָסטע פאַרן פרייז פון די פיש . . .

■ דאָס לעבן איז אַ געמיש פון גוטס און פון שלעכטס. פרייד וויל מען הערן — נאָר מ׳איז טויב צו אַ קרעכץ . . .

■ אַלע טאָג באַגריסט מען זיך מיט אַ גוט־מאָרגן און אַ גוט יאָר, און אַזוי פּטר׳ט מען יאָר נאָך יאָר . . .

■ דער בעסטער וועג אָפּצוהיטן זיך די יאָרן — איז צו האַלטן די אַלטע קאַלענדאַרן . . .

■ דער רייכער אָן אַ מחזור און קיטל, קריגט אין הויז אַ „גוטן קוויטל" . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דאָס איז אַ פּערל וואָס האַלט זיך יונג, זיי מוזן זיך קירצן די יאָרן איינע די אַנדערע . . .

■ ער לעבט ווי דער קאַלענדאַר — ער האָט אויסגעריסענע טעג און יאָרן . . .

■ אַ קראַנקער היט אָפּ די שעה'ן, אַ „וואָכערניק" — די וואָך. און דער רענט־לאָרד — דעם חודש . . .

■ צו נײַ־יאָר ווינטשן זיך אַלע איינע די אַנדערע אַ „גוט־יאָר", כאָטש בײַ אַ סך פעלט עסן גלייך פֿאַרן ערשטן טאָג פֿון נײַ־יאָר . . .

■ דאָס אַלטע יאָר האָט זיך אָפּגעטראָגן אין דער אייביקייט, נאָר — זײַן פּעקל צרות איז אונדז געבליבן צו טראָגן . . .

■ אָפּגעלעבט אַ לעבן ווי דער קאַלענדאַר — ביזן לעצטן בלעטל . . .

■ ווי גיך ס'קומט אָן אַ נײַ־יאָר, דער וועטער ווערט קעלטער. דאָס לעצטע בלעטל אויפֿן לוח זאָגט אָן: אַ יאָר ביסטו עלטער . . .

■ יעדער קבצן קאָן געבן גוטע וואונטשן. ער ווינטשט אַ גוט י אָ ר, כאָטש ער האָט ניט מיט וואָס אַ ט אָ ג דורכצולעבן . . .

■ בני אָדם יושבי חושך — עפֿנט אויף אײַערע אויגן. די וועלט איז אַ שיינע — נאָר מיט אַ רויך־פֿאָרהאַנג פֿאַרצויגן . . .

■ ער געהערט צו יענעם געזינדל, וואָס איז אַליין זינדיק — און זוכט אַ כּפּרה־הינדל . . .

■ ער האָט ליב זיך אײַנצוהאַנדלען מפטיר, כאָטש ער וואַרגט זיך מיט די ברכות און באַצאָלט אַ קדחת . .

■ פֿאַר ימים־נוראים וויל ער זיך ריינוואַשן פֿון זינד, נאָר אַ גאַנץ יאָר אָפּ־וואַשן ריין די הענט טראַכט ער ניט . . .

■ דער רײַכער קאָן אַלץ באַווייזן: קומט איין טאָג אַ יאָר אין שול און „בעט זיך אויס" צו לעבן אַ „גוטן טאָג" — אַ גאַנץ יאָר . . .

■ ער האַלט דאָס געלט אין באַנק און שאָקלט ליידיקע קעשענעס צו תשליך . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# ס׳איז אים ווײ און ווינד—ער האָט ניט קײן זינד...

זײ מיר מוחל, גאָטעניו, ווי אַ מאַמע פאַרגיט איר קינד,
איך קום אויסוויינען מיין האַרץ, וואָס איז ריין פון זינד.
פּאַרנומען בין איך שטענדיק, ווײס ניט פון טאָג, פון וואָך,
ווי דער שקלאַף אין די קייטן, ווי אַ פערד אין דעם יאָך.

נאָך אַ טאָג שווערער פּראַצע, ווען איך גיי אַרוים פון שפּאָן,
מוז איך אין הויז העלפן, איך בין אַ טאַטע, אַ מאַן.
קיין ראַדיאָ הער איך ניט, טעלעוויזיע זע איך ניט אָן,
כאַפּ אָפּ דאָס עסן, און איך האָב שוין וואָס צו טאָן.

איך שיכור ניט און שפּיל ניט, פאַר דער צייט געוואָרן גרוי —
מוזט זיך, גאָטעניו, וואונדערן — ווי לעבט אַ מענטש אַזוי?
טאָ זײ מיר מוחל, גאָטעניו, ווײ איז מיר און ווינד
אַ לעבן האָב איך אָפּגעלעבט — און ווײס ניט וואָס הייסט זינד . . .

נאָר איך בין, גאָטעניו, זיך מודה, כ׳האָב אַ ליגן געזאָגט,
ווען איך האָב פּאַראַיאָרן זיך אַליין אָנגעקלאָגט.
געשלאָגן זיך אין האַרצן פאַר זינד, שוחד און זנות,
ווען אין זינדיקע פּלעצער ניט געווען איז מיין פוס . . .

———————————————

אַזוי וויינט זיך אוים אַ ייד אין שול, שלאָגט זיך „על־חטא״,
פאַלט צו כורעים מיט כוונה, סליחה און מחילה בעט:
דו ביסט, גאָט, מיין פּאַסטוך, און איך בין דיין שאָף
הייסט מיר דערקלערן זיך „שולדיק״ — נעם איך אָן די שטראָף! . . .

■ דער אַלטער יאָר גייט־אַוועק מיטן שטעקל, און לאָזט צום נייעם יאָר דאָס פּעקל . . .

■ ער קוקט אוים ווי ערב יום־כפור דער האָז — און קאָן אַפילו ניט אַ קריי טאָן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ווען דער עקספּלואַטאַטאָר וואָלט זיך געקלאַפּט על חטא וואָלט זיין האַרץ געפּלאַצט, קלאַפּט ער אין האַרצן ביי זיינע שקלאַפּן . . .

■ די אמתע מלקות קריגן אָפּט די — וואָס זיינען גראָדע אומשולדיק . . .

■ אַ בעל־תוקע בלאָזט שופר אין די ימים־נוראים; דער אַלראַיטניק בלאָזט זיך אַ גאַנץ יאָר . . .

■ אומעטום שטופּט ער זיך, ווי דער שטן מקטרג אין שופר . . .

■ אַ כּל־בו'ניק איז ער — נאָר וואָס עס טוט זיך אין „מחזור כּל־בו" — הויבט ער ניט אָן צו וויסן . . .

■ דער אַלטער יאָר פון לוח איז אַראָפּ — נאָר געלאָזן די אַלטע חובות אויפן קאָפּ . . .

■ ער ווייסט ניט דעם באַדייט פון שופר־בלאָזן, אָבער אויף אָנפּייפן איז ער אַ קענער . . .

■ ער האָט ליב דאָס „פאַרפאַסטן", אָבער פאַסטן לאָזט ער איבער צו אַנדערע . . .

■ קיין חזן איז ער ניט — אָבער וואָס ער טוט, טויג אויף קלאָגן . . .

■ ער דרייט זיך אַ קאָפּ, ווי דער האָן פאַר כּפּרות . . .

■ אין זיינע געשעפטן שלאָגט ער זיך דורך מיטן קולאַק און עלנבויגן און פאַר זיינע זינד — שלאָגט ער זיך מיטן שפּיץ פינגער . . .

■ דאָס וואָס גאָט שרייבט אים אָן ראש השנה איז ניט שלעכט, נאָר ער מאַכט אוים בעסער וואָס ער שרייבט זיך צו אַליין . . .

■ אַ פּאָליטישן פאַר ראש השנה, שטעלט זיך גאָר פיין אַרוים. נאָר קומט צו כּל נדרי — דרייט ער פון אַלץ זיך אַרוים . . .

■ דער אָרעמאַן בעט ביי גאָט מיט אַ מחזור און היטל, ווען דער רייכער אין באַנק שרייבט זיך אַליין אָן אַ „קוויטל" . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאַרטן

■ מי במים ומי באש — איינער האָלט וואַסערדיקע רעדעס, און איינער — שלינגט פייער . . .

■ המלך היושב על כסא — דער אייניציקער מלך וואָס לעבט נאָך דערוויילע רואיק איז אין מחזור . . .

■ איינער שאָקלט צו תשליך די ליידיקע קעשענעס, און אַ צווייטער שאָקלט — מיטן דאָלאַר . . .

■ יידן האָבן מער יאָרן ווי אַלע אַנדערע פעלקער. אַלע פעלקער האָבן אַ נייר יאָר אַלע צוועלף חדשים, אָבער יידן האָבן אַ ניי־יאָר אַלע זעקס חדשים . . .

■ פאַר די וואָלן האַלטן זיך אַלע פּאָליטישנס פרום ווי פאַר ראש השנה, נאָך די וואָלן זינגען זיי אָפּ כל נדרי . . .

■ דער באַלעבאָס זינדיקט און די „העגט" האַרפן זיך נאָך שלאָגן על־חטא . . .

■ ער איז אַ בעל־עביר'ניק, וואָס האָלט ניט פון חשבון־הנפש, ווייל — ער זינדיקט אָן אַ חשבון . . .

■ ווער עס שלאָגט זיך מיט דער דעה, צי זאָל ער זינדיקן, און ווער עס זינדיקט און שלאָגט זיך על־חטא . . .

■ אַ גאַנץ יאָר ווינקט ער מיט די אויגן ; ראש השנה — גלאָצט ער מיט די אויגן . . .

■ המלך יושב על כסא — און שיקט די סאָלדאַטן למיתה . . .

■ ראש־השנה זיינען אַלע גוטהאַרציק. מ'ווינטשט יענעם אַ גוט יאָר, כאָטש פאַר זיך האָט מען ניט אַ חיי־שעה . . .

■ דאָס אַלטע יאָר אַנטלויפט גיך, און וואַרפט אונדז צו דאָס פעקל צרות . . .

■ דער וואָס האָט אַ פאַרשטיינערט האַרץ, וועט מיט קלאַפּן זיך על־חטא דאָס ניט ווייכער מאַכן . . .

■ גאָטעניו, זיי מיר מוחל, ווי אַ גוטער דינער איך בעט. כ'האָב אַזוי ווייניק געזינדיקט — נישטאָ פאַרוואָס זיך שלאָגן על־חטא . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# אַ נייע „האַבי״ — איינער וויל וויסן, דער צווייטער עולם־הבא...

משה און חיים, נאָך חברים פון חדר,
האָבן צוזאַמען געאַרבעט אַלע יאָרן כסדר.
געוואוינט אין איין געגנט, צוזאַמען געפּאָרן,
און אַט־אַזוי פאַרפאָרן שוין זיבעציק יאָרן.

האָבן ביידע באַשלאָסן די אַרבעט אויפגעבן,
און אָנהויבן ביידע אויף „פּענסיע״ צו לעבן.
אַזוי האָבן משה און חיים ביידע „ריטעאַיערט״,
און זייער ביידנס יום־טוב צוזאַמען געפייערט.

ביי טישן געדעקטע האָט מען געטרונקען לחיים,
און געוואונטשן זיי גליק אין אַ לעבן אַ נייעם.
איצט האָט משה געפונען אַ גאַנץ אַנדער חדר,
זיצט טאָג און נאַכט און זאָגט תהלים כסדר.

און חיים לייענט ביכער, וויל וואָס מער וויסן,
פון קונסט און פון שיינקייט וויל ער געניסן.
אַט אַזוי האָבן ביידע זיך געשאַפן אַ „האַבי״,
חיים — זוכט לעבן, און משה — עולם־הבא...

■ זאָגט אַ ייד מיט גרויס געוויין אין שול: „הנני העני מ׳מיש־מאַש״.

אַ צווייטער ייד ציט זיין אויפמערקזאַמקייט: רב ייד, איר מאַכט אַ טעות. עס שטייט אין מחזור ממעש, טאַ מאַכט ניט קיין מיש־מאַש.

טענה׳ט דער ערשטער: איר זאָגט אַז מיש־מאַש איז ניט ריכטיק. איך בין דאָך געווען דער קרבן פון דעם מיש־מאַש אויף וואָל־סטריט, אַזוי אַז דער הנני העני איז מיר אַריין אין דיביינער און אין קעשענע...

■ רעדט פון חשבון־הנפש — נאָר דאָס איז אַזאַ נפש וואָס לעבט אָן אַ חשבון...

# סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ בײַ אים איז ניט קיין פּראָבלעם מיט וואָס צו שלאָגן כּפּרות — אַלץ וואָס ער טוט — טויג אויף כּפּרות . . .

■ אָרעמע מענטשן האַלטן אין איין בעטן גאָט, ער זאָל זיי עפּעס געבן, נאָר זיי בעטן אַזוי לאַנג ביז זיי פֿאַרלירן דאָס שטיקל לעבן . . .

■ דער טויטער מאַכט אַליין ניט קיין „לעבן", בעט מען אים נאָך ער זאָל העלפֿן די לעבעדיקע . . .

■ „געבעט־הײַזער" האָבן מיר אַן אַ שיעור — נאָר די „הילף־הײַזער" האַלטן פֿאַרמאַכט טויער און טיר . . .

■ ער בלאָזט זיך טאַקע ווי אַ אינדיק — נאָר ער טויג אויף כּפּרות . . .

■ ער איז אַ חזן מיט אַנשטעל, אין אַ ייִדן יאַרמעלקע אַ שיינע, נאָר קריײַעט ווי אַ האָן — פֿון מה־טובו ביז עלינו . . .

■ מיטן גיין אין שול קאָן מען זיך ניט אָפּגעבן קיין חשבון־הנפש — ווען מ'זינדיקט אָן אַ חשבון . . .

■ עס קאָן ניט דינען פֿאַר אַ מלבוש — אַ קיטל, און פֿאַר אײַנקויפֿן אין קראָם — אַ „גוטן קוויטל" . . .

■ גראָד די וואָס שלאָגן זיך על חטא, איז נאָך ניט קיין באַווײַז אַז זיי זײַנען טאַקע זינדיק. ווײַל די אמת'ע זינדיקע שלאָגן ניט זיך, נאָר יענעם . . .

■ מ'זאָגט אַ ווערטל: ווי מ'בעט זיך אויס אַזוי שלאָפֿט מען. הײַנטיקע צײַטן זאָגט מען: ווי מ'קעמפֿט זיך אויס, אַזוי לעבט מען . . .

■ פֿריִער זינדיקט ער, דערנאָך שלאָגט ער זיך „על־חטא" פֿאַרוואָס ער האָט געזינדיקט. אים פֿאַלט אָבער ניט איין זיך צו שלאָגן מיט דער דעה איידער ער האָט געזינדיקט . . .

■ די גרעסטע חזנים קאָנען ניט מיט זייערע שטימען פֿאַרשרייען די עוולה'ס און אויסשרייען די בקשות וואָס די פֿאָלקס־מאַסן האָבן צו די פֿאַלשע דער־לייזער . . .

■ אַ גאַנץ יאָר לעבט ער אויפֿן וואונק פֿון גנבה'שן אויג, נאָר ראש־השנה גלאָצט ער די אויגן צום הימל . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ איר מעגט זיך היטן כּשרות, איר מעגט אויך עסן ראַקעס, איר מעגט זיין פרומע, פרייע, נאָר ניט קיין פרום־מכות . . .

■ יום־כּפּור גרימירט ער זיך פאַר אַ פרומען, מיט אַ מיצל און אַ קיטל, און וויל פאַר זיין „שפּילן" קריגן אַ גוט־קוויטל . . .

■ אַ גאַנץ יאָר גייט ער זאָגן „תהילים" אין אַ קאַבאַרעט, נאָר איין מאָל אַ יאָר קומט ער זיך שלאָגן על־חטא . . .

■ ביי גאָט בעט ער — און צום דאָקטאָר גייט ער . . .

■ אַלע פעלקער „גייען אויס" ליגנדיק, אָבער אַ ייד „גייט אויס" שטייענדיק — שמונה עשרה . . .

■ ער איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַפילו אין פלאָרידע אָדער קאַליפאָרניע און רעדט נאָר וועגן די מעלות אויף „יענער וועלט" . . .

■ האָט ניט קיין סמיכה אויף שחיטה — און קוילעט עברי . . .

■ בעט אַ „גוט קוויטל" און טראַכט פון אַ באָזע. אַ גיהנום פאַר יענעם: פאַר זיך — עולם הזה . . .

■ ער זינדיקט אויף אַלע אברים און שלאָגט זיך אין — בוזים קעשענע . . .

■ ווען דער האָן איז געפּענטעט, וועט אים שוין דאָס שרייען ניט באַפרייען . . .

■ מיט שאָקלען די קעשענעס צו תשליך איז ווי מיטן איינקויפט־שטייער — מ'ווייזט אַ פּוסטע קעשענע . . .

■ אַ גאַנץ יאָר האָט ער געזינדיקט אויף וואָס די וועלט שטייט — ערב יום־כּפּור זאָגט ער „זה חליפתי" און פאַרדרייט דעם האָן דעם קאָפּ . . .

■ ניט גענוג וואָס אַ גאַנץ יאָר ליידט ער פון דעם „הנני העני", דאַרף ער נאָך קומען אין שול און דאָס אויסוויינען פאַר פרעמדע מענטשן . . .

■ ער קאָן אַ גאַנץ יאָר פייפן און בלאָזן אויף היים און אויף קאַלט, נאָר קיין בעל תקיעה קאָן ער ניט זיין . . .

■ דער „המלך" פון מחזור באַלאַנגט ניט צו דער יו־עז, און דער „פענטאַגאָן" קאָן ניט מאַכן קיין אינוואַזיע אין מחזור . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ צום פאַרפאַסטן איז ער שטענדיק אין צייט, נאָר אין שול קומט ער צו „נעילה" . . .

■ די דאָלאַרן לייגט ער אין באַנק, נאָר דאָס קליין־געלט וואַרפט ער ערב יום־כפּור אין קערה (שיסל) . . .

■ דער פרומער וואָס זינדיקט ניט, קלאַפּט זיך אין האַרצן און וויינט — על חטא שחטאתי, און דער וואָס זינדיקט — קומט אָפּ מיט אַ געלט־שטראָף, וואָס ער האָט באַצאָלט פאַר זינדיקן . . .

■ זייער פריינטשאַפט וועט זיך אַזוי לאַנג האַלטן ווי סוכות — אַ וואָך מיט אַ מיטוואָך . . .

■ די הושענא איז ווי אַ „האַנט" אין פאַבריק: ווען מ'דאַרף זי, האַלט מען זי מיט ביידע הענט. ענדיקט זיך דער סעזאָן, ווערט דאָס — אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא . . .

■ ער פילט זיך גליקלעך וואָס פון אַלע זינד וואָס ווערן דערמאָנט אין מחזור, ווערן זיינע זינד ניט דערמאָנט . . .

■ דער שענסטער אתרוג האָט אַ זויער פּנים . . .

■ „זיי אַ מענטש, ועסטו עסן אין סוכה" — נאָר קעמף ווי אַ מענטש וועסטו ניט דאַרפן וואוינען אין אַ סוכה . . .

■ קאָנסט אים פאַרקויפן אַ הושענא — אויף שלאָגן כפּרות . . .

■ אַז איך זע דעם לולב, טראַכט איך פון אושפּיזן . . .

■ דער גרויסער טאַטע, מיט דער קליינער מאַמען, האָבן ווי לולב און אתרוג זיך פאַראייניקט צוזאַמען . . .

■ סוכות איז אַ שיינער יום־טוב מיט דעם, וואָס ער ווערט פאַרטיק אין אַ וואָך — ווייל אַ גאַנצן חודש וואָלט די סוכה ניט אויסגעהאַלטן . . .

■ אַ סך לענדער זיינען היינטיקע צייטן ווי סוכות — ביי דעם מינדסטן טרייסל פאַלן זיי איין . . .

■ ער האָט פיינט דאָס גלעזל. אַ סימן: ער הויבט אָן מיטן גלעזל און ענדיקט מיטן פלעשל . . .

מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## וואָס זיינען קינדער שולדיק?

דוד׳ל שטייט ביים פאָרהאַנג פון פענצטער,
קוקט אָן מיט שרעק, בלאַס און פאַרוואונדערט,
פונוואַנען קומען די ווינטן, די שנייען, די שטורעמס
און ווער דאָרט אין הימל שיסט, ווען עס דונערט?

די מאַמע גלעט דוד׳לען, פּרוּווט איינצושטילן.
גאָט איז אין כעס, ער וויל די זינדיקע שטראָפן,
שטורעמט ער מיט ווינטן, ברענגט זאַווערוכעס,
זיי זאָלן ניט קאָנען רואיק לעבן און שלאָפן.

פאַרטראַכט זיך שטאַרק דוד׳ל: — אַזוי האַנדלט גאָט?
דאָס זעט אויס גאָר מאָדנע, אַ וואונדער,
אויב גאָט וויל שטראָפן זינדיקע מענטשן,
טאָ פאַרוואָס דאַרף ער שרעקן אונדז, קינדער?

■ עסן אין אַ סוכה איז גאָרניט אַזאַ אַפּקומעניש, ווען מ׳האָט דערביי אַ פיין מעבלירטע היים — פאַר אַ רעגנדיקן טאָג . . .

■ ווער עס בויט אַ סוכה פאַר אַ וואָך און ווער עס האַלט אויף „סלאַמס״, „סוכה־ביידלעך״ צו פאַרדינגען פאַר אַ גאַנץ יאָר . . .

■ ער מאַכט ניט קיין צימעס פון דער סוכה, נאָר צוליב דער סוכה מאַכט אים די ווייב אַ צימעס . . .

■ אַן אָרעמאַנס אַ סוכה האָט ניט קיין פענצטער, ווייל ס׳איז גלייכער דער שכן זאָל ניט זען וואָס עס טוט זיך נ י ט אין שיסל . . .

■ אין די יום־טוב טעג איז ער אַלץ בודק (בוידעק), קוקט אַלעמען אין די ציין, און אַ גאַנץ יאָר איז ער אַליין — אַ טריפענער ביין . . .

■ אַ גאַנץ יאָר זוכט ער נאָר צו מאַכן די מאה, נאָר יום־כפור וויל ער אונטער־קויפן גאָט מיט אַ מטבעה . . .

■ אין דעם איינעם טאָג יום־כפור רעדט ער צו גאָט אַזויפיל, אַז גאָט אַליין ווייסט ניט וואָס ער וויל . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# איין מוח — איין כוח!

איך פאַרזוך וויין מיט די ליפּן, ליבשאַפט דערפיל איך מיט האַרץ.
קאָלירן כאַפּט דאָס אויג אויף — צי זיי זיינען רויט, צי שוואַרץ.

די הענט מיינע דינען מיר, לויט דעם מוח׳ס פאַרלאַנג,
אויך די פיס פאָלגן־אויס — פירן־דורך יעדן גאַנג.

קומט צום עסן, עס איך — לויטן פאַרלאַנג פון אַפּעטיט.
דער געשמאַק זאָגט מיר אונטער, וואָס ס׳איז גוט און וואָס ניט.

נאָר אין קאַמף קעגן שונא איז פאַראייניקט יעדער גליד —
אַלע צוזאַמען איין כוח — זינגען פאַר פרייהייט דאָס ליד! . . .

# ווען גאָט וואָלט באַשאַפן? . . .

ווען גאָט אַליין וואָלט באַשאַפן די וועלט,
וואָלט ער מיטן קאָפּ אַראָפּ זי ניט געשטעלט.
ער וואָלט פונעם לעבן ניט געמאַכט קיין קאַטאָוועס,
און ניט געגעבן די מאַכט צום מלאך־המות.

ווען גאָט, ווי אַ טאַטע, וואָלט אַלץ באַשאַפן,
וואָלט ער ניט געמאַכט מענטשן פאַר שקלאַפן,
ווי אַ באַלעבאָס, וואָס האָט נאָר אינזינען
צו האָבן אונטערטעניקע, וואָס זאָלן אים דינען?

און ווי פּאַסט פאַר אַ טאַטן פאַרכאַפּן דעם אויבן,
און צווינגען די שקלאַפן אים זינגען און לויבן,
אויסמישן מענטשן מיט בהמות און פערד,
זיך נעמען די הימלען — און אונדז לייגן אין דר׳ערד? . . .

■ דער אָרעמאַן איז אַ שטענדיקער לולב: ווער עס וויל שאָקלט אים . . .

■ אויף זיין וואָרט קאָן מען גאָר ניט בויען, אַפילו קיין סוכה ניט פאַר אַ וואָך.

■ יום־טוב קומט ער אומעטום צו גאַסט, ווינטשט אַלעמען אַ ג ו ט י אָ ר און ער — ער לעבט דערוויילן אַ ט אָ ג . . .

■ די סוכה איז אָן פענצטער, שיינט די זון פון דאַך. די שיסל איז אָן לאָקשן — האָט זי „נאַדלען" פון סכך . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דער וואָס הויבט ניט אָן מיט ב ר א ש י ת, קאָן ניט פאַרענדיקן מיט ס י ו ם ־ ה ת ו ר ה . . .

■ ע ר איז נעבעך געל געוואָרן ווי אַ פּאַראַיאַריקער לולב . . .

■ אַ גאַנץ יאָר זיצט ער אויף שפּילקעס; סוכות — אויף נאָדלען . . .

■ די שמחת־תורה׳דיקע כל־הנערים זיינען ווייט ניט קיין „ביטניקס" . . .

■ דער שקלאַף איז שטענדיק ווי אַ לולב — מ׳שאָקלט אים אוים אויף אַלע זייטן . . .

■ דער רייכער קויפט „שלישי" — נאָר דער וואָס איז אָרעם, פילט זיך גליק־לעך צו זיין מיט „כל־הנערים" . . .

■ ער פאַרשטייט זיך ניט אויפן פּסוק אין דער תורה, אָבער אַ מבין אויף דער משקה־סחורה . . .

■ אַ גאַנץ יאָר דרייט ער זיך צו מאַכן אַ לעבן — שמחת תורה דרייט ער זיך, צו מאַכן אַ לחיים . . .

■ טרינקט און עסט געשמאַק, נאָר אַז עס קומט צו חזק (כאַזאַק) — דרייט ער די צונג אין באַק . . .

■ שמחת תורה איז ער אַזוי בגילופין אַז ער קושט דאָס פלעשל אַנשטאָט די תורה . . .

■ שרייט חזק, חזק אויף די העכסטע טענער, נאָר מיט בראשית — הויב ער זיך ניט אָן . . .

■ פון לערנען ווייסט ער ניט, נאָר שמחת תורה, מיינט ער, ס׳איז אַ יובילֵיי פון אַ שנאַפּס קאָמפּאַני . . .

■ וואָס עס בלייבט פון ימים־נוראים און די סוכות־טעג: אַן אויסגעבלאָזענער שופר, אַ סך נדרים — וואָס וואַרטן אויף אַ נייעם „כל־נדרי", אַ פלעקל פון סוכה, אַן „אָפּגעשלאָגענע הושענא" און אַ אתרוג אָן פּטום . . .

■ פאַרן גלעזל משקה, שמחת תורה, זינגט ער גאָט אַ מה־יפית, נאָר מיט פאַרשיכורטע רגלים — קאָן מען ניט טאַנצן צו הקפות . . .

ס ע ם  ל י פ צ י ן  /  מ י י ן  ג אַ ר ט ן

# נישקשה פון אַ דרשה...

— רב לייב, דאָס הויז ברענט! — שרייען די שכנים,
נאָר רב לייב, אַ פאַרטיפטער, מורמלט: „נישקשה, נישקשה,
מיר האָבן אַ גאָט, וואָס וועט אונדז באַשיצן!" —
און ער זיצט ווייטער, חזר'ט איבער זיין דרשה...

— לייב, דער דאַך ברענט! — שרייט די פרוי מיט קולות,
— ראַטעווע זאַכן און נעם מיט די קינדער!
„מיר האָבן אַ גאָט, — זאָגט לייב, — ער וועט היטן —
אין דער לעצטער מינוט וועט ער ווייזן אַ וואונדער"...

— לייבל גזלן! — שרייט דאָס ווייב שוין פאַרצווייפלט,
— ראַטעווע זיך גיכער, שפּרינג אַראָפּ פון וועראַנדע;
ניט פאַרלאָז זיך אויף ניסים, גולם דו גרויסער —
גאָט באַלאַנגט ניט צו דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע...

■ דער אַרעמאַן האָט שוין אַזאַ מזל: צו דער תורה, ווי צו סחורה, מוז ער שטיין מיט כל־הנערים דער לעצטער...

■ אַ ניי יאָר, אַ נייער לוח, אַ ניי בלעטל און ווידער — אַ ניי חטא'ל...

■ דער רייכער האַנדלט איין אַ טייערן מפטיר, נאָר קומט צו באַצאָלן — באַצאָלט ער איבעראַיאָר מיט אַ כל־נדרי און — דרייט זיך אויס...

■ פאַר די וואָלן קוקט מען אויפן בירגער ווי הושענא רבה אויף הושענות. אויף מאָרגן נאָך די וואָלן — ווי אויף אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא...

■ ביי גאָט זיך דערשלאָגן צו קריגן אַ „קוויטל" איז אַ שווערער ענין, אָבער אַ קוויטל פאַר שטייערן און פאַר העכערן דירה־געלט — קריגט מען ניט געבעטענערהייט...

■ אָפּגעזאָגט כל־נדרי און — ער  ד ר י י ט  שוין ווידער דעם דאַשעק...

וויל", אַ סלאָם־וואוינונג — אַכט טעג אַ סוכה, און אַז מ'וויל איז דאָס אַ גאַנץ יאָר זיין היים...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער איז אַ חסיד פון גאָט. ביז משוגעת איז ער פרום. ער זאָרגט שטענדיק פאַר גאָט — נאָר ווער זאָרגט פאַר אים?

■ די הון איז אַוועק אַ כפרה און די צרה — איז געבליבן אַ צרה . . .

■ לאָז זיך ניט שלאָגן פון די שונאים דיינע. קעמף ווי אַ מענטש — ניט זיי קיין הושענא . . .

■ אַ באַלעבאָס קוקט אויף זיין אַרבעטער ווי אַ ייד אויפן לולב: ער איז גרין און אויסגעדאַרט, איז גוט אים צו שאָקלען . . .

■ ער איז אַזוי באַרעכטיקט אַז מ׳זאָל אים בענטשן — ווי אַ אתרוג אָן אַ פּיטם . . .

■ צוויי טעג אַ יאָר גייט דער רייכער אין שול. אַ גאַנץ יאָר — איז ער אין אַלע נאַכט־קלובן פול . . .

■ דער אָרעמאַן קריגט אַלע מאָל מלקות גראָד דערפאַר, ווייל ער זינדיקט ני ט . . .

■ דער בעל־תוקע בלאָזט אין די יום־טוב טעג בשעת דער ב ע ל ־ ת ק י ף בלאָזט זיך אַ גאַנץ יאָר . . .

■ אַ גאַנץ יאָר זאָגט ער „תהילים" מיט די קאָרטיאָזשניקעס, שמחת תורה קומט ער אין שול זיין בגילופנ׳דיק . . .

■ אַ לוח, אַ קאַלענדאַר, גיבן די געשעפטסלייט בחינם. דאָך ווען מ׳רייסט אָפּ אַ בלעטל, רייסט זיך אָפּ אַ שטיק לעבן . . .

■ „תורה איז די בעסטע סחורה", פאַר אַלע יידן גלייך. נאָר דער ל ע ר נ ע ר איז אָרעם — דער ה ע נ ד ל ע ר איז רייך . . .

■ פאַראַן מענטשן וואָס ניט נאָר וואַשן זיי זיך ניט ריין פון זייערע זינד, נאָר — וואַשן זיך ניט אַפילו ריין פון זייער בלאָטע . . .

■ ער איז פון די חזנים וואָס האָט ליב די אכילה — פאַר דער תפילה . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# חנוכה

■ אָרעם און רייך האָבן לאַטקעס כסדר. ביים רייכן — אויפֿן טעלער; ביים אָרעמאַן — אויף די קליידער . . .

■ ער האַלט אים פּאַר אַ שמש חנוכה־ליכטל — צו אונטערצינדן אַנדערע ליכטלעך . . .

■ ווען עס קומט צו עסן לאַטקעס ציילט ער: ניט איינס, ניט צוויי, א.אז.וו., נאָר ווען עס קומט צו טרינקען — פֿאַרגעסט ער דעם חשבון . . .

■ ביים אָרעמאַן איז אַלע טאָג חנוכה — ער לעבט אויף נסים . . .

■ ער ווייסט ניט וואָס באַדייט חנוכה, און וואָס איז באַשטאַנען דער נס — אָבער „דריידלעך" שפּילט ער אַ גאַנץ יאָר . . .

■ הנוכה פֿרעגלען זיך לאַטקעס אין אויל, ברענען חנוכה־פֿלעמלעך פֿון אויל, נאָר אין אַ מלחמה — ברענט די וועלט אין אויל און די אימפּעריאַלסטן — פֿרעגלען זיך פֿון נחת . . .

■ לויט זיין קאָרטן־שפּילן, האַלט ער פֿון חנוכה אַלע טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר . . .

■ ער דאַוונט ניט אין קיין צוויי פּאָר תפֿילין, בענטשט ניט מיט קיין מזומן, נאָר חנוכה עסט ער לאַטקעס פֿאַר אַ מנין . . .

■ איך שפּיל ניט מיט דיר קיין חנוכה־דריידל, און פֿאַרדריי מיר ניט קיין קאָפּ מיט דיינע „דריידלעך" . . .

ער האַלט פֿון חנוכה יום־טוב — האָט צו עסן אַ גוטן וועלער.
איידער איין לאַטקע אויף די הויזן, בעסער צען לאַטקעס אויפֿן טעלער...

■ צינדן חנוכה־ליכטלעך איז פֿאַר קינדער אַ פֿיינער שפּיל, נאָר ביי די אימפּעריאַליסטן איז אָנצינדן אַ מלחמה — אויך אַ קינדער־שפּיל . . .

■ פּ אָ ר חנוכה שטאָפּט מען די גענדזלעך, כדי צו האָבן חנוכה מיט וואָס זיך צו שטאָפּן . . .

■ ביי וועמען ס'איז חנוכה אַכט טעג אין יאָר צו דערציילן נסים; דער אָרעמאַן האָט צו דערציילן אַלע טאָג פֿון אַ נס — ווי ער לעבט . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער מאַכט אַז אָנשטעל, ווי ער וואָלט געווען דער ש מ ש ביי די חנוכה־ליכטלעך . . .

■ ביי קינדער שפּילן אין דריידלעך איז אַ חנוכה־שפּיל און ביי אים „דרייד־לעך" איז אַ געשעפט . . .

■ דער נס־חנוכה באַשטייט אין דעם וואָס אַ קליין ביסל אויל האָט געברענט אַכט טאָג צייט. היינטיקע צייטן איז אַ נס, וואָס צוליב דעם ביסל אויל ווערט די וועלט ניט פאַרברענט . . .

■ ער איז פון די מענטשן וואָס האַלטן פון חנוכה אַלע טעג פון יאָר: האָט ליב צו שפּילן קאָרטן, שלינגען לאַטקעס און דרייען אַ קאַפּטור . . .

איינער לייגט לאַטקעס אויף הויזן, איינער לייגט לאַטקעס אויף שיך.
נאָר לייגט איר לאַטקעס אויף טעלער, האָט איַנזיינען אויך מיך . . .

■ ביי איינעם איז חנוכה אַכט טעג און ביי אַ צווייטן שפּילט מען אין „דרייד־לעך" אַ גאַנץ יאָר . . .

■ אַז אַקטיאָר האָט פון אַ „בולבע" צרות; אַ באַלעבאָסטע האָט פון בולבעס— לאַטקעס . . .

■ ער ווייסט ניט ווען איז חנוכה, ער דערשמעקט עס אָבער פון די לאַטקעס און גריוון . . .

■ ביי אים איז דער טייטש נס־חנוכה, אַז ער שפּילט אַ גאַנצע נאַכט אין קאָרטן און פאַרלירט ניט די שלייקעס . . .

■ דערצייל ניט קיין „חנוכה־ניסים", ווען מ'קאָן שוין דיינע „דריידלעך" . . .

■ אַ גאַנץ יאָר שטייט דער שמש היִנטערן באַלעמער, נאָר חנוכה ווערט ער דערהויבן — אין דער מנורה . . .

■ אַ נס איז טאָקע זייער פיין, נאָר מייִנע שונאים זאָלן לעבן מיט ניסים . . .

ווען מ'דערציילט אייך פון נסים, נעמט דאָס מיט אַ ביסל זאַלץ.
ווען מ'קאָרמעט די גענדזלעך איז מען אויסן זייער שמאַלץ . . .

■ די וועלכע פאַרנעמען זיך אַ גאַנץ יאָר צו שפּילן אין „דריידלעך", קאָנען בלויז דורך אַ נס געווינען . . .

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ ער ברענט אַ װעלט, װי ער װאָלט געװען דער שמש אין חנוכה־לאָמפּ . . .

■ איך בין ניט אַזױ שטאַרק איבערצײַגט אין די אַמאָליקע נסים; נאָר װי אַזױ איך דרײ זיך דורך מיט מײַנע שכירות — איז אַ נס . . .

■ חנוכה איז אַכט טעג, נאָר ער ״דרײדלט״ אַ גאַנץ יאָר, שפּילט אין קאָרטן טאָג־און־נאַכט און אַ שטיקל גענדזנס װעט ער ניט צוריקװײַזן אפילו אין אַ תענית . . .

■ מ׳קאָן ניט מאַכן אַ פאַרמעגן פון האַנדלען מיט יושר, װי מ׳קאָן ניט פון חנוכה־געלט װערן אַן עושר . . .

■ ניט ער װײסט װיפל ליכטלעך מ׳צינדט־אָן און ניט ער צײלט װיפל לאַטקעס ער שלינגט־אײַן . . .

■ די גאַנדז גרױסט זיך קעגן דער הון: דיך דאַרף מען אױף אַ כפּרה ערב יום־כּיפּור . . . אָבער מיט מיר יום־טוב׳ט מען אַכט טעג חנוכה . . .

## פּורימדיקס

די המנ׳ס האָבן שטענדיק אָנגעפּילטע המן־טאַשן,
װען די אָרעמע שרײַען ברױט — הײסט מען זײ ״לעקער״ נאַשן . . .

■ די המנ׳ס פאַרלאָזן זיך ניט אױף פּורים־ביקסלעך — זײ האָבן ליב צו געניסן און שיסן . . .

שטײען שטענדיק מיט די שנאָבלען, גרײט צו פּיקן װי װאָראָנעס.
מיט גוטן, צי מיט בײזן — זײ נעמען זיך — שלח־מנות . . .

די שטאָט־טאַטעס זאָגן־צו געבן די אַרבעטער שלח־מנות.
נאָר אײן טאָג איז פּורים — אַ גאַנץ יאָר — אסתר־תענית . . .

■ האָט אַ צונג אַ קאַלעקאַטקע — און קלאַפּט שטענדיק אַ פּליאַטקע . . .
װער ס׳האָט פּורים צו פרעסן און נאַשן,
נאָר דעם אָרעמאַן גיט מען אַן־מאַן־טאַשן . . .

■ ער האָט אחשורוש׳ס חכמה, דלפנ׳ס פאַרמעגן און ויזתא׳ס אָנזען . . .

■ אַזױפיל יאָרן פון מגילת־אסתר, שױן פאַרלאָפן אַזױפיל שטראָמען, נאָר װער עס דאַרף דעם גנב, נעמט אים פון תליה אַראָפּ דעם המן . . .

הײַנט איז פּורים, מאָרגן איז אױס,
נאָר אײדער מ׳קוקט זיך אום — אַ נײַער המן װאַקסט אַרױס . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ די גראַגערס און פּורים־ביקסלעך זיינען פּיינע כלי־זיין — ווען המן איז שוין אויף דער תליה . . .

■ א גאַנץ יאָר איז ער א קאַלעקאַטקע, א דרייער — נאָר פּורים פּאַרדינט ער א צווייער . . .

■ ביי א קעניג אַחשורוש קאָן יעדער המן זיין א מיניסטער . . .

■ א גאַנץ יאָר טרינקט ער פאַר צרות — פּורים פון מצווה וועגן . . .

■ ביי אים איז אַלע טאָג פּורים. וואָס ער דערציילט איז א גאַנצע מגילה . . .

■ אין „א פּורים־שפּיל" שפּילט א ראָלע א דלפון און א ויזתא . . .

■ ווען ניט דער שלח־מנות וואָלט ער א גאַנצע וואָך געהאַט אסתר־תענית . . .

■ פאַרוואָס ס'איז א מצווה פּורים צו טרינקען, ווייסט ער ניט, אָבער—וועלכע בראָנפן ס'איז בעסער איז ער א מבין . . .

■ ביי אים איז פּורים דער נס, וואָס דאָס פלעשל ווערט דאָס גלעזל . . .

מלחמה־צינדער שטעלן צו שפּיז צו חיות און וואָראָנעס,
פון פאָלק רייסט מען שטייערן: שיקט אריין דעם „שלח־מנות" . . .

■ פּורים פאַרשטעלן זיך קינדער פאַר המן, פרשנדתה און ויזתא — א גאַנץ לעבן באַגעגענען מיר זיי אין לעבן גאָר ניט גרימירט . . .

■ אַלעמאָל, נאָך צרות און יסורים, פּראַוועט מען א פּורים. אָבער נאָר איין טאָג איז פּורים און א גאַנץ יאָר די יסורים . . .

■ ביים שיכור, צו זיין פּורים בגילופנ'דיק, איז א טאָג־טעגלעכער יום־טוב . . .

■ א לעבעדיקן, היינטצייטיקן המן, וואָס סטראַשעט די וועלט מיט אַטאָמישע באָמבעס, קאָן מען ניט איבערשרעקן מיט „גראַגערס" . . .

■ ווען אחשורוש וואָלט רואיק געשלאָפן און ניט געדאַרפט זיצן און לייענען זיין ט א ג ־ ב ו ך, וואָלטן מיר איצט ניט געהאַט צו לייענען א מ ג י ל ה . . .

■ א גאַנץ יאָר איז ער שיכור, אָבער פון פּורים האַלט ער אויך . . .

■ יאָ מרדכי, ניט מרדכי, ער האָט שטענדיק ליב צו זיין אויפן פערד . . .

# אַ נייער המן — מיט אַן אַנדער נאָמען...

פּורים איז אַ שפּילעוודיקער יום־טוב צו געניסן.
ס'איז אַ פרייליך־שיינע קינדער־שפּיל — צו גראַגערן און שיסן...
דער טיש זעט אויס יום־טוב'דיק, באַפּוצט מיט המן־טאַשן,
דערצו קריגט מען שלח־מנות'ן — ניס און צוקערלעך צום נאַשן...

האָט איינער ליב אַ כוסה, איז אַ מצוה דאָס צו מאַכן.
מ'קאָן פאַרקליידן זיך אין שפּאַס, אַ „פּורים־שפּיל" צום לאַכן.
דער יום־טוב פּורים איז חי־געלעבט, שיין איז די מגילה —
און ווער רעדט נאָך אַז ס'איז פאַראַן דער קוילעטש פאַר אכילה...

מ'דערציילט די מעשה מיט המנ'ען, די צרות און יסורים —
ביז ער האָט זיין סוף געקראָגן — ס'איז געוואָרן יום־טוב פּורים.
אָבער פּורים איז נאָר איין טאָג, ווען „מ'גראַגערט" אויס דעם המן,
און אַ גאַנץ יאָר לעבט זיין „גייסט" — אונטער אַן אַנדער נאָמען...

## אַ קאַטשקע און אַ „קאַטשקע"

ביי אַ צוגעגרייטן מאָלצייט מיט דער פאַמיליע,
צי ביי דער ווייב, אָדער ביי דער מאַמען,
איז אַ געבראָטענע קאַטשקעלע דער אמת'ער מאכל,
ס'איז געשמאַק, אַפּעטיטנע, און ס'האָט טויזנט טעמ'ען...

אָבער אַנדערש איז אַ „קאַטשקע" מיט „געגנדזענע פיסלעך",
מיט וואָס אַ ערלעכער שרייבער וועט זיך ניט באַרימען.
ס'איז אַ „קאַטשקע" אַזאַ, וואָס קאָן זיך ניט פעדערן,
קאָן ניט גיין, ניט פליען, און קאָן אויך ניט שווימען...

דאָס איז די ריכטיקע „קאַטשקע", וואָס מיר זעען אין שוואַרצן,
געפאַרבט און געדריידלט אין דער שונדישער פּרעסע.
פאַרשלייערט מיט סטענגעס, און קוואַ־קוואַ־קוואַקעט —
לויט דעם געשמאַק, ווי עס פּאַסט נאָר דער מעטרעסע...

אַזוי ווערט געשאַפן אין דער שונד־צייטונג „נייעס".
אַ גראַפאָמאַן גיט פאַרטאַטשקע מיטן פעדער אַ פאַטשקע,
און לאָזט דאָס אַרויס אין דעם שמוציגן וואַסער:
אַ פריש־צאַפּלדיקן ליגן — אַן אויפגעבלאָזענע „קאַטשקע"...

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# פּסח

איינער פּראָוועט אַ רייכן סדר, מיט טייערע וויינען און כוסות,
אַ צווייטער פּראָוועט אַזוי כסדר — אַלע טאָג מיט מרור, חרוסת . . .

■ פּסח קאָן יעדער קבצן זיין אַ מלך — אויב ער האָט אַ גאַנצן שטול און אַ אַלטע קישן פאַר אַ היסב־בעט . . .

■ דער רייכער גיט מעות־חטים, בשעת דער אָרעמאַן האָט ניט קיין שטיקל ברויט — צו פאַרברענען דעם חמץ . . .

■ ער וויל ניט זיין קיין מאַטעמאַטיקער; ער האָט פיינט צו ציילן זיך די כוסות . . .

■ אַ מזל פון אַ יידישער מלכה אום פּסח: דער מאַן זיצט ווי אַ מלך אויבן־אָן, און זי, די מלכה, דאַרף זיך פּאָרען אין קיך . . .

■ דער סדר פּסח באַשטעטיקט, אַז וואו ס'איז פאַראַן אַ קעניג, אַפילו אויף צוויי טעג — איז פאַראַן מכות, מרור און קיין שטיקל ברויט אין הויז . . .

■ זיינע אַ רעדע האָט דעם טעם פון מצה: פלאַך, בלאַס, אָן זאַלץ, אָן שמאַלץ, לעבערלעך, און — עס האַלט אַן אַ וואָך מיט אַ מיטוואָך . . .

■ פּסח רייסט ער זיך צו אַ סדר, נאָר פון לעבן אַ גאַנץ יאָר מיט אַ סדר וויל ער ניט וויסן . . .

■ אַ גאַנץ יאָר ציילט ער זיך דעם ביסן ברויט, נאָר אַז עס קומט פּסח — ציילט ער די כוסות . . .

■ פאַר פּסח איז ער ניט קאַרג, נאָר פּרעה'ן די מכות גיט ער מיטן קליינעם שפּיץ פינגער . . .

■ ביי אים איז אַ גאַנץ יאָר פּסח — מרור, ביטער אין מויל און מכות אין קעשענע . . .

■ „הא לחמא עניא", דאָס אָרעמע שטיקל ברויט איז ביים אָרעמאַן אַ גאַנץ טייערער ביסן . . .

## מעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ ער איז פֿון די מענטשן וואָס דער פּסח גייט אים ניט אָן, נאָר ער האָט ליב צו דערציילן אַ „חד גדיא" . . .

■ האָט אָנגעהויבן מיט גנבֿ'ענען דעם „אַפיקומן" — און איצט — איז ער שוין אַ גאַנצער פּאָליטישן . . .

מיליאָנען מענטשן אַרבעטלאָז, אָן ברויט, שיך און בגדים.
אויף אַלע קשיות ענטפֿערט מען, ווי פּרעה — די ע ב ד י ם . . .

■ בײַ אים איז אַ גאַנץ יאָר פּסח: עס פֿעלט דאָס שטיקל ברויט אין הויז — און מרור לרוב . . .

■ ער זינגט זייער שיין „כל דכפין ייתי ויכל", נאָר קלאַפּט װער אָן אין טיר — זאָגט ער, ג י י ט ווייטער, זייט מוחל . . .

■ שווער איז צו זײַן אַ ייִד: צו קריגן אַ המן־טאַש, דאַרפֿט איר הערן אַ גאַנצע מ ג י ל ה. און פֿאַר אַ קניידל, דאַרפֿט איר הערן אַ גאַנצע ח ד ג ד י א . . .

■ פּסח איז אַ יום־טובֿ פֿון פֿרײַהייט, און אָפֿט קוקט עס אויס, אַז צו קריגן פֿרײַהייט אָן מרור, רירט זיך ניט . . .

■ די הגדה הייסט מיר רעכענען די כּוסות; דער דאָקטאָר די קאַלאָריס, און די רעגירונג — די שטײַערן . . .

■ צוויי טעג פּסח איז ער קעניג — און אַ גאַנץ יאָר טראָגט ער דעם פֿאַרטוך און וואַשט די געשיר . . .

■ ער איז פֿון יענע ייִדן, וואָס האָבן ליב קניידלעך און האָבן פֿײַנט צו פֿרעגן קשיות . . .

■ ער האָט שוין אויף פּסח — מ ר ו ר און — ד י י נ ו! . . .

■ ער פֿאַרט ניט קיין ישׂראל, ווײַל ער האָט ליב צו זינגען — לשנה הבאה בירושלים . . .

■ אַ גאַנץ יאָר איז ער פּסח'דיק: אָדער ער ד ע ר צ י י ל ט אײַך אַ חד־חגדיא, אָדער — ער ז י צ ט אין חד־גדיא . . .

■ דער רשע אין דער הגדה איז ניט אַזוי געפֿערלעך, ווי אַ רשע אַ פֿירער . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# פּאָטערס־טאָג

דער „פּאָטער׳ס טאָג" איז אַ יום־טוב, פון שלייקעס און העמדער.
אַ דערמאָנונג דעם טאַטן — ער איז ניט קיין פרעמדער . . .

■ איין מאָל אַ יאָר גיט מען כבוד דעם טאַטן. דער יום־טוב קאָן זיך רופן: „אַ טאָג פון קראַוואַטן" . . .

■ ביים טאַטן הייסט דער יום־טוב: דער טאָג פון באַפרייאונג — ער דאַרף ניט וואַשן די כלים, ניט היטן די אייניקלעך און ניט פירן דעם הונט אויף אַ שפּאַציר . . .

■ אַ סך קינדער ווייסן ניט ביזן „פּאָטער׳ס טאָג", אַז עס איז שוין אַ יאָר, ווי ער רויכערט ניט, און זיי ברענגען אים אַ מתנה — אַ ליולקע מיט טאַבאַק . . .

■ „כיבוד־אָב" איז דער פינפטער געבאָט. אַ סך קינדער דערמאָנען זיך אין דעם פינפטן געבאָט איינמאָל אין אַ יובל . . .

■ אויב אַ טאַטע, אָדער אַ זיידע, וועט פאַרגעסן צו געבן די קינדער און איי־ניקלעך געלט — קאָנען די קינדער אַמאָל פאַרגעסן צו קויפן אַ מתנה . . .

■ אַ סך מאַמעס דערמאָנען די קינדער פון „פּאָטער׳ס טאָג", כדי די קינדער זאָלן געדענקען, אַז זיי האָבן אויך אַ מאַמע . . .

# מוזיק

אַ שיין ליד געזונגען האָט אַ ווערט, ניט בלויז מיטן שיינעם גראַם.
אַ גוט ליד מוז פאַרמאָגן אַ גוטן אינהאַלט מיט אַ טעם . . .

■ אַ פאַלשער טאָן אין מוזיק, איז ווי פאַלשע רייד אין פּאָליטיק — פוןביידן גרילצט אין די אויערן . . .

■ דער ערלעכער זינגער דאַרף זיך ניט רייסן צום הימל און ניט אַראָפּפאַלן אין שאול־תחתיה, נאָר — דערגרייכן צו די הערצער . . .

■ אין זינגען איז ער ש ו װ אַ ך — האָט אָבער ליב צו הערן אַ ש ב ח . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ פאַראַן לידער וואָס אַפּעלירן צום קאָפּ, צום האַרצן, און אַזוינע — וואָס אַפּעלירן צו די פיס צו גיין אַ האָפּקע . . .

■ אַלטע פאָלקס־לידער זיינען ווי זיידעס און באָבעס, וואָס עלטער זיי ווערן אַלץ טייערער האַלט מען זיי . . .

■ זיך פאַרפּוצט אין אַ שוואַרצן צילינדער מיט אַ ווייסן קראַגן, און האַלט זיך פאַר אַ גרויסן מנגן . . .

■ דער פּיאַניסט איז שטענדיק אַ צו'להכעיס'ניק. ווען דער כאָר שטעלט זיך אויף, זעצט ער זיך אַוועק . . .

■ פון אַ סך פּראָבן מיטן כאָר קומט סוף־כל־סוף אַרויס איין וואָרט ביי די צוהערער: אַ י ג ו ט ! . . .

## וואַרשעווער געטאָ

■ מ'קאָן ניט פירן קינדער צו דער חופּה מיט אַ שדים־טאַנץ פון מלחמה . . .

■ קריג־צינדער האָבן ליב טויבן — נאָר געבראָטענע . . .

■ אויל איז שטענדיק אַ ברענענדיקע פראַגע. צוליב אויל קאָן ו ו ע ר ן אַ מלחמה, און מיט אויל קאָן מען פ י ר ן מלחמה . . .

■ די טויב איז דער סימבאָל פון פרידן, און די קראָ — פון דער בייזער שעה . . .

■ ווען דעם מענטשנס לעבן שטייט אין סכנה, קראַקעט פון פרייד די וואָראָנע.

■ מלחמה־צינדער טראַכטן אַלע מאָל ווי אַזוי דורך ש ל אָ ג ן זיך — זיך צו עפּעס ד ע ר ש ל אָ ג ן . . .

■ אין דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד זיינען די קעמפער ניט געפאַלן — נאָר זיך דערהויבן צום אייביקן לעבן . . .

■ ווי אַ מוסטער פון יידישער פאָלקס־העלדישקייט האָט געלערנט דער אויפ־שטאַנד קעגן היטלערן אין וואַרשע — די שענסטע פּרשה . . .

סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

# דער אויפשטאַנד פון „מתים"

## (אין דער וואַרשעווער געטאָ)

עס האָט היטלער, ווי פּרעה, געוואָלט די יידן פאַרקנעכטן,
די אַלטע— פאַרברענען; די יונגוואַרג — צעשעכטן.

געבראַכט זיי אין געטאָס, פאַרשטעלט זיי מיט צאַמען;
דער פּלאַן איז געווען — די יידן פאַר'דמ'ען . . .

האָט דער פּרעה פאַרגרייט זיך מיט ביקסן און שפּיזן,
נאָר פּלוצלינג — עס האָט זיך אַ וואונדער באַוויזן.

אַן אויפשטאַנד פון „מתים", אין געטאָ פון וואַרשע,
ס'האָבן די יידן געלערנט מיט זיי בלק אַ פּרשה . . .

ס'איז געווען פייער פאַר פייער, פון געווער „אומגעריכטע";
אַזוי האָבן קעמפער פאַרצייכנט אַ בלאַט פאַר געשיכטע.

זאָל די געשיכטע דערציילן פון אַ לעבן אין פאַניק,
אין בוכענוואַלד, אַשווענטשים, טרעבלינקע, מאַידאַנעק.

עס זאָלן די נאַצים פאַר דורות זיך ניט קאָנען אויסקויפן,
ריינוואַשן זייערע הענט פון יודען־בלוט־זייפן . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

די זעקס מיליאָן קדושים — פון קינדער ביז זיידעס,
רופן צום משפּט — זיי זיינען די עדות ! . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

פּרואוו ניט אויסנוצן אַ מענטשן, דערפאַר וואָס ער איז אַ מילדער.
ער קאָן דיר אַמאָל באַצאָלן — נאָך "בעסער" ווי אַ ווילדער . . .

■ דער וואָס האָט אַלץ מעג טאָן אַלץ. נאָר דער וואָס האָט גאָר ניט ווייסט נאָר, — מ׳טאָר ניט . . .

■ פּאָליטישנס, דאַכט זיך, ווייסן גוט וואָס עס מיינט "שמירן". דאָך, אַלץ וואָס זיי טוען סקריפּעט און ס׳פאַרט ניט . . .

■ ווען ער וואָלט געבוירן געוואָרן אָן אַ קאָפּ, וואָלט ער אַלץ געווען דער זעלביקער ד ר י י ־ קאָפּ . . .

■ דער וואָס האָט ניט אַ סענט אין קעשענע, שרעקט זיך ניט פאַרן יקרות . . .

■ ער עסט זיך אויף אַ לעבעדיקער פון שטענדיקער זאָרג: וואָס וועט ער עסן, ווען ער וועט ניט האָבן וואָס צו עסן? . . .

■ רעדן לאָגיש איז ניט פאַר אים — ער האָט פיינט צו רעדן "פרעמדע" שפּראַכן . . .

■ זיי זיינען "א ו י ס ג ע ה א ל ט ע נ ע" מענטשן — זיי פּראַוועז שוין זייער גאָלדענע חתונה . . .

■ ביי אים די אכילה — צו אַלץ איז אַ סגולה . . .

■ אַ ביוראָקראַט האָט ליב צו טראָגן דעם הויכן טיטל, נאָר — האָט פיינט צו טראָגן דעם יאָך . . .

■ ער האָט אַזוי אַ געוויסן — ווי אַ רויטער בוריק האָט בושה . . .

■ מ׳שרייבט אַזויפיל, אַז די וועלט האָט צופיל מענטשן, אַז אייניקע זיינען גרייט אויפצועסן אַ צווייטן . . .

■ אַ דועט פון צוויי: ער שרייט אַי און זי שרייט — ווײ . . .

■ באַשולדיק ניט דעם שפּיגל אין דיין אויסזען — ס׳איז דער קאַלענדאַר . . .

■ ער קוקט אויף זיין אָרעמען פריינט ווי דער באַרג אויפן טאָל — פון אויבן אַראָפּ . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

מעג אַ בעל־גאווה זיך בלאָזן ווי אַ פּענכער — אַ גדול.
ער ווערט אָבער „קליינלער" — מיט אַ שטאָך פון אַ נאָדל . . .

■ מיט אַ מויז־כאַפּער קאָן מען ניט כאַפּן קיין פיש, און — מיט אַ דבר־אחר זיצן ביי אַ טיש . . .

■ דער וואָס האָט עלנבויגנס געשמירט אין פּוטער, קאָן עסן „גאָלדענע יויך" מיט אַ זילבערנעם לעפל . . .

■ גיב ניט קיין עצות אַ צווייטן, ווען דו ווייסט ניט וואָס עס טוט זיך ביי יענעם אויפן הארצן און אין קעשענע . . .

■ אַ קלוגער מענטש קאָן זאָגן אַ חכמה און מ'זאָל דאָס פאַרגעסן. און אַ נאַר קאָן זאָגן אַ נאַרישקייט, און — מ'זאָל דאָס האָבן צו געדענקען . . .

■ ער זאָרגט זיך שוין, טאָמער וועט רעגענען צו זיין לוויה, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר . . .

■ פון מאַכן אַ ברכה קומט ניט קיין הצלחה, און מיט אַ קמיע (קאַמייע) ווערט מען ניט קיין בעל־דעה (באַאַל־דייע) . . .

דעם אמת פאַרקריפּלט ער, מאַכט צו בלאָטע און פאַרד.
נאָר בראָקט ער אָפּ אַ ליגן, שרייט ער: אָט זעט איר דאָך . . .

■ אַ פּאָליטיקער איז אַ גרימירטער פּאָליטישן אין אַ צילינדער און פראַק . . .

■ מלחמה־צינדער זיינען אַזוי פאַרליבט אין שלום, אַז זיי זיינען גרייט צו פאַרברענען די וועלט . . .

■ דער קאַפּיטאַליסט טראַכט שטענדיק אַז פון שלאָגן זיך קאָן מען זיך צו עפּעס דערשלאָגן . . .

■ ווען אַ בוים שאָקלט זיך, מיינט ניט אַז ער איז פרום . . .

■ מיט אַ זיידענעם שניפּס קאָן מען ניט פאַרדעקן אַ טריפה'נעם האַלדז . . .

■ אַ פּלאַנץ קאָן גיכער דורכברעכן דאָס פאַרשטיינערטע האַרץ פון אַ פעלדז, ווי אַ מאַמע זאָל קאָנען רירן דאָס האַרץ פון אַ מיליטאַריסט . . .

■ אַ צוויי־פּנים'דיקן קאָן מען ניט וואַרפן דעם אמת אין פּנים . . .

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ צװישן הױכע בערג טרעפֿט איר טיפֿע טאָלן. אײנער דאָרט — דער צװײ־טער געשװאָלן . . .

■ דעמאַגאָגן װאַרפֿן זאַמד אין די אױגן, נאָר מ'קאָן ניט אױף זײער זאַמד עפּעס בױען . . .

ער װײסט ניט קײן מבֿינות אױף שױשפּיל און געזאַנג.
אָבער גאָר אַ גרױסער מבֿין אױף דעם „זילבערנעם" קלאַנג . . .

■ ער װײסט ניט פֿון קײן שונאים, און זײַנע פֿרײַנט װילן ניט װיסן פֿון אים . . .

■ װען דער װאָלף נעמט זיך חנ'דלען צו דעם לעמעלע — פֿאַרענדיקט זיך די ליבע מיט אַ טױטן־קוש . . .

■ מיט אַ שװאַכער שטימע קאָן מען אָפֿט אױעק'הרג'ענען אַ שטאַרק ליד . . .

■ פֿון פֿאַלשע רײד, װי פֿון אַ פֿאַלשן טאָן, גרילצט אין די אױערן, און אָפֿט קומט נאָך אױס צו געבן פֿאַלשע קאָמפּלימענטן . . .

■ זײ זײַנען בײדע אַזױ געראָטן — װי זון און שאָטן . . .

■ פֿאַר דער חתונה איז זײער ליבע געװען בלינד; איצט, נאָך דער חתונה — קאָנען זײ זיך ניט אָנקוקן . . .

אַ מענטש קאָן זײַן געלערנט, פֿאַרמאָגן אַ סך װיסן,
נאָר קאָן האַנדלען גראָב־יונגעריש, אַז אַ ברעקל געװיסן . . .

■ בײַם קראַנקן דער „אױ" לאָזט װיסן פֿון „װײ"; װען עס ברענט — זאָל װערן אַ געשרײ . . .

■ װען קינדער װערן געפֿירט אין מלחמה, אַנשטאָט צו דער חופּה, זײַנען טײַװאָלים די מחותנים — און שדים די מוזיקאַנטן . . .

■ ער איז פֿון יענע באַלעגאָלעס, װאָס װען זײ גיבן אַ פֿאַרקערעװע דעם װאָגן קערט ער איבער אַלע פּאַסאַזשירן . . .

■ מ'זוכט אױל־פֿעלדער — דורך שאַפֿן ב ל ו ט - פֿעלדער . . .

■ די טױב פּיקט קערנדלעך; די קראָ פּיקט די אױגן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ טאַטעס, מאַמעס, וואָס ווילן דערלעבן פון אייניקלעך נחמה — מוזן צוימען מלחמה . . .

■ איז חלום קאָן מען האָבן גאָלדענע געלעגנהייטן, נאָר — מ׳פאַרשלאָפט דאָס . . .

■ די נאַכט האָט וואונדערבאַרע שיינקייט, נאָר — מ׳פאַרזעט דאָס . . .

■ מיט העלפן קרעכצן טוט מען ניט קיין טובות. מיט אַ קרעכץ קאָן מען ניט צאָלן קיין חובות . . .

מיר איז ליב מאַמע־לשון, ווי דער מאַמעס עסן.
דער צונג, ווי די ציינער, ווילן דאָס ניט פאַרגעסן . . .

■ ווי שווער גאָלד זאָל ניט זיין אין טראָגן דאָס, וועט דער געלט־גייציקער אויסקלייבן דעם שווערסטן פּעקל . . .

■ באַגעגן דיין פריינט מיט אַן אָפענער האַנט פאַר אַ שלום־עליכם, און — מיט אַן אָפענער האַנט אין צייט פון אַ נויט . . .

■ אַזוי לאַנג ווי עס וועט לעבן דאָס יידישע לשון, וועט דאָס יידישע וואָרט ניט זיין פאַרלאָשן . . .

■ די אימפּעריאַליסטן קאָנען זיך ניט איינטיילן מיטן (ערד)־קוגל — צע־גנב׳ענען זיי דערווייל די גאָפּל, מעסער און לעפל . . .

■ באַנוץ זיך ניט צו אָפט דורכן טאָג מיטן „לחיים" — עס קאָן אָפּט פאַר־קירצן די יאָרן . . .

אַ באַלעבאָס האָט שטענדיק טענות, טראַכטנדיק פאַר זיך.
די אַרבעט קריכט פּאַמעלעך און דער זייגער גייט צו־גיך . . .

■ מ׳קאָן ניט וואוינען אויף מ ד ב ר ־ ב אָ ד ן און האָבן טייכן זיך צו ב אָ ד ן...

■ פאַר אים איז ניטאָ קיין היץ און קיין שוויץ — דאָס איז אַ קאַלטער לונג־און־לעבער . . .

■ דער קריגס־צינדער איז ניט פאַר פרידן, נאָר פון קריג — צופרידן.

■ דער וואָס גייט מיטן נאָז פאַרריסן, קאָן פון שיינקייט ניט געניסן . . .

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ צייט האָט אַ באַדייט פאַר אַן אַרבעטזאַמען מענטשן, נאָר דער פוילער פוילט זיך אַפילו אַ קוק טאָן אויפן זייגער . . .

■ פרייע רעדע מיינט — אַ ניט־באַצאָלטע לעקציע . . .

■ ווען די געלעגנהייט קלאַפּט אין טיר — זיצט ער ביי אַ גלאָז ביר . . .

דער פּאָליטישן, דאַכט זיך, ווייסט גוט וואָס ס׳מיינט „שמירן״,
דאָך סקריפּעט ביי אים — וואָס ער נעמט זיך פירן . . .

■ עס איז גוט צו קריגן ג ע ס ט , נאָר ווען זיי מאַכן ניט קיין נ ע ס ט .

■ אַ שטיקעלע הערינג איז גוט פאַר אַן אַפּעטיט, נאָר מאַכן פון דעם אַ מאָל־צייט — זאָל מען ווערן באַהיט . . .

■ אַ קליין מענטשעלע — מיט אַ גרויס מויל. רעדט ער אַ סך — נאָר ט א ן איז ער פויל . . .

■ אַ קאַמף פאַר גערעכטיקייט קאָן מען ניט געווינען דורך אומרעכט . . .

■ דאַכט זיך צוויי גלייכע שותפים, נאָר איין האָט ווייסט ניט וואָס די צווייטע טוט . . .

■ פאַר אַכצן יאָר איז דער יונגער בחור זאָרגלאָז. נ א ך אַכצן האָט ער אַן אַ ר מ י י מיט זאָרג . . .

■ אַ סך מענטשן זאָרגן זיך אַזוי פאַר דער צוקונפט, אַז זיי דער׳הרג׳ענען די צוקונפט בשעת זייער קעגנוואַרט . . .

■ צו געבן אַ צווייטן אַן עצה, מוז מען אַליין פאַרמאָגן אַ קאָפּ אויף דער פּלייצע . . .

דאַכט זיך אַ גאַנצער פּראַנט. שטענדיק געקליידט זייער פיין.
נאָר פון איין בלאַטע אַרויס, און גלייך אין אַ צווייטער אַריין . . .

■ ער איז פון די וואָס סטראַשעט צו דערלאַנגען יענעם אין די ציין און כאַפּט אַליין אַריין אין קאַרק . . .

■ דער וואָס עסט אויף זומער די זריעה האָט ניט אויף ווינטער קיין תבואה . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ווער עס גייט מיטן ט ל י ת ־ זאַק, און ווער — מיט דעם ד ל ו ת ־ זאַק . . .

■ ער וואָלט געקאָנט זיין אַ גרויסער חכם, ווען ער איז ניט אַזאַ גרויסער שוטה . . .

■ עס איז גוט צו עסן בציבור, אויב עס בלייבט אין טאָפּ עפּעס איבער . . .

ס'קאָן איינער זיין קורצזיכטיק און דאַרף זען זייער ווייט.
אַז אַנדערער קאָן זיין ווייטזיכטיק און ניט זען די צייט . . .

■ דער וואָס פּרוּאווט לויפן באַרג־אַרויף מוז אָפּט זיך קייקלען באַרג־אַראָפּ . . .

■ אָפט מאַכן מענטשן שלום מיטן געדאַנק, ווען דער געדאַנק אַרבעט שוין ניט . . .

■ ער האָט ליב אַלץ צו עסן. וואָס איז דער אונטערשייד, זאָגט ער, פון וואָס מ'שטאַרבט ? . . .

■ ער האָט ליב צו הערן וואָס אַנדערע זאָגן, כדי צו קאָנען זאָגן פאַרקערט . . .

■ אויב ער האָט ניט קיין אַרגומענט האָט ער ליב צו „רעדן" — מיט די הענט...

■ דער וואָס קאָן אַ כעס ניט פאַרגעסן, ווערט אַליין פון האַס צעפרעסן . . .

■ די וועלט איז אַזוי רייך אין אויל און דאַרף „סקריפּעט" שטענדיק דער שלום...

ווען אַ מענטש זוכט הילף, איז נאַטירלעך אַז ער שרייט.
אפילו אַ סקריפּ פון אַ טיר האָט אויך אַ באַדייט . . .

■ אַלע וועגן פירן צו אַ ציל. די פראַגע איז נאָר : וואו האָט איר בדעה צו פאָרן ? . . .

■ דער וואָס נוצט ניט דעם קאָפּ ליגט אויף די קני . . .

■ אַ יונגע, צי אַ באָבע, האָט ליב אַ שיינע גאַרדעראָבע . . .

■ אַ קלוגער מענטש קאָן אויך האָבן אַ נאַרישע מחשבה, נאָר ביים נאַר ליגט דאָס אויפן צונג . . .

■ ווען ער דערציילט אייך עפּעס, איז דאָס שטענדיק דורך אַ פאַרגרעסערונג־גלאָז . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דאַכט זיך, אַלע האָבן פֿיינט דעם טויט, און דאָך האָבן מענטשן ליב זיך אָפּצו „שפּילן" מיטן מלאך־המות . . .

■ און אַז דו שטאַמסט פֿון אַ מאַלפּע דאַרפֿסטו קריכן אויף די גלייכע ווענט ?...

פֿון דערפֿאָלג צו אַ דורכפֿאַל איז ניט קיין סך.
קריך ניט צום קוימען וועסטו ניט פֿאַלן פֿון דאַך . . .

■ ער שפּאַרט שטענדיק פֿאַרן „הלוואַי זאָל מען ניט דאַרפֿן", נאָר טאָמער דאַרף מען, זאָגט ער, „מ'דאַרף ניט" . . .

■ צייטנווייז האָט ער אַן אַ פּ ע נ ע ם קאָפּ, אַמאָל אַ פֿ אַ ר ש ט אָ פּ ט ן קאָפּ און אָפּט אַ ג ר אָ ב ן קאָפּ, נאָר וואו ער האַלט אַ ביסל שכל דאַרף מען אַ חכם דאָס צו געפֿינען . . .

■ דער מלאך־המות יאָגט זיך ניט עמעצן צו כאַפּן. די אַלע טויטע קומען אים אין האַנט אַריין, ניט ווויסנדיק ווי צו היטן דאָס לעבן . . .

■ אַזוי לאַנג ווי דער שאָטן גייט דיר נאָך איז אַ סימן, אַז דו לעבסט נאָך . . .

■ ער האָט פֿאַרשטאָכענע אויגן — ער קוקט דאָרט, וואו מ'קאָן אים ניט אָנקוקן . . .

■ עס זיינען פֿאַראַן פֿ אַ ר ט ר ע ט ע ר פֿון פֿאָלק מיט קאָפּ און האַרץ און — פֿ אַ ר ט ר ע ט ע ר מיט די פֿיס. מוז מען זיך גוט צוהערן וואָס איינער ר ע ד ט און זען ווי דער צווייטער פֿ אַ ר ט ר ע ט . . .

ווען איינער חכמה'עט זיך מיט אַ מענטשן אַ נאַר
מיינט ניט, אַז דער צווייטער איז קליגער דערפֿאַר . . .

■ אַ קאָפּ איז ווי אַ טאָפּ, אויב מ'נוצט עס ניט — שטייט דאָס ליידיק . . .

■ איינער טראַכט וואו קריגט מען אַ גוטע האַנט פֿאַר ש ל ו ם. אַ צווייטער זוכט אַ גוטע האַנט צו קאָרטן, און אַ דריטער האָט צוויי הענט — און זוכט אַרבעט . . .

■ דער זייגער דרייט זיך — און ע ר שטייט . . .

■ פֿאַר הרג'ענען צייט קומט ניט קיין שטראָף, אָבער — אויך ניט קיין דאַנק...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ כאַפּט אַ מציאה און ברענגט שיע־פּיע . .

■ איינער לעבט פאַר זיך — צו לעבן אַ גוטן טאָג. אַ צווייטער לעבט פאַר אַלעמען — צו אַ גוטן לעבן . . .

■ ער האָט פיינט דעם אַ ל ע ף — ער הויבט שטענדיק אָן ב י י ז . . .

■ בעסער צען פאַרעווע פריינט ווי איין בלוטיקן שונא . . .

אַמעריקע איז אַ רייך לאַנד, נאָר ס'איז שלעכט די מערכה.
מיר האָבן אַ פיינע ו ו י י ס ן ה ו י ז — נאָר אַ פינצטערע הצלחה . . .

■ דער וואָס דערוואָרט אַ דאַנק פאַר גוטע טאַטן איז אַ שטיקל געשעפסט־מאַן...

איינער נעמט זיך צו מאָלן, מאַכט דאָס פאַר זיין „האָבי".
אַ צווייטער זאָגט „תהלים" — דאָס איז ז י י ן „עולם־הבא" . . .

■ „הינער־אויגן" קומען ניט פון אַן עין־הרע, נאָר פון שלעכטע שיך . . .

■ לערנען וויל ער ניט, נאָר פון „תורת לאָקשן" האַלט ער . . .

■ ווען מאַן און ווייב האָבן אַ „סאָמיט־מיטינג", ענדיקט זיך דאָס געווינלעך מיט אַ קלייד פון סאַמעט אָדער זייד . . .

■ פון אַ גוטן איינקונפט קאָן מען האָבן אַ צוקונפט . . .

■ אפילו אַ פידל הויבט אָן ברומען, אויב מ'באַנוצט זיך גראָב צו איר . . .

ער רעדט סאַכאַרין־זיס, אָדער גראָב מיט „שמאַלץ",
נאָר אין ביידע פאַלן — אָן פעפער, אָן זאַלץ . . .

■ יאָג זיך ניט צו זוכן דעם טויט — ער איז שטענדיק אָנגעגרייט . . .

אויסגעוואַנדערט ארבע פנות העולם
און געקומען דער זעלביקער גולם . . .

■ מזל איז שווער צו געפינען, אָבער אַ שלים־מזל קאָנסטו זען אין יעדן שפּיגל...

■ ער לויפט צום קאָרטן־טיש, ווי אַ פליג צום ברענענדיקן לאָמפּ . . .

■ עס איז ליב אַ „ניי ווינטל" אין לעבן, נאָר באַהיט זאָל מען ווערן ווען ס'קומט מיט שטורעם . . .

## מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אויב ער קריכט אַריין אין אַ בלאָטע, איז דאָס מיטן קאָפּ — ניט מיט די פיס . . .

■ קליינע מענטשעלעך האָבן ליב צו קוקן אין אַ פאַרגרעסערונג־שפּיגל . . .

ווער פאַרזייט נייע פּלאַנצן און געפינט נייע וועגן,
גייט שטענדיק פאַראויס — און דער דאַנק קומט אַנטקעגן . . .

■ מענטשן וואַרפן זיך אָפט מיטן אויסדרוק: „דער עולם איז אַ גולם, נאָר זיי פאַרקוקן, אַז זיי אַליין געהערן אויך צום עולם . . .

■ אַ בעל־גוזמא'ניק איז ניט קיין ליגנער. פאַרקערט, ער גיט אייך דעם אמת — נאָר מיט אַ צולייג . . .

■ ער קוקט אים אין די אויגן, ניט פון ליבשאַפט, נאָר ער וויל דערזען דעם גנב אין די אויגן . . .

■ „דער זייגער שטייט ניט אויף אַן אָרט", זאָגט מען, נאָר — ביי געוויסע „פירער" דרייט ער זיך שטענדיק צוריק . . .

■ ער האָט אַזוי ליב זיך צו באַרימען, אַז ער באַרימט זיך אַפילו, אַז מ'גלויבט אים אויף זיין וואָרט . . .

■ אַ נאָרמאַלער מענטש האָט צוויי אויגן, צוויי הענט און צוויי פיס, נאָר אַ צוויי־פּנים'דיקער האָט אינגאַנצן קיין פּנים ניט . . .

קריך ניט אויף צו הויכע טרעפּ, געדענק, אַז ביים גיין אַראָפּ
ווערן מיד די פיס און פאַרדרייט דער קאָפּ . . .

■ דער פּ ר אָ פ ע ט (נביא) פּריידיקט יושר. דער פּ ר אָ פ י ט ־ מ אַ כ ע ר האַלט פון ווערן אַ עושר . . .

■ און אַז עס איז אַ חלוקי־דעות דאַרף מען זיך רייסן פאַר די פאות ? . . .

■ ער נעמט זיך שטענדיק דאָס רעכט אַלע מאָל צו זיין גערעכט . . .

■ צוויי מאָל קאָן זיין אַ „טעות" — אַ דריטן מאָל דערזעט מען דעם שווינדל...

# סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ ער האַלט זיך אין אײן מאַרען, װי עס װאָלט אים געגאַנגען אין לעבן זיך צו קירצן די יאָרן . . .

■ דעם טעם פון אַ זיסן, אָדער ביטערן לעבן קאָן מען ניט װיסן דורך לעקן האָניק — אָדער עסן כרײן . . .

■ דאָס איז אַ עסיקער מענטש. װעגן װאָס אײנער זאָל ניט רעדן — ער דער־רעדט זיך צו עסן . . .

■ אַ מלאך אין הימל לעבט װי גאָט אין אָדעס. נאָר װען אײנער איז אַ מלאך אויף דער ערד — ליגט ער אין **דר׳ערד** . . .

■ װען איר שמירט די רעדער פון װאָגן פאַרגעסט ניט צו געבן דעם פערד עסן...

■ װען צװײ שותּפים פאַרדרײען זיך אַ קאָפּ, װילן זײ אײנער דעם צװײטן דעם קאָפּ אָפּדרײען . . .

■ ס׳איז ריכטיק, אַז די װעלט איז אַ בינע, מ׳זעט אַ סך מענטשן מיט מאַסקעס, װאָס „שפּילן" שטענדיק אַ „בענעפיט" — פאַרן מלאך־המות . . .

■ אין קאַמף פאַר דײַן מי ניט ליג אויף די קני, כדי פאַראויס צו גײן — גײ ניט אַלײן ! . . .

■ ער רעדט אַז אַ מאָס, װײַל פּוסטקײט קאָן מען ניט מעסטן . . .

■ מיט זײַן װײכער צונג קאָן ער עפּענען פאַרשלאָסענע הערצער . . .

■ אויף רײכע מענטשן קוקט דער אָרעמאַן מיט קנאה. אויף די רײכע הול־טאַיעס — מיט ביטערער שנאה . . .

ער האָט ליב דאָס לעבן, דעם טרינק און דעם פרעס.
נאָר האָט אַ פּנים, װי ער װאָלט פאַזירט פאַר אַ מת . . .

■ דער מענטש װאָס נױטיקט זיך אין אַ קוליע, װעט דאָס ניט אױסבײַטן אויפן שענסטן שטעקן . . .

■ ער איז אַלץ װאָס אין דער קאָרט, נאָר האָט גאָר ליב צו שפּילן אויף „פּערד־לעך" . . .

# סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ אַ בעל־עגלה זוכט שטענדיק צו געפינען בעסערע וועגן, בשעת דער שווינדלער איז אויפן קרומען וועג מאַכן זײַן פּאַרמעגן . . .

■ מ׳קאָן אַמאָל מער לאַכן פון אַ נאַרס אַ זאָג, ווי פון אַ קלוגנס גרויסער חכמה...

■ דער זייגער ווײַזט די צײַט פון סעקונדע ביז אַ שעה, בשעת דאָס לעבן ווײַזט די צײַט פון דאָ — ביז ניטאָ . . .

■ לאַנגע פּיס מאַכן ניט גרויס דעם מענטשן, און לאַנגע האָר מאַכן נאָך ניט אַ גדול־בדור . . .

■ צום אַלטן ווײַן, ווי צום אַלטן טאַטן, איז דער בעסטער ווּאונטש — לחיים !...

טרעט ניט אויף קיין בלומען, טרעט ניט אויף קיין גראָז.
וואָלסט אויך ניט וועלן לײַדן מ׳זאָל דיר שנעלן אין נאָז . . .

■ ער איז ניט קיין מלאך, און נאָך ווײַטער ניט — קיין מענטש . . .

■ ווען איינער איז אַ נודניק, אַ פּלוידערזאַק, איז ניט ש ו ל ד י ק די שפּראַך אין וועלכער ער רעדט, נאָר — דאָס נאַרישע מויל . . .

■ ער האָט פֿיינט דעם „ביטערן טראָפּן״—ער האָט ליב דאָס גאַנצע פ ל ע ש ל...

■ אַ באַרעדעוודיקער מענטש דאַרף שפּאַרירן מיטן שאַטן, וועט ער שטענדיק האָבן דאָס וואָרט . . .

■ ווען איינער זאָגט „איך ווייס ניט פון קיין חכמות״ קאָן דאָס אפשט זײַן דער ריינער אמת . . .

מ׳קאָן נאַרן אַ צווייטן, אים דעם אמת ניט זאָגן.
מ׳קאָן אָבער ניט נאַרן דעם אייגענעם מאָגן . . .

■ אַלטע פרײַנטשאַפט, ווי אַלטער ווײַן, וואָס לענגער מ׳האַלט דאָס אויף — אַלץ טײַערער ווערט דאָס . . .

■ דעם ציניקער מוז מען קוקן אין פּנים אַרײַן ווען ער רעדט, ווען ניט קאָן מען מיינען, ער רעדט ערנסט . . .

■ זיי לעבן שטיל ווי אין גן־עדן — איינס צום צווייטן וויל ניט ריידן . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ די צעשטערער פון געזעץ זיינען אָפט ניט די פאַרברעכער, נאָר די ריכטער און אַדוואָקאַטן . . .

■ די מערסטע מענטשן מאַטערן זיך מיטן לעבן, דאָך קעמפן זיי דאָס לעבן איינצוהאַלטן . . .

■ ער ראַזירט זיך יעדן טאָג מיט אַ ראַזיר־מעסער, נאָר דאָס ווייב דאַרף אים אָנשניידן ברויט און באַשמירן די פּוטער . . .

■ שטענדיק איז ער אָנגעפּרעסן מיט שנאה—זיין פאַרשפּייז קומט פון קנאה...

■ ער וועט נאָכגעבן זיין גע'שמד'טן האַלדז, אַפילו ער זאָל דאַרפן זיך צוריק מגייר (מעגאַיער) זיין . . .

שרייען אָנשטאָט רעדן, אָדער איגנאָרירן, פאַרשווייגן,
איז ווייט פון אַ ענטפער, וואָס זאָל קאָנען איבערצייגן . . .

■ מיט געלד קאָן מען זיך פאַר'מיאוס'ן און — מיט געלד קאָן מען זיך ריינ־וואַשן . . .

■ פון אָפּשערן דעם פערדס עק וועט דער פערד קליגער ניט ווערן . . .

■ אַ פונק פייער האָט מער אָנזען ווי אַ גאַנצע פינצטערע נאַכט . . .

■ אַ קלוגער טראַכט פריער וואָס צו זאָגן. דער נאַר טראַכט: צו וואָס האָט ער געזאָגט וואָס מ'דאַרף ניט?. . .

■ פּאָליטישנס זוכן צו זיין שטענדיק ג ר ו י ס ע גנבים. זיי וויסן פון דער־פאַרונג, אַז „קליינע הענגט מען און גרויסע שענקט מען" . . .

■ ווען עס קומען געסט טאַנצט אַפילו דער הונט אַרום. ער ווייסט, ער וועט שוין אויך אָפּלעקן אַ ביין . . .

■ דער וואָס קניט פאַר הערשער באַווייזט, אַז ער קאָן נאָך ניט שטיין אויף זיינע אייגענע פיס . . .

אַ ליד אָן אַן אינהאַלט מעג האָבן אַ שיינעם גראַם,
נאָר ס'איז ווי קייען שטרוי — ס'האָט ניט קיין טעם . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ מ׳קאָן טאַקע קיין געלט ניט „מיטנעמען״ ... אָבער ס׳איז גוט, אַז ס׳איז דאָ וואָס „אַרויסצונעמען״ ...

■ אָפט טרעפט ווען צוויי מענטשן רייסן זיך, טאַקע דערפאַר ווייל זיי פאַרשטייען זיך איינע די אַנדערע ...

■ אַפילו אין לענדער פון מילך און האָניק האָבן נ י ט אַלע האָניק צו לעקן ...

■ האָט מען ניט קיין קינדער, לעבצט מען. האָט מען יאָ — קרעכצט מען.

■ דער וואָס ליגט אין דר׳ערד, ווייסט ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז ...

■ ווען שפּייז שטייט אָפן קאָן די מויז ניט שלאָפן ...

■ ער איז אַ פרייידיקער און אַ בודק׳ער און לעבט אַ טריפה׳נעם לעבן ...

■ ער איז אַ שטילער מענטש, נאָר זיין וואָרט לאָזט זיך הערן ...

■ די אַלטע פריינט האָט ער פאַרטריבן און די נייע זיינען ניט געבליבן ...

אַ פּאָליטישן פאַר די וואַלן זאָגט פרום דעם הרי־את, —
נאָר אויף מאָרגן נאָך דער חופּה הויבט זיך אָן דער פּאַראַט ...

■ ווען ער קומט צווישן מענטשן ווערט ער אַנאַנדערער מענטש. נאָר זיך „אויסמענטשלען״ דאָס וויל ער ניט ...

■ גיט אַלעמען עצות, נאָר צו האָבן חיונה פאַר זיך, האַלט ער אין בעטן גאָט, און גאָט, ווייזט אויס, זאָגט אים: אַ קלוגער מענטש דאַרף זיך געבן אַן עצה...

■ פירער זיינען אָפט ווי פּאַרפיום, וואָס קאָן מיט דער צייט ווערן אָפּגעלעבט און אויסגעוועפּט ...

■ רייכטום קאָן מען זיך איינשאַפן מיט כוח, אָבער פאַר שכל מוז מען האָבן אַ מוח ...

■ דער בעסטער קעגן־גיפט צו כעס — מאַך אַ שפּאַס ...

■ דער טויט באַצאָלט זיך אָפט — פאַר די וואָס קריגן אַ רייכע ירושה ...

■ ער האָט פריינט אויף די פינגער; שונאים — אויף זיין לייב און לעבן ...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער האָט קיין מזל ניט — קריגט ער פון איין זייט ברכות און פון דער צווייטער — קדחות . . .

■ קיינער ווייסט ניט וועמענס מאָרגן ס'איז, דאָך פּרוּוון אַלע זאָרגן פאַרן מאָרגן . . .

■ ווען דו ווייסט ניט וועגן אַ ענין וואָס צו רעדן, טאָ שווייג, וועסטו אַליין וויסן, אַז דו ווייסט ניט . . .

■ דער פוקס איז אַ גאַנצער חכם, ווען ער איז אין איין „זו" מיט פערד און אייזלען . . .

■ דאָס פאָלק דאַרף זיך שטענדיק היטן פאַר דער כלומר'שטער וואַרעמקייט פון זיין באַטריגער, ווי די פליג פאַרן ברענענדיקן לאָמפּ . . .

■ אַט דאָס הייסט אַ עגאָאיסט: ביי אים איז אַפילו רעכט צו באַגיין זעלבסט־מאָרד, אַבי בלייבן „אומשטערבלעך" . . .

■ ער איז אַזוי קאַרג, אַז ער קירצט זיך באַדאַי די יאָרן, אַבי ניט דאַרפן אויסגעבן דאָס געלט . . .

■ זיינע אַ רעדע איז ווי אַ ביליקער וויין — עס בלייבט בלויז אַ נאָכ'טעם . . .

■ געלט ברענגט ניט קיין גליק, נאָר ס'איז אַ גליק אַז ס'איז פאַראַן וואָס אויסצוגעבן ווען מ'באַדאַרף . . .

> דער וואָס פאַרלירט פריינט, געווינט זיך גרינג שונאים;
> דער וואָס פאַררייסט דעם נאָז, פאַרקרימט זיך דעם פּנים . . .

■ עס איז גרינג צו רעדן וועגן שווערע זאַכן, אויב מ'דאַרף דאָס ניט טראָגן . . .

■ ער האָט פיינט זיך מאַכן צום נאַר, — אַט דאָס איז ער . . .

■ דער דאָלאַר, וואָס דער אָרעמאַן מוז האָבן עפּעס צו קויפן, ליגט גאָר ביים רייכן אין הויפן . . .

■ ער האָט געקראָגן אַזאַ קאַלטע אויפנאַמע, אַז אַ שוויים האָט אים באַגאָסן . . .

■ געהאָלפן אים זיך צו שטעלן אויף די פיס—האָט ער זיך גענומען בריקענען...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

פאַר זיין געשליפענער צונג גיט מען אים ברכות,
נאָר פאַר די גוטע ציין האָט ער צו קייען — קדחות . . .

■ אייביקע ליבע איז אַ פאַלשער צוזאָג, ווען מ׳איז ניט זיכער מיטן לעבן . . .

■ דורכן קאָרד־בוד קאָן אַ פרוי דערלערנען צו פאַרשטיין איר מאַן — וואָס ער האָט ליב צו עסן . . .

■ אַפילו באַגרייפן ניט די מענטשן וואָס גייען אויף שלעכטע וועגן, ביז זיי ״פאַלן״ — דאַן זעען זיי וואָס פאַר אַ ״פנים״ זיי האָבן . . .

■ מיר פאַרדריסט וואָס איך קען אים — און אים פאַרדריסט וואָס איך וויל אים ניט קענען . . .

■ ער איז אַ חכם פון ״מה נשתנה״. ער האָט איינמאָל געזאָגט חכמה, וויל ער ניט אַרויסגיין פון דער הגדה . . .

■ דער אונטערשייד צווישן אַ ג ר ו י ס ן רעדנער און אַ ל אַ נ ג ן רעדנער איז אַפּט אין מער ווי אַ שעה . . .

אויף יענעמס אומגליק בוי ניט דיין גליק.
עס קאָן אויך ביי דיר אינמיטן פּלאַצן די שטריק . . .

■ די נאַטור פונעם מענטשן: ס׳ליגט אים דער טויט אויפן פנים און ער טראַכט — פון אומשטערבלעכקייט . . .

■ איינער זיצט אין וואָגן און האַלט די לייצעס; אַ צווייטער דרייט זיך אין דרייען און שלעפּט אויף די פּלייצעס . . .

■ דורך אַ בליק אין אַ קליין פענצטער קאָן מען זען אַ גאַנצע גאַס, און דורך בליקן פון אָפענע אויגן קאָן מען זען — די וועלט . . .

■ מ׳דערקענט נאָך דער קאַפּאָטע, אַז ער ליגט אין בלאָטע . . .

■ מזל איז נאָר גוט פאַר נאַראָנים. אַ קלוגער פאַרלאָזט זיך ניט אויף דעם.

■ פאַראַן מענטשן וואָס זיינען אַזוי רייך, אַז זיי ווייסן ניט פון זייער פאַרמעגן — לעבן זיי טאַקע אָן אַ חשבון . . .

# מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַ צווייַג וואָס טראָגט אויס אַ סך פּרות, ווערט אויך איינגעבראָכן . . .

■ ווען ס'פעלט אַ שרייפל אין קאָפּ, אַרבעט דער קאָפּ ניט, נאָר ווען ס'פעלט אַ שרייפל אין צונג — אַרבעט זי אויף אויף אַלע זייטן . . .

■ די ליבעס הייַנטיקע צייַטן זייַנען ווי פרילינג־בלומען — זיי צעבליִען זיך גיך און צעפאַלן זיך גיך . . .

■ אַפילו דער בעסטער רייטער קאָן ניט זיין זיכער, אַז ער וועט שטענדיק זיין אויפן פערד . . .

■ געוויסע דאָקטוירים מאַכן דעם דיאַגנאָז לויט דעם פּאַציענטס קעשענע . . .

■ דער וואָס איז שטענדיק געבראָכן האַלט ניט פון בטחון . . .

■ די טבע פון הונט איז צו נעמען בילן ווען ער דערזעט אַ גאַסט אַרייַנקומען — ער לאָזט וויסן: איך בין אויך דאָ . . .

■ דעם אָרימען אַרבעטער קומט אויס שטענדיק צו היטן זיין שטיקל ברויט, מער ווי דעם רייַכן זיין גאָלדוואַרג, ווייל — זיין ברויט איז ניט „פאַרזיכערט"...

דער מענטש, ווי דער פיש, לאָזט אָפּט זיך פאַרנאַרן;
אין גֿעיעג נאָכן „ווערימל" פאַרזעט ער די געפאַרן . . .

■ עס איז שווער צו מאַכן אַ קאָנטעסט פון נאַראָנים. קיינעם וועט ניט איינפאַלן, אַז ער קאָן זיך אָנשליסן . . .

■ דער מענטש וואָס עסט מער ווי ער דאַרף, איז ניט נאָר אַן אויסברענגער פון געלט און שפייז, נאָר — אַן א ו מ ברענגער פון זיך . . .

■ דער אימפּעריאַליסט האָט זיין סיסטעם פון אַרבעט: שיסט מיט פּראָזן פאַר די בירגער אין לאַנד און — שיסט מיט קאַנאָנען אין אויסלאַנד . . .

■ ער איז שטענדיק אין אַ שטימונג צו קריגן זיך, נאָר אויב ער האָט ניט מיט וועמען — פילט ער זיך שלעכט געשטימט . . .

■ ער איז פון די פוילער וואָס פוילט זיך אָוועקלייגן, ער זאָל ניט דאַרפן אויפשטיין . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער איז ניט קיין נוגע־בדבר, נאָר אַ נגע (נעגאַ) ווען ער רעדט . . .

מ׳קאָן אַלץ איבעראַרבעטן, מאַכן אַנדערש פאַרשיידענע זאַכן,
נאָר איבעראַרבעטן אַ כאַראַקטער, דאָס איז שווער איבערמאַכן . . .

■ אַ קבצן קאָן ניט זיין קיין קמצן . . .

■ איינעם קראַמפּט דער הונגער, אַ צווייטן דאָס איבערעסן זיך . . .

■ אַ שדכן וויל אויספירן. אַ רעקעטיר — פאַרפירן, און אַ בעל־עגלה — פראָסט פשוט, פירן.

■ דער גרעסטער אַפּנאַרער איז דער וואָס נאַרט זיך אַליין — און האָט נאָך הנאה פון דעם . . .

■ פון צופיל ליבן — פאַרלירט מען דעם גלויבן...

■ הערן נייעס ווען פראַגרעס גיט האָפענונג ; זען פּראָגרעס — גיט פאַר־געניגן . . .

■ די טויב איז דער סימבאָל פון שלום — דער אָדלער (אויפן געלט) — דער סימבאָל פון קריג . . .

דער גרויסער פּאָליטישן, באַגלייט פון חונפים־כאָרן,
זאָגט־צו ליכטיקע טעג — און ברענגט פינצטערע יאָרן . . .

■ איר קאָנט אַזוי בויען אויף אַ פּאָליטישנס וואָרט, ווי אַ מת זאָל זיין אַ „בעד־טער" פאַר אייך אויפן „גוטן אָרט" . . .

■ דער וואָס האָט ניט קיין גראָשן האָט ניט קיין לשון . . . דער וואָס האָט ניט קיין סענט — דעם דינען ניט די הענט . . . און דער וואָס פאַרמאָגט ניט קיין פּרוטה — שיקט מען צו די ניט־גוטע . . .

■ וויפל אַ דעמאַגאָג זאָל זיך ניט קאָכן, בלייבט זיין וואָרט רוי, און וויפל ער זאָל זיך ניט ברענען — בלייבט ער ניט דערבאַקן . . .

■ פאַר די וואַלן טראָגט דער פּאָליטישן דעם ציגאַר צו דעם בירגער אַנטקעגן. נאָך די וואַלן — גיט ער אים אַן אויסגעברענט שוועבעלע . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ פון דערציילן מעשיות ציילט מען ניט קיין געלט . . .

■ קריגס־צינדער שרייבן אָפּט זייער „לעבנס־געשיכטע" מיטן שפּיץ פון שווערד — געטונקען אין מענשלעך בלוט . . .

■ דער וואָס לעבט אויף פאַנטאַזיעס קריגן זיין לעבנס־מיטל אין חלום . . .

■ עשירות לאָזט ניט שלאָפן — עס דרייט דער קאָפּ. אָרעמקייט לאָזט ניט שלאָפן — ער דרייט דעם מאָגן . . .

■ דעם פּוץ קאָן דער מענטש אַליין זען אויף זיך אין שפּיגל. זיין גייסטיקע שיינקייט מוזן שוין אַנדערע אורטיילן . . .

■ דער וואָס גייט מיט דער נאָז פאַרריסן קאָן פון דער שיינקייט אויפן וועג ניט געניסן . . .

■ אין דער פינצטער קאָן אַ מענטש דערזען די וועלט, און — אין אַ שיינעם טאָג קאָן אַ מענטש די אויגן „פאַרמאַכן" . . .

■ ער איז אין אַ זיידן העמדל ניט געבוירן, האָט ער ניט אויף זיך קיין העמד און קיין שיך . . .

■ אויף אים קאָן מען ניט זאָגן, אַז ער איז אַ ביליקער פּאָליטישן — די בירגער באַצאָלן אַ טייערן פּרייז . . .

■ דער וואָס האָט אינזינען דעם כּלל, היט אָפּ ערלעך זיין אידעאַל . . .

■ פייערן קאָנען ניט באַלויכטן אַ פינצטערן צושטאַנד . . .

■ ער האָט אויף גאָט'ס חסד, נאָר דערוויל זוכט ער אַ גמילת חסד . . .

■ ער איז אַ כעסן ווי דער ווינט, רייסט און וואַרפט זיך, נאָר וואָס ער וויל, ווייסט קיינער ניט . . .

■ ווען מענטשן וואָלטן פאַרמאָגט פליגל, וואָלטן זיי בעסער געוואָלט לעבן ווי טויבן און ניט זיין קיין מלאכים . . .

■ ער מאַכט זיך אַזוי אָפּט צום נאַר, אַז מ'גלויבט אים שוין — און ער דאַרף זיך שוין ניט מאַכן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער איז אַ גאַנצער אַרכיטעקט. ער לייגט צוזאַמען אַ ליגן צען גאָרן די הויך און — עס גייט אַ רויך . . .

■ דער וואָס זוכט נאָר אַ שיינע צורה ווערט אָפט אָפּגענאַרט מיט אַ שיינער צרה . . .

■ ער איז ניט קיין פאַנטאַזיאָר, נאָר — אַן אמת'ער ליגנער . . .

■ אויגן וויינען מיט געזאַלצענע טרערן. דאָס האַרץ וויינט מיט וואַרעם בלוט...

■ ער עסט פאַר דריי און דאַנקט ניט פאַר זיך אַליין . . .

■ דער וואָס רייסט זיך אָפּ פון אייגענעם שטאַם איז אַ תּם, וואָס ווייסט ניט פון פאַמיליען־לעבן דעם טעם . . .

■ איינער פאַרטיידיקט זיך, אַז ער איז נאָך קיינמאָל ניט געוועזן אַרעסטירט. אַ צווייטער גרויסט זיך, אַז מ'האָט אים שוין אַ צענדליק מאָל באַפרייט . . .

■ ווי קאָן מען זיין זיכער מיטן באָדן אונטער די פיס, ווען די מאַמע ערד איז ניט זיכער — זי הענגט שטענדיק אין דער לופטן . . .

■ דער וואָס האָט אַ שליסל צו דער טיר קריכט ניט דורך די פענצטער . . .

■ מיר לעבן אין אַ צייט ווען די וויסנשאַפט קוקט אַרויף צו די הימלען, נאָר די מענטשהייט אויף דער ערד — האָט מען אין דר'ערד . . .

■ אַ ביוראָקראַט, ווי אַ בעל־עגלה, שמייסט ניט אַלעמאָל זיינע פערד. נאָר — דער פייף פון זיין בייטש איז גענוג זיי אַנצושרעקן זיי זאָלן לויפן . . .

■ די שטימע פון פאָלק, זאָגט מען, איז די שטימע פון גאָט. נאָר מ'הערט אַזוי דאָס פאָלק ווי מ'הערט גאָט. די בירגער שטימען און דער ביוראָקראַט האַלט פון אַליין אַלץ ב אַ ש ט י מ ע ן...

■ דער פיינסטער שניפּס קאָן ניט פאַרשטעלן אַ טריפה'נעם האַלדז . . .

„לא על הלחם לבדו, פאַרטייטשט אַזוי דער רייכער אַוודאי,
אַז ניט אויף ברויט אַליין לעבט מען רייך און שיין.
נאָר עס מוז אויך זיין גוטער קאָניאַק און וויין,
און אַלץ וואָס גייט מיט, וואָס דער אָרעמאַן האָט נ י ט . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ צו אַ זים לעבן מוז מען אויך האָבן ברויט און זאַלץ . . .

■ ער זאָגט שוין ווידוי, נאָר וואו זיין פאַרמעגן ליגט — זאָגט ער ניט . . .

■ און אַז אַ יתום — מעג ער ברעכן שויבן, און גנב׳ענען טויבן ? . . .

■ אַ מענטש דאַרף זיך אָנשטרענגען צו האַנדלען שיין, ווייל געמיין — קומט אַליין . . .

■ האָט זיך דערקלערט אין ליבע מיט ליגנס—און חתונה געהאַט אויף אַן אמת...

■ מ׳גייט אַריין אין פאַבריק מיט „בלוט און מילך", אָבער גיך דערפילט מען — אַז מ׳דאַרף זיין פון אייזן . . .

דער טויט איז ניט שרעקלעך, ווי מענטשן קאָנען מיינען,
אַ באַווייז — די טויטע וויינען ניט, בלויז די לעבעדיקע וויינען . . .

■ האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ מענטשן, ער מיינט מ׳וועט אים ניט דערקענען...

■ דער טייוול האָט שטענדיק אַ ווייכן געלעגער אין שטיינערנעם האַרץ . . .

■ פאַראַן אַמאָל אַ צייט, ווען מ׳איז דאַנקבאַר אַפילו אַ נודניק—למשל—ווען ער כאַפּט אייך אַן פאַר אַ קנעפּל און גיט עס אייך גלייך אין האַנט אַריין, וואָס דערמאָנט אייך, אַז מ׳דאַרף עס שטאַרקער צונייען . . .

■ האַלט אין איין קוקן אויפן זייגער און — קומט שטענדיק שפּעט . . .

■ ווען צוויי הינט רייסן זיך איז אַ באַווייז, אַז זיי האָבן איין ביין . . .

■ ער אַרבעט ווי אַ פערד, נאָר אַ פערד בריקעט זיך אַמאָל — ער האָט אָבער ניט קיין צייט זיך צו בריקען . . .

■ היינטיקע צייטן קאָנען מענטשן לעבן לענגער — ווען מ׳לאָזט זיי . . .

קאָן ניט לייענען עברי אַ שייטל. עפנט אַ סידור פון לינקן זייטל.
נאָר ער האָט אַ רייכן בייטל — האַלט ער אין האַנט דעם טייטל . . .

■ דער וועטער־נביא איז ווי אַ שלעכטער בעל־חוב : ער קאָן אָפּט ניט גוטמאַכן זיין צוזאָג, אָבער מיט דער צייט צאָלט ער אָפּ מיט פּראָצענט . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ לערן היינט פון דעם נעכטן, וועט עס דיר צוניצקומען מאָרגן . . .

■ דער מענטש וואָס באַגייט זעלבסטמאָרד איז אָפּט פּשוט אומגעדולדיק ; ער האָט ניט קיין געדולד צו וואַרטן אויף דעם וואָס ער איז סיי־ווי זיכער צו קריגן . . .

■ אַ דיפּלאָמאַט רעדט קורץ און מיינט אַ סך. אַ פּאָליטישן רעדט אַ סך און — מיינט גאָרניט . . .

■ ווען מ׳קלאַפּט צוויי שטיינער פּליען פונקען. נאָר — ווען צוויי פעלקער קלאַפּן זיך, ווערן די פונקען — פייער . . .

■ לאַכט ניט פון אַ נאַרישקייט, דער נאָר וועט מיינען, אַז ער האָט געזאָגט אַ חכמה . . .

ווען אַ ווייטיק איז גרויס, שרייט מען און מ׳קלאָגט.
נאָר אָפט דורך שווייגן ווערט נאָך מער געזאָגט ! . . .

■ דער וואָס האָט אַ סך געלט, שלאָפט ניט רואיק, און דער וואָס האָט ניט קיין וועטשערע קאָן אויך ניט איינשלאָפן. דער מוסר־השכל פון דעם איז — ווען איינער זאָל ניט האָבן צופיל און אַ צווייטן זאָל גאָרניט פעלן, וואָלטן ב י י ד ע רואיק געשלאָפן . . .

■ ווען דער שיכור טרינקט זיך אָן, מאַכט ער צו די אויגן. ער קאָן ניט קוקן אויף אַ ליידיק פלעשל . . .

■ אַ סך ביוראָקראַטן זיצן אויבן־אָן, ווייל זיי שרעקן זיך צו באַגעגענען מיט די פאָלקס־מאַסן אונטן . . .

■ ניט געננוג וואָס ער האָט אַ צאָן־ווייטיק, איז ער נאָך קראַנק — און אַ „קרענק” דערצו . . .

■ יעדער מענטש וויל פילן אַ האַרטן באָדן אונטער די פיס, נאָר אַז די אויגן פאַרמאַכן זיך צו שלאָפן — איז ליב אַ ווייכער קישן . . .

■ ווען איר לייענט נייעס אין געוויסע צייטונגען, מוזט איר האָבן דאָס זאַלץ־מעסטל צו דער האַנט, ווייל אַ סך נייעס מוז מען נעמען מיט אביסל זאַלץ . . .

# ס ע ם  ל י פ ּ צ י ן  /  מ י י ן  ג אָ ר ט ן

■ סודות קומען פון איינעם צו איינעם, און אַלע זאָגן: דערציילט ניט קיינעם...

האָסט אַ פאַרמעגן, איז דיר וואויל און פיין,
אָבער מוזט ניט צוליב דעם אַ דבר־אחר זיין . . .

■ ווען ער נעמט זיך צו דער אכילה איז דאָס ביי אים אַ לאַנגע מגילה . . .

■ טאָג און נאַכט ליגן אין שענק איז אויך אַ קרענק . . .

■ פון ש ל ע פּ ן אַ פּעקל, ביז אַ פּעקל ט ר אָ ג ן — האָט אַ סך צו זאָגן . . .

■ אַ מענטש קאָן זיין האַרט ווי אַ שטיין, נאָר אַז ער כאַפּט קלעפּ „ברעקלט" ער זיך און גיט נאָך . . .

מ׳קאָן לערנען פון אַ דיסקוסיע וועגן יעדן סאָרט „איזם",
נאָר מיט אַ שפּראַך אַ באַלערנטער — ניט מיט ביטערן סאַדיזם . . .

■ אַ הינדעלע וואָס פּיקט זיך נאָר־וואָס אַרויס פון דער איי זוכט גלייך וואָס צו פּיקן . . .

■ ס׳איז גרינג אָפּצופרישן אַ נעכטיק ברויטל, אָבער ניט קיין נעכטיקן טאָג...

■ האָט ניט אונטער זיך קיין פונדאַמענט, ניט קיין קאָפּ און ניט קיין הענט, דאָך קריכט ער אויף די גלייכע ווענט . . .

■ ער היט זיך אָפּ ווי ער וואָלט זיין אַ בן יחיד — איין נאַר אין שטאָט . . .

■ ניט שולדיק איז דער שטיין וואָס פליט אין פענצטער, נאָר די האַנט וואָס וואַרפט אים . . .

■ ניט אַלע מאָל איז גיין באַרג אַראָפּ — אונטערגאַנג. אַמאָל גייט מען כאַפּן פיש . . .

■ צען שטיינער, ווי איין שטיין — זיינען אַלע עלנט אַליין . . .

■ האָט ניט קיין אַנזען ווי אַ שטויב, נאָר וואו זון־שיין קריכט עס שטענדיק פאַר די אויגן . . .

מענטשן זיינען דאָ פאַרשיידענע צווישן פעלקער איבעראַל.
איינער קאָן זיין האַרצלאָז, אַ צווייטער — אַז אַ גאַל . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער האָט אַן אָפענע האַנט — אויף פּאַטשן בראַוואָ . . .

■ ביי אַ קמצן ליידט שטענדיק די קעשענע פון „פאַרשטאָפּונג“ . . .

■ אין שול איז ער קאַכלעפל, און ביי דער ווייב מישט ער זיך אין די טעפּלעך...

■ עס איז גוט זיך צו באַרימען אַז דער יוגנט־פ ר י י נ ט איז איצט אַן אַ ל ־ ט ע ר פריינט . . .

■ אַלטע טאַטע־מאַמע זיינען ווי אַלטע מטבעות — וואָס עלטער זיי ווערן אַלץ טייערער זיינען זיי . . .

■ האָט אַ הילצערנעם קאָפּ, אַ שטיינערנע האַרץ און — שלאָפט אויף פּוכאַווע קישנס . . .

אמאָל האָט די יוגנט געברענט, מיט דער צייט געוואָרן קעלטער.
איצט באַקלאָגט זיך די יוגנט — זי איז אויף דער עלטער . .

■ ווען אַ באַרג פאַלט אַראָפּ — הויבט דער טאָל אויף זיין קאָפּ . . .

■ ס'איז גרינג צו שיטן אַ צווייטן זאַמד אין די אויגן, נאָר אַליין דערפילן איין זעמדעלע אין אויג — ווערט פינצטער די וועלט . . .

■ דער מענטש וואָס וויל זיך אַנטאָן מיט זיינע רייכע קליידער — זעט זיך אָפט ניט אַן דער מענטש אין אים . . .

■ וואָס טיפער עס זיינען די אויל־פעלדער, אַלץ ברייטער די בלוט־בעדער . . .

■ אַ פּאָליטישנס וואָרט איז ווי דער פייף פון ווינט — פייפט־אָן און „לויפט“ ווייטער . . .

■ ווען אַ פּאָליטישן גיט אייך אַ סיגאַר, וויל ער פאַרשטעלן זיינע ליגנס מיט אַ רויך־פאָרהאַנג . . .

■ קוקן אויפן שפּיץ פון באַרג איז ניט אַזוי שרעקלעך, ווי קוקן פון שפּיץ צום טאָל . . .

אַ מענטש איז ווי אַ הויז, ווען ס'ווערט אַלט און שוואַך,
קרימען זיך די ווענט און ס'שאָקלט זיך דער דאַך . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ די „קליאַמקע" לאָזט שטענדיק וויסן וואו אַ טיר עפנט זיך . . .

■ צו דערגרייכן אַ טיפן עלטער מוז מען זיך מוטשען אַ סך יאָרן . . .

■ „די גאָלדענע קאַלב" ווייסט ווי צו מעלקן די אומשולדיקע „בהמות" . . .

■ געזעצלאָזיקייט ווערט געשאַפן פון די וואָס באַנוצן אַ ז ע ץ — אַנשטאָט ערלעכן ג ע ז ע ץ . . .

■ ער האָט פיינט צו פירן חשבונות — דערפאַר קאָן ער באַווייזן צו לעבן אָן אַ חשבון . . .

■ ער איז אַ בייזער באַלעבאָס, אַז ער שרייט אַפילו אויף זיינע אייגענע ציין...

■ נאָכדעם ווי מ'באַצאָלט אַ טייערן פּרייז פאַר נאַרישקייט — ווערט מען אַ גאַנצער חכם . . .

ווען צוויי עקשנים אַמפּערן זיך, טאָר זיך אַ דריטער ניט מישן.
ווען זיי רייסן זיך, קאָנסטו כאַפּן פּעטש אינצווישן . . .

■ „ריידן איז זילבער, שווייגן איז גאָלד", זאָגט מען. ער איז אָבער פון די רעדנער וואָס האַלט, אַז מ'קאָן פון זילבער אויך מאַכן גאָלד . . .

■ אין שפּיגל זעט ער זיך פאַר אַ גדול, נאָר ביי מענטשן — אַ שפּיץ פון אַ נאָדל . . .

■ אַמאָל איז ער געווען פרום, איצט, זאָגט ער, איז ביי אים רעליגיע — ג אָ ט ב אַ ה י ט . . .

■ די טיר לאָזט וויסן ווען זי סקריפּעט — אַז אַנזאָג, אַז קוים וואָס זי זשיפּעט...

■ דאָס לעבן פון אַ באַשעפעניש איז ווי די בלאַט פון בוים, ווי גיך ס'קומט האַרבסט — איז פריער, שפּעטער — פאַלן די בלעטער . . .

■ מיר וויסן וויפל נעכטנס מיר האָבן געהאַט, מיר וויסן וויפל שעה איז דער היינט, נאָר קיינער קאָן זיך ניט פאַרזאָרגן, ווי לאַנג ס'וועט זיין דער מאָרגן...

געגאַנגען באַוואָפנט אין קריג, געמוזט קריכן אין טרענטש ווי אַ וואָרעם;
האָט ער אַ בענדל אויפן אָרבל און צוויי קוליעס אונטערן אָרעם . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אין "קאַסטן" איז גרינג צו פאַסטן, נאָר ביים טיש האָרף מען פלייש און פיש . . .

■ א גוטן דעמאָקראַט קאָן אויסקומען צו ד י ק ט י ר ן, און אַז ערלעכן וועג־ווייזער דורך קרומע וועגן פירן . . .

■ פאַרטרונקען אין חובות איבערן האַלדז, און האָט ניט אַ האָר אויפן קאָפּ, מ'זאָל אים קאָנען ראַטעווען . . .

■ ער דרייט זיך — און דער זייגער גייט־זיך . . .

■ שווערט זיך צען מאָל אויף איין ליגן, און צום סוף גלויבט מען אים ניט . . .

■ פון זיינע מעשׂות קאָן זיך ביי אַ פליכעוואַטן שטעלן די האָר קאַפּויר . . .

צופיל הייוון אין דער חלה איז גאַרניט קיין מעלה.
דער טייג לויפט־אַריבער און אין חלה ווערט גריבער . . .

■ הילף געבן און נעמען איז ניט זיך צו שעמען . . .

■ דער גרויסהאַלטער זעט ניט קיין מענטשן — און מענטשן ווילן אים ניט אַנקוקן . . .

■ אפילו דער אַלטער אַמעריקאַנער "אַלראַיט" ליידט שוין אויך פון אַ ל ט ־ ראַיטעם . . .

■ ער רעדט זיסע רייד פון די ליפּן און האָט ביטערע מחשבות אין קאָפּ . . .

■ ער האָט נאָך אַביסל זעלבסט־רעספּעקט — ער ווערט נאָך רויט ווען ער זאָגט אַ ליגן . . .

■ אַ פוסטן קאָפּ פּאַסט יעדע היטל — ווי אַ מת יעדער קיטל . . .

■ דעם אייגענעם שאָטן טרעט קיינער ניט אָן אויפן פוס . . .

■ דער שקלאַף ווי דער קעמל, אַפילו ווען ער רוט, קאָן ער זיך אויך ניט אויס־גלייכן זיין רוקן . . .

פאַר קומען אויף דער וועלט קריגט מען אַ פּסק אַ האַרבן.
מ'ווערט גלייך פאַר'משפּט אויף אייביק צו שטאַרבן . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַז אַרימאַן מאַכט זומער פון אַ ווינטער־מאַנטל און ווינטער חלומ׳ט ער פון אַ וואַרימער געגנט — נאָר ער קומט אָפּ מיט אַ גוטן חלום . . .

■ צווישן מאַנטיק און זונטיק צעקריכט מיר ווידער די וואָך . . .

■ לעבעדיקער פלאַנץ פון אַ בוים קאָן צעשפּאַלטן דעם גרויזהאַרטן שטיין . . .

■ פון „לעבן אַ טאָג" האָט ער ניט געטראַכט, ביז אָפּגעזאָגט „אַ גוטע נאַכט"...

■ אַז אמת איז פאַראַן איינער, אָבער אויף שקר איז ער אַ בעקער . . .

■ ווילסט ניט זיצן פון דער ווייטן — קום באַצייטן . . .

■ פון פליען מיט פאַנטאַזיעס קאָן מען ניט אַראָפּקומען מיט אַ פּאַראַשוט . . .

רייט דער ביוראָקראַט אויפן פערד, האָט ער אַלעמען אין דר׳ערד.
וואַרפט דער „פערד" אים אַראָפּ איז ער אין דר׳ערד מיטן קאָפּ . . .

■ דער האָן קרייט, דער זייגער גייט, און — דער פוילער ליגט . . .

■ דעם רייכן געפעלט ניט קיין גלייכהייט. ער ווייסט, אַז פון גלייכהייט וועט אים ווערן ווייניקער. דערפאַר זעט ביי אים אויס גלייכהייט — קרום . . .

■ באָרגט מען אים אַ צענערל, פ אַ ר ג ע ס ט ער דאָס אָפּגעבן. נאָר באָרגט מען אים ניט — קאָן ער דאָס נ י ט פאַרגעסן . . .

■ ער איז ניט קיין פייערלעשער, נאָר — ער רעדט פאַר פייער און וואַסער . . .

■ אַ מויל האָט ער אויף שרויפן, נאָר אין מוח פעלט אים אַ שרייפל . . .

■ זיי פירן אַ לעבן ווי ביטערע כריין און שטילע פיש, נאָר געפינען זיך צוזאַמען אויפן טיש . . .

אַ מענטש שרייט : העלפט! ווען עס באַפאַלט אים אַ רויבער,
נאָר דער וואָס קאָן העלפן — אָפט מאַכט זיך ווי אַ טויבער . . .

■ דער פּאַראַזיט איז פאַרפּוצט גאַנץ עלעגאַנט, טראָגט אַ בלימל אין קלאַפּ און — אַ מעסער אין האַנט . . .

■ די וועלט ווערט צעפרעסן פון פּאַראַזיטן, נאָר אויף דעם קליינעם זשוקל אין גאָרטן שרייט מען „פּאַראַזיט!" . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ס'האָט אַ קעפּל ווי אַ „פּאַינעפּל" — זיס, ווייניק און שטעכעדיק . . .

■ אַ מיאוס'ער קלייד העלפט ניט קיין שיינע קנעפּ, ווי פאַר אַ בולוואַרן־צייטונג שרייענדיקע „קעפּ" . . .

■ חלב קאָן שאַפן אין וואַסער גרויסע אויגן וואָס זאָלן גאַרניט זען. אַ נודניק קאָן אַ סך רעדן און עס זאָל ניט זיין וואָס צו הערן . . .

■ די געלט־גייציקע שרייבער וואָס זיינען שטענדיק גרייט פאַר דער „קאַלב" זיך בוקן, זיינען גרייט געבן דעם פאָלק מיטן פּען אין רוקן . . .

■ אַ שלעכטער פירער איז ווי אַ שלעכטער זייגער; אויב ער ווייזט ניט די צייט — גייט ער פאַלש . . .

קוק ווייניקער אין שפּיגל, זע, מענטש גייען אַן שיך.
אויב דו זעסט ניט יענעם איז ווי צו דיין „איך" . . .

■ יעדער קלוגער מענטש קאָן זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ נאַרישקייט, און ביי אַ נאַר כאַפּט זיך אַמאָל אַרויס אַ חכמה . . .

■ דער וואָס האַלט זיך אויף אין בלאָטע, כאַפּט פיש אין מוטנעם וואַסער . . .

■ מעג אַ באָבע זיין אַן צייין, דאָך ווי אַ קינד, איז זי ליב און שיין . . .

■ אַ סך פינצטערע אַרבעט ווערט אָפּגעטאָן אינעם ליכט פון טאָג . . .

■ די פיס שלעפּן דעם מענטשן אַ לעבן־לאַנג — באַקלאָגן זיי זיך ניט, נאָר אַז דעם מענטשן קומט אויס צו שלעפּן די פיס — שרייט ער געוואַלד . . .

■ „ליבע איז בלינד", און ווען מ'האָט זיך שוין פיינט — ערשט דאַן קוקט מען זיך ווידער ניט אָן . . .

■ מ'קאָן זייער אַ סך לערנען ווי צו האָבן דערפאָלג — פון אַ צווייטנס דורכ־פאַל . . .

■ דאַכט זיך אַלע מענטשן ווייסן אַז זיי וועלן מער ניט דאַרפן ווי „פיר איילן ערד", און דאָך רייסט מען זיך צו פאַרכאַפּן פרעמדע לענדער . . .

ער האַלט שטענדיק פון זיך, ער איז אַן עולם־ומלאָה.
נאָר ער ליגט ניט קיינעם אין דער לינקער פּאה . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ איינער פרעגט אַ קשיא, און אַ הונגעריקער בעט אַ קאַשע . . .

■ ווען איינער הינקט אויף ערלעכקייט, איז אַפּט גרינג אים צו כאַפּן ביים האַנט . . .

■ אַ פוילער מאַכט ניט קיין פעלער . . .

■ דער זיוויג ווערט געשלאָסן אין הימל. אַ גט קריגט מען וואו מ׳באַצאָלט . . .

■ ער איז פון די רעדנער, וואָס קאָנען ניט רעדן איינס און צוויי — נעמט דאָס אים דריי שעה . . .

■ דאָס האַרץ איז דעם מענטשנס בעסטער פריינט — ווען דער מענטש הערט זיך צו וואָס דאָס האַרץ זאָגט אים . . .

■ גאָלד איז אַ שווערער מעטאַל, נאָר דער פאַרליבטער אין געלט־זאַק — כאַפּט דעם שווערסטן פּאַק . . .

ס׳איז ריכטיק, אַז דער אמת קומט סוף־כל־סוף אַרויס,
נאָר ביז מ׳דערזעט אים גייען די כוחות אויס . . .

■ וויל ניט אָנצינדן קיין ליכט און שרייט — ס׳איז אַ פינצטערע וועלט . . .

■ איר קאָנט מעסטן זיין שכל לויט זיין שמייכל . . .

■ פון צוויי מיט אַ האַלב פינגער קאָן מען מאַכן אַ פייג, ניט קיין צימעס . . .

■ ער רעדט אַ סך וועגן שלום, נאָר ווי גיך איר גיט אים אַ שלום־עליכם — דאַרפט איר אָפּציילן צי איר האָט אַלע פינגער אין האַנט . . .

■ פלי ניט צו הויך וועסטו ניט שמעקן פון קוימען קיין רויך . . .

■ געלט קאָן מען ציילן, אָבער חכמה — איבערדערציילן . . .

■ ער האַלט זיך פאַר אַ וועלט־מענטש וואָס קאָן אָפּנאַרן די וועלט . . .

דער אידעאַל איז מיין לעבן, די פאָלקס־מאַסן מיינע פריינט.
איך גלויב היינט, ווי נעכטן און מאָרגן — ווי היינט!

■ דער וואָס האָט די ממשלה שפּילט די הויפּט־ראָלע . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דער פּסוק זאָגט, „אמור מעט ועשה הרבה" (ס'הייסט: רעד ווייניק און טו אַ סך). טאָ ווי אַזוי וועט דער מגיד מאַכן אַ לעבן? . . .

■ מ'זאָגט: „פון אַ נאַר האָט מען צ ע ר" — לעבט טאָקע דער הערשער, דער צ אַ ר אויפן חשבון פון נאַר . . .

■ עס איז אַן אומגליק־פעלער צו זיין שטום, אָבער צופיל פּלוידערן איז אויך אַ מום . . .

פוילט זיך צו אַרבעטן, האָט ניט צו קיין זאַך געדולד,
נאָר וועט שטאַרק זיך באַמיען אויף אַ צווייטן וואַרפן די שולד . . .

■ יעדער מענטש פאַרמאָגט אין זיך אַביסל שלעכטס, נאָר דער גוטער ווייזט דאָס קיינמאָל ניט אַרויס . . .

■ דער אונטערשייד צווישן אַ פּעסימיסט און אַ אָפּטימיסט קאָן מען זען אין צייטן פון געפאַר. דער פּעסימיסט איז גרייט זיך נעמען דאָס לעבן, בעת דער אָפּטימיסט ק ע מ פּ ט פאַרן לעבן . . .

■ ווען מ'האַלט זיך אין טרינקען איז צו שפּעט זיך צו לערנען שווימען . . .

■ אַ שניידער באַטראַכט די קלאָפּע, אַ בעל־עגלה די שקאַפּע און דער אַרכי־טעקט — די מאַפּע . . .

■ מזל און שלים־מזל זיינען צוויי לאַנדסלייט. נאָר מזל האַלט פון נ ע מ ע ן און שלים־מזל — פון זיך ש ע מ ע ן . . .

■ דער רייכער ברעכט זיך זיין קאָפּ — אין זיין „געמבלען" צו געווינען. דער אַרבעטער ברעכט זיך די הענט, וואו קאָן מען עפּעס פאַרדינען . . .

■ עס איז גוט צו האָבן בטחון, נאָר פון הימל פאַלט ניט אַראָפּ וואָס צו קאָכן...

■ אַ סך מענטשן האָבן וואָס צו זאָגן און טראַכטן גוט, נאָר צו זאָגן — פעלט זיי מוט . . .

■ דער מענטש וואָס רייסט זיך צו אומשטערבלעכקייט, מאַכט פון זיך קאַטאַ־וועס. איינער איז נאָר אומשטערבלעך — דער מלאך־המות . . .

■ ווען איינער קאָכט זיך, לאָזט אים זיך קאָכן — ביז ער וועט זיך אויסקאָכן...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַ דורכפֿאַל לערנט אַמאָל בעסער, ווי דער בעסטער פּראָפֿעסאָר . . .

דערפֿאַר וואָס אַ בין האָט אים געגעבן אַ ביס,<br>עסט ער ניט קיין האָניק, און אַלץ וואָס איז זיס . . .

■ האַלט זיך אין איין פֿאַרזאָרגן פֿאַר אַ רעגנדיקן טאָג און ווייסט ניט פֿון גע־ניסן אַ שיינעם טאָג אין לעבן . . .

■ מיט אַ ליידיקן זאַק אויף די פּלייצעס איז מען — אַ ליידיק־גייער . . .

■ ער וואָרפֿט זיך, קאָכט זיך, פּרעגלט זיך און — בלייבט שטענדיק רוי . . .

■ אַ געזאַלבטער פּאָליטישן איז אָפֿט ווי אַ זאַלב: ער לאָזט זיך „שמירן", נאָר זיין ריח קאָן מען גיך דערשפּירן . . .

■ ווען געוויסע מענטשן וואָלטן געטראַכט ווי צו לעבן אויף ד ע ר ו ו ע ל ט, ווי זיי טראַכטן פֿון „יענער" וועלט — וואָלטן זיי טאַקע בעסער געלעבט אויף ד ע ר וועלט . . .

■ פֿאַרליבט אין אַ פֿינטעלע חן — און פֿאַרזעט דעם טאָפּ מיט כריין . . .

■ דער וואָס שווימט אין דער לופֿטן קאָן זיך טאַקע ניט דערטרינקען, אָבער — ער קאָן אויך ניט שטיין אויף אַ געזונטן באָדן . . .

■ ער איז אַן אומפּאַרטייאישער פּאָליטישן — ער נעמט רעכטס און לינקס...

■ עס איז גרינג זיך איינצורעדן אַ קרענק, אָבער שווער צו „אָפּערירן" דאָס . . .

■ פֿון מצוות און יושר ווערט מען ניט קיין עושר . . .

■ אַ געזעלשאַפֿטלעכע וואונד איז דורכאויס נויטיק אַ קראַץ צו טאָן עפֿנטלעך, ווי שטאַרק דאָס זאָל ניט ווײ טאָן . . .

■ דער העפֿלעכער מענטש בלייבט אַלע מאָל שטיין אין באַן . . .

■ עס איז שווער צו לעבן שטענדיק אויף באַרג, נאָר זעט איר, שטאַרבן איז די ל ע צ ט ע זאָרג . . .

האָט אַ שר אין הימל און צער אויף דר'ערד,<br>קריגט ער עסן ווי אַ ציג, און אַרבעט ווי אַ פֿערד . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ווילסטו שטייגן אין דיין וויסן, היט די טרעפּלעך אין דיין לעבנס־גאַנג . . .

■ ער איז אַ צדיק צו צרות . . .

■ מ׳שרעקט זיך איצט ניט אַזוי פאַר גאָט, ווי פאַר קריגס־צינדער, ווייל די אַלטמאָדישע געווערן פון די געטער קאָנען איצט ווייט ניט שיסן . . .

■ די קו טרינקט טאַקע וואַסער, אָבער זי גיסט דאָס ניט אין דער מילך . . .

■ דערוואַרט ניט פון מענטשן וואָס טראַכטן פון אַ ב י ל ד י נ ג זיך אָפּגעבן מיט ב י ל ד ו נ ג . . .

■ דאָרט וואו די ליבע איז ניט פאַרבונדן — איז דאָס צעשיידן זיך אַן וואונדן...

■ ער האָט ליב דערציילן פאַנטאַזיעס, נאָר אַ פאַקט האָט ער פאַרפאַקט . . .

ער איז אַזאַ ביטערער עקשן, דאַכט זיך ער האָט חרטה,
דאָך קריכט ער אַלץ ווייטער וואָס טיפער אין בלאָטע . . .

■ האָט שכל פאַר אַ גראָשן און פאַר צען מענטשן — לשון . . .

■ ס׳קאָנען זיין צוויי בלומען פון איין גאָרטן; איינס אין צווייטן ניט געראָטן...

■ מ׳ווייסט שוין וויפל מייל מ׳איז פון שטערן מאַרס, נאָר ווי טיף די וועלט ליגט אין דר׳ערד, מיט דעם וויל מען זיך ניט רעכענען . . .

■ דאָס זיינען פון די געסט מיט אַ גוטן אַפּעטיט — אפילו די זילבערוואַרג נעמען זיי אויך מיט . . .

■ יעדער מענטש דאַרף אַכטונג געבן אויף זיינע גלידער — ווי אויף זיינע ל י י ב ל ע כ ע פריינט . . .

■ עס איז גוט צו גיין מיט אַ מיטגייער, אָבער — שווער צו גיין מיט אַ נאָכשלעפּער . . .

■ ער איז געראָטן אין יענע זייגערס, אָדער ער קריכט, אָדער ער לויפט, נאָר — האָט קיינמאָל קיין צ י י ט נ י ט . . .

■ אַ מיאוס׳ן נפש קאָן ניט העלפן זיך שפּיגלען, ווי אַ נאַר — זיך צו קליגלען...

■ ווען דער אָרקעסטער שלאָפט — שפּילט דער דלות ערשטע פידל . . .

# סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ אַ אוראַגאַן, ווי אַ כוליגאַן, האָט ליב צו ווײַזן זײַן כּוח, און בײדע האָבן הנאה פון אָנטאָן שאָדן . . .

א געפּערלעכע זאַך: געכאַפּט בײַ האָניק פליגן,
און אַ שווינדלער — בײַ אַ ליגן . . .

■ זײַן קאַפּעליוש איז ווי זײַן קאָפּ — אַ היפּש ביסל צעדרײַט . . .

■ הונגעריקע מענטשן ווערן געשוואָלן פון הונגער, אָבער מ׳הערט ניט, אַז רײַכע זאָלן פון צופיל עסן — ווערן אײַנגעדאַרט . . .

■ צוליב אַ דאַרן צווײַג זעגט מען ניט אונטער אַ בוים . . .

■ פון עפּעס קאָן מען אַלע מאָל עפּעס לערנען, נאָר פון גאָרניט ב ל ײ ב ט ג א ר נ י ט . . .

■ ווען דו גײסט אין גאַס, זײַ אומפּאַרטײַיִש — קוק אויף ב ײ ד ע זײַטן גאַס . . .

■ דער שפּיגל איז שטענדיק ערלעך. ער באַווײַזט אײַך דעם אמת אין פּנים — אויב איר זענט ניט פאַרמאַסקירט . . .

■ אַ מענטש קאָן טאַקע ניט זײַן קײן מלאך, אָבער אַ שטיקל מ ע נ ט ש קאָן ער דאָך זײַן . . .

קריכסט אויף אַ באַרג, פאַרדרײס ניט דעם קאָפּ.
זע גלײַך דעם וועג — ווי וועסטו צוריק אַראָפּ?

■ ווער עס באַנוצט ווערים צו כאַפּן פיש, נאָר אַז שלים־מזל גײט כאַפּן פיש — כאַפּט א י ם אַ שאַרק . . .

■ פאַר דער חתונה האָבן זײ זיך געהאַלטן פאַר די הענט; איצט נאָך דער חתונה — פאַר די האָר . . .

■ די קו גיט מילך, פּוטער, קעז, סמעטענע און אַלץ פאַרן צעבער שאַלעכץ מיטן ביסל היי, וואָס מען גיט איר. דערפאַר טראָגט זי דעם „טיטל" ב ה מ ה. זי גיט אַלץ אוועק און לאָזט זיך נאָך מעלקן . . .

■ דאָס וואָס אים פעלט אין שכל, האָט ער אין חוצפּה . . .

# מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ פון שיינע זאַכן איז גוט צו לאַכן, אָבער זייער ניט שיין איז פון מענטשן חוזק צו מאַכן . . .

■ לעבן אויף פאַנטאַזיעס קאָסט ניט טייער. נאָר אַזאַ לעבן איז ניט ווערט קיין דרייער . . .

■ די מוזיק פּאַסט צום לידל, און דער בויגן צום פידל . . .

■ ער איז זייער אַמביציעז — נאָר אויף יענעמס רעכענונג . . .

■ ער האַלט פון איין  ג ל ו י ב ן — אַז אים קומט דער אויבן . . .

■ מיטן שפּיגל איז ער שוין אויך צעקריגט — ביידע קוקן זיך אָן מיט זויערע פּנים׳ער . . .

■ ווער עס האַלט אין  ט ר אַ כ ט ן — דער נאָר  ר ע ד ט . . .

■ זיי ניט קיין אַסטראָנאַט און פלי ניט אין די הימלען, — קאָנסט נאָך חלילה פאַרלירן דעם אַדרעס . . .

■ ער איז אַזוי רייך, אַז דו קאָנסט אויף זיין וואָרט בויען אַ טייך . . .

■ ניט לויף ווי אַ וויכער — מיטן טויט ביזטו שטענדיק זיכער . . .

■ זאָלסט שטענדיק וויסן: ווען צוויי קעץ רייסן זיך, כאַפּט דער הונט דעם ביסן . . .

■ ביים לעבן האָט ער געברענט ווי אַ בליץ־לאָמפּ, און אויסגעגאַנגען איז ער — ווי אַ חלב׳נע ליכטל . . .

■ פאַר אַ צרה איז שווער צו קריגן אַ שותף . . .

■ רכילות איז אַ שעדלעכער מיקראָב: עס גייט פון מויל צו מויל, נאָר קיינער זאָרגט זיך ניט צו געפינען אַ הייל־מיטל . . .

■ גייט אַרום אויס־מענטש, נאָר דערזעט ער אַ מענטשן ווערט ער אַנאַנדערער מענטש . . .

■ גליק און רייכקייט געפינען זיך אין צוויי באַזונדערע בענק. גליק — איז געזונט, און רייכקייט — אַ קרענק . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער באָדט זיך אין גאָלד — און איז ניט ווערט אַ פּרוטה . . .

■ ער מאַכט געלט פון אַלץ, נאָר צו זיין אַ מענטש פעלט אים זאַלץ . . .

■ ווער עס טרויערט ביי אַ לויה, דער קברן איז זיך מחיה . . .

צוויי גייער אין גאַס, איינס אין צווייטן געראָטן.
נאָר — איינער קוקט אויפן מענטשן ; אַ צווייטער — אויפן שאָטן . . .

■ קוקט ניט אויפן הויז מיט די געפאַרבטע טרעפּלעך — דאָס איז אַן אַלטער בגד, פאַרפּוצט מיט נייע קנעפּלעך . .

■ זיין קאָפּ איז אַזוי פאַרדרייט, אַז אַלע קאָנען אים פאַרדרייען אַ קאָפּ . . .

■ מ׳שרייט „דאָס הויז ברענט !" — לויפט ער פאַררויכערן די ליולקע . . .

■ ער האָט אַ שטימע פון אַ פיש, און טאַנצן — ווי די פיס פון טיש . . .

■ צו דער חופּה פירט מען, און ווייטער אין לעבן דאַרף מען אַליין וויסן ווי זיך צו פירן . . .

■ אויב מענטשן לערנען פון מאַכן טעות׳ן — דאַרפסטו שוין זיין אַ גרויסער למדן . . .

■ דאָס איז פון די רעסטאָראַנען וואו מ׳קריגט זאַלץ־וואַסער פאַר יויך און פון עסן — אַ ווייטיק אין בויך . . .

■ דער שיכור וואָס ליגט אין בלאָטע ווייסט ניט, אַז ער איז אַ „געפאַלענער"...

■ דער מענטש קומט פון דר׳ערד — האַלט ער ניט פון באָדן זיך . . .

■ נאַטירלעכע שיינהייט קאָן מען באַוואונדערן — אָבער ניט נאָכמאַכן . . .

■ קיין זינגער איז ער ניט, אָבער פאַר זיך „זינגט" ער שוין גאָר פיין . . .

■ „געלט קאָן אַלץ פאַרענטפערן", חוץ — וואו האָט ער גענומען דאָס געלט ?...

■ די וועלט פאַרמאָגט אַ סך פאַרבאָרגענע אוצרות, אָבער בלויז רייכע קאָנען זיך גריבלען אין דעם . . .

פאַר אַ פריינטלעכער מסיבה איז ניט נויטיק קיין סיבה . . .
אַ לחיים מיט קוכן איז גוט שטענדיק צו פאַרזוכן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דער רייכער פּרוּווט זיך מיט דער מצווה, וואָס ער קאָן געבן קצבה . . .

■ אַ מענטש איז שטענדיק געראַכט, ווען ער גיט צו אַן אומרעכט . . .

■ האָט ליב אַ טאַנץ, אַ שפּרונג און וואָס אין פּלעשל — גלייך אויפן צונג . . .

■ ער איז אַזוי רייך ווי רב מאַטיע, וואָס האָט ניט קיין לאַטע פאַר דער קאַ־פּאָטע . . .

■ זיין געלט איז גאָרניט, זיינע רייד זיינען גאָרניט. איך וואָלט נאָך עפּעס גע־זאָגט — נאָר מ׳טאָר ניט . . .

■ דעם מענטשן קומט אַלע שבח׳ן — ווען ער קעמפט פאַר דעם שוואַכן . . .

■ די גרעסטע באַרימער זיינען די, וואָס האָבן ניט מיט וואָס זיך צו באַרימען...

אויס׳מוסר׳ן אַ זשוליק, אַ שווינדלער — דיין מויל בעסער ניט פּאַטשקע.
עס קאָן אים אַזוי אַרן, ווי גיסן וואַסער אויף אַ קאַטשקע . . .

■ פאָלקס־מענטשן וואָס ווילן זען די גאולה, קאָנען אין אייניקייט געפינען די סגולה . . .

■ דאָס לעבן איז געגליכן צו שמונה עשרה. ווי לאַנג איינער זאָל זיך ניט שאָקלען, מוז ער סוף־כל־סוף „אויסגיין" . . .

■ וואָס איז אַ ביוראָקראַט? — איינער וועלכער דרייט זיך אין שטול און אַלע זיינע אַדיוטאַנטן דרייען זיך אַרום אים . . .

■ די שוואַכקייט פון מענטשן איז צו וועלן קריגן דאָס וואָס איז שווער צו קריגן, ווייל דאָס וואָס מ׳קאָן קריגן האָבן דאָך אַנדערע אויך . . .

■ אַ פערד קאָן פירן ביכער, נאָר — קיין בוכהאַלטער קאָן ער ניט זיין . . .

■ אַן אמת׳ער קאַמף קעגן אָרעמקייט מוז האָבן אַ רייכן פּאַרנעם . . .

■ אַ לעבן אָן פרייד, איז ווי אַ לאַטע אָן אַ קלייד . . .

■ אַ קלוגער קאָן מיט אַ באַרימעריי עמעצן אַמאָל אָפּנאַרן, אָבער אַ נאַר מאַכט זיך נאָך מער נאַריש . . .

■ בלאָזט זיך ווי אַ הינדיק און האָט שכל ווי אַ הון . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ווען דער האָן וויל קרייען שפּרינגט ער אַרויף אויף אַ פּאַרקאַן מ׳זאָל אים אויך אָנזען . . .

■ פאַר גאָט האָב איך ניט אַזוי מורא, ווי פאַר די, וואָס לאָזן זיך פאַרגעטערן...

■ דער אַרבעטער שרייט ער איז וו ע ר ט מ ע ר. נאָר דער קאַפּיטאַליסט האַלט דעם „מער ווערט״ ביי זיך אין קאַסע־קאַסטן . . .

■ פאַרלאָזן זיך אויף די רייכע אַפּצושאַפן אָרעמקייט, איז ווי פאַרלאָזן זיך אויפן וואָלף צו פּאַשען די שאָף . . .

■ ער איז אַזוי שטאַרק פאַרליבט אין זיך, אַז קיין פרוי וויל אים ניט די ליבע **צעשטערן . . .**

ער איז זייער רייך און אויך שטאַרק געמיין.
א מיאוס׳ער מענטש — נאָר פאַרפּוצט זייער שיין . . .

■ ער האָט ליב זיך צו הערן רעדן. דערפאַר — אויף אַ ק ו ר צ ע ר רעדע דאַרפט איר ביי אים ל אַ נ ג וואַרטן . . .

■ ער האָט ניט קיין חרפּה, ער האָט ניט קיין שאַנד, אַפילו ווען ער קלאַפּט זיך חטאתי איז מיט אַ פייג אין האַנט . . .

■ אַ צייטונג וואָס קוקט נאָר אויף געשעפט, לייגט אויף פּראָפיטן איר טראָפּ. קאָן האָבן אַ סך זייטן, נאָר אָן אַ האַרץ און קאָפּ . . .

■ די שורות אין אַ צייטונג ווערן געזעצט, געלייענט, קאָרעגירט און גאָר אָפט ליגט דער אינהאַלט צ ו ו י ש ן די שורות . . .

■ ווען צייטונגען האָבן ניט קיין ערלעכע פּראָגראַם ווי אַזוי צו דינען די פאָלקס־מאַסן, דאַן קאָנען זיי טינטלען און פּינטלען, עס וועלן זיך אָבער זען נאָר די פלעקן — ווי מ׳וויל דעם אמת פאַרדעקן . . .

■ „בייט דעם נאָמען — בייט זיך דער מזל״, זאָגט דער באַקאַנטער פּסוק. פאַר אַ שלים־מזל גילט דאָס אָבער ניט . . .

■ אַ רייכע צייטונג איז ניט די וואָס פאַרמאָגט דעם גראָשן — נאָר די, וואָס האָט אַ ערלעכן לשון . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער האָט די גרעסטע הנאה פון זיין פּאַסקודנער מידה;
זיך אַליין דערהויבן — און אַנדערע טרייבן צו ירידה . . .

■ ער זעט אויס ווי אַ מענטש, נאָר ער באַווייזט דאָס ניט . . .

■ דער וואָס איז פאַרן אמת אַ געוואַגטער איז אין לעבן אַ געפּלאָגטער . . .

■ דאָרט וואו איינער עסט נאָר און שלאָפט — איז שוין אַ צווייטער גוט גע־שטראָפט . . .

■ שפּילט זיך ניט מיטן מלאך־המות — ער פאַרשטייט ניט קיין קאַטאַוועס . . .

■ אויפהאַלטן זעלבסט־רעספּעקט קאָן נאָר דער, וואָס האָט רעספּעקט פאַרן צווייטן . . .

■ דער וואָס פאַרנעמט זיך מיט טרינקען, פאַרענדיקט מיט זינקען . . .

■ אַ סך שקלאַפן־אַרבעטער שרעקן זיך צו נעמען וואַקאַציע, דער באַלעבאָס זאָל דורך דער צייט ניט קריגן קיין גרעסרן שקלאַף פון אים . . .

■ ווען איין וואַנט פאַלט איין, קאָנען שוין די אַנדערע ניט שטיין גלייכגילטיק..

■ פאַראַן געסט וואָס זיינען זייער ליב ווען זיי קומען. פאַראַן אָבער אויך אַזוינע וואָס מ׳האָט מער ליב ביים אַוועקגיין . . .

■ האַלט אין שמייען, דרייט זיך אין דרייען, נאָר שטענדיק פעלט אים וואָס צו קייען . . .

■ ווען אָרעם און רייך זאָלן ווערן גלייך וואָלטן די פילאַנטראָפּן ניט געהאַט כבוד אַ טראָפּן . . .

■ פייער און וואַסער קאָנען ניט לעבן בשלום. ווי גיך דער פייער צ ע ב ר ע נ ט זיך — ווערט דער וואַסער אַ צ ע ק אָ כ ט ע ר . . .

■ רכילותי׳נקעס דאַרפן ניט קיין פיס, זייערע „קלאַנגען" זיינען שטענדיק אין דער לופטן . . .

■ פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן דאַרפן שטענדיק האָבן אינזינען צו בויען זייער צ ו ק ו נ פ ט — לויט זייער א י י נ ק ו נ פ ט . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

די גאַנצע וועלט איז שיין, מיט די וואונדערבאַרע פּאַנאָראַמעס,
נאָר עסן איז גוט דער מאַמעס, און שלאָפן אין אייגענע ד׳ אַמות . . .

■ רייך ווי קורח און וויל נאָר זיין ביי יענעם אַן אורח . . .

■ קויפט זיך אַ „מפטיר" — קריגט ער נאָך אַ צולייג די תוכחה . . .

■ ער לעבט מיט אַ רעכענונג, נאָר ניט ביי מאַכן אַ שהכול (שעהאַקל) און ביים סדר־הכל . . .

■ ווען ער קריכט אויף די ווענט שרעקט ער איבער אַלע פליגן . . .

■ דער וואָס האָט ניט קיין שטרעבן איז שוין אַ מת ביים לעבן . . .

■ ער איז אַזוי פויל, אַז אַפילו צו גענעצן פוילט ער זיך עפענען דאָס מויל . . .

■ ניט פון אַ פרומער ברכה קומט הצלחה . . .

איינער באַלויכט אַן עניו, מ׳זאָל קאָנען קלאָר פאַרשטיין,
אַ צווייטער פאַרדרייט אַן עניו, מ׳זאָל ניט קאָנען דעם אמת דערגיין . . .

■ אַ קאַלטן מענטשן קען מען אַמאָל דערוואַרעמען מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ וואַרעמען שלום־עליכם . . .

■ מ׳קאָן טאַקע אַמאָל אַרויסגיין פון די כלים, נאָר האַלט זיך איין זיי ניט צו צעברעכן. סיידן — זיי זיינען געשפּאָלטענע און איר זענט גרייט צו קויפן אַ נייעם „סעט".

■ דער וואָס כאַפּט אַריין צו „לעבן אַ טאָג", קירצט זיך אָפּ די יאָרן . . .

■ קריגס־צינדער קאָנען פאַרברענען אַ לאַנד און מיט אַ רויך־פאַרהאַנג פאַר־דעקן די שאַנד . . .

■ די צעעפנטע מיילער פון צעריסענע שיך רעדן פאַר זיך, נאָר גיי טו, מאַך, — דער רייכער פאַרשטייט ניט זייער שפּראַך . . .

וואַרט ניט צו באַזאָרגן זיך מיט אַ מאַנטל ווען ס׳איז קאַלט,
מ׳קאָן ניט זאָרגן פאַרן מאָרגן ווען מ׳פילט שוין צו־אַלט . . .

■ מיט מוט און בטחון פילט מען זיך קיינמאָל ניט געבראָכן . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ עס איז זייער אַ שלעכטער מיטל זיך צו באַקלאָגן אויף דער עלטער און מיט דעם זיך קירצן די יאָרן . . .

■ עני חשוב כּמת (אַן אָרעמאַן איז אַזוי ווי אַ טויטער) — נאָר שטאַרבן זאָלט איר זיך ניט דערוועגן, ווייל עס קאָסט אַ פאַרמעגן . . .

■ דער וואָס טראַכט פון פאַרבעסערן אַ צווייטן דאָס לעבן, לעבט אַפּט אַליין אַ שווערן לעבן ; נאָר איר זעט אים אַ זאַטן, ווען ער דערגרייכט רעזולטאַטן . .

■ זיי ניט ביטער אויף אַלץ צו שפּייען, און זיי ניט צו־גוט אַלץ אַראָפּצו־שלינגען . . .

■ דאָס איז אַזאַ דרייער, אַז ער קאָן מאַכן פון אַ איינס אַ צווייער . . .

■ דעם קאָפּ האָט ער פאַרלוירן, נאָר אַ צוויי־פּנים׳דיקער פאַרבליבן . . .

עס האָט היטלער געוואָלט מיט מאַכט און געלט
דערלאַנגען מיט אַ האַקנקרייץ צו קרייציקן די וועלט . . .

■ ווען דער מענטש פּאַכעט מיט דער נשמה, פּאַכעט מיט די פליגל אַ וואָ־ראָנע . . .

■ מלחמה־ציגדער זיינען שטענדיק גרייט זיך צו שלאָגן — אַבי זיך צו עפּעס דערשלאָגן . . .

■ נצחון, אין קאַמף פאַר גערעכטיקייט, איז דער נאָבעל־פּריז פאַר אַ נאָבעלן מענטשן . . .

■ ווען טייוואָלאָנים פירן מלחמה, קאָנען טאַטע־מאַמע ניט פירן זייערע קינדער צו דער חופּה . . .

■ די טויב וואַרט אויף דרויב — און דער „שפּאַרבער" — אויף שטאַרבער . . .

■ אַרום די רייכע אויל־פעלדער ווערט אַנטוויקלט — גרויסע בלוט־פעלדער . . .

■ הערט וואָס מ׳רעדט, אויערן זיינען ניט באַשאַפן געוואָרן פאַר געוויסע מענטשן זיי אַנצודרייען . . .

■ מיט אַ ליידיקן זאַק איז גרינג צו גיין, מ׳פילט זיך אָבער זייער געמיין . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ווען אַ מענטש דרייט זיך ווי אַ שלאַנג, איז ער ניט דווקא קיין שלאַנג, נאָר — פּשוט אויף צרות . . .

דער וואָס פאַררייסט דעם קאָפּ זיך אַנצוזען אין דער הויך,
פאַרטונקלט אַפּט זיך אַליין — ווי אויפן קוימען דער רויך . . .

■ ער איז אַזוי שטיינרייך, אַז ער גערענקט שוין ניט אַפילו פונוואַנען ער האָט געמאַכט דאָס געלט . . .

■ ניט אַלע מאָל פירן געפּלאַסטערטע וועגן צו דעם ריכטיקן ציל . . .

■ געדאַנקען ביי אַ דענקער לויפן שנעל, נאָר געדאַנקענלאָזע מענטשן יאָגן זיך ניט נאָך נאָכדעם . . .

■ מעג איינער מאַכן פאַרמעגנס דורך שווינדל, דאָך איז ער אַנגעזען ביי זיין געזינדל . . .

■ ער באַדויערט אַ נאַרישקייט און — מאַכט זיך ווידער נאַריש . . .

■ ווען אַ ליגנער וויל דיר פאַרקויפן אַ ליגן, זאָג אים, אַז דער ליגנער רעדט פאַר זיך . . .

■ ער איז אַ וואונדער: האָט ניט ביי מענטשן קיין פּנים, דאָך איז ער צוויי־פּנימ'דיק און דערצו נאָך אַן עזות־פּנים . . .

■ טראָגט דעם דאַשעק אויף אַ זייט, ניט פאַר וואוילטיק — דער קאָפּ איז אים פאַרדרייט . . .

■ ער קאָן ניט האַלטן קיין סוד, האָט ער דאָס איבערגעגעבן אַ צווייטן זיך צו האַלטן מיט דעם . . .

■ ער באָדט זיך אין גאָלד און איז ניט ווערט אַ פּרוטה . . .

■ „וואָס צו" איז אומגעזונט, זאָגט מען, אָבער מיט „צו־געזונט" קאָן מען לעבן.

■ צו בויען אַ היים האָבן חתן־כלה אונטערפּירער, נאָר צו בויען אַ שיינע וועלט גוטע אַנפירער . . .

■ ער פאַרלאָזט זיך אויף דער שקאַפע צו וויסן די מאַפּע . . .

# סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ אַ געזינדל פון רויב און גרעפּט הייסט ביי זיי — געשעפט . . .

■ דער מענטש וואָס גייט־נאָך זיין נאָז, דעם איז גרינג צו פירן פאַר דער נאָז...

■ ווער ווייסט ווי לאַנג די נאַכט וואָלט אָנגעהאַלטן ווען דער מאָרגנשטערן זאָל איר ניט אַרויסרייסן דעם קישן פון צוקאָפּנס . . .

■ ביי דעם האָן איז דער מיסט־באַרג דער אויבן־אָן . . .

■ אַ סך מענטשן זיינען ווי שלאַנגען, זיי גיבן בלויז גיפט ביי זייער לעבן. דערפאַר, נאָכן טויט, מאַכט מען פון זייער פעל אַ נוץ פאַר פוץ . . .

■ ער איז אַזאַ בעל־גאווה, אַז ער וואָלט זיך אויפגעהאַנגען, אַבי האַלטן פאַרריסן דעם קאָפּ . . .

■ זיין בליק איז אַזוי ביטער, אַז פון זיינעם אַ קוק קאָן ווערן פון האָניק — רעטאַך . . .

■ ער איז שטענדיק מקריב זיין האַלדז אויף יענעמס בראָנפן און „פאַר אַלעמענס געזונט" . . .

■ ווי איז צו דעם מענטשן, וואָס בייט־אויס זיין א י ד ע א ל אויף אַן א י מ פּ ע ר י א ל . . .

■ דער אמת איז ביי אים אַ זעלטענער גאַסט, און דאָך וויל ער אים ניט אָנקוקן . . .

■ דער טאַטע שרייט אויף דער מאַמען, און דאָס קינד, ווי אַן עכאָ — שרייט־נאָך . . .

■ פון וואָסער קאָנסטו ניט אַראָפּנעמען קיין סמעטענע, און פון דזשעגאַכץ קאָנסטו ניט אויסשלאָגן קיין פּוטער . . .

■ ווילסטו א ו י ס ג ע ב ן קינדער, מוזטו אויך א ו י ס ג ע ב ן געלט . . .

■ פאַרן באַלעבאָס קריכט ער אויף אַלע פיר, נאָר כל־חמתו לאָזט ער אויס צו מיר . . .

■ ער איז ווי דער גריל: קליין, אָבער מאַכט אַ גרויסן גערויש . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ זיי זיינען נעבעך אַ דועט: ער שרייט אוי און זי שרייט וויי, און צוזאַמען — אַך און וויי . . .

■ ער איז אַן אמת׳ער „צער בעלי־חיים׳ניק״. ער היט זיך אָפּ ווי דאָס אויג אין קאָפּ . . .

■ יעדער מענטש קאָן אויסבעסערן זיין פאַרגאַנגענהייט דורך מאַכן זיך אַ שיינע צוקונפט...

■ דעם פיינסטן יחוס קאָן מען ניט אַריינלייגן אין באַנק, נאָר מיט אַ פיינעם באַנק־ביכל ווערט מען אַ גאַנצער יחסן . . .

■ ביי יעדן מאָלצייט, פינף מאָל אַ טאָג, הערט מען איין קלאָג — ווי פאַרלירט מען וואָג? . . .

■ אַ הונט קאָן פירן אַ בלינדן, נאָר פאַראַן אַזוינע פינסטערלינגען וואָס זיינען אַליין בלינדע הינט און ווילן פירן די וועלט . . .

■ אַ קרומער קאָפּ ווייסט ניט פון קיין גלייכן וועג . . .

■ ער איז אַזוי נאַריש, אַז ער וויל איבערכיטרעווען אַ קלוגן . . .

■ דאָס פאָלק ווייסט וואָס עס וויל, כאָטש אָפט מאָנט מען עס צו שטיל . . .

■ דער עולם איז ניט קיין גולם. אַ גולם איז דער וואָס טראַכט אַזוי וועגן עולם.

■ פון קוילן וואָס ליגן אין גרוב ווערט ניט וואַרעם אין שטוב . . .

■ זוך ניט אין מעדיצינען קיין טעם — און אין קרעכצן קיין גראַם . . .

■ אומזיסט דיין שווערן. עס וועט פון דעם קיין אמת ניט ווערן . . .

■ דאָס איז אַ זעלטענער „קינסטלער״. וואָס אַ מאָלער קאָן ניט טאָן מיטן פּענזל קאָן ער מאָלן מיט דער צונג . . .

וויסנשאַפטלייט האָבן פעסטגעשלעגט די פלעקן אויף דער זון.
נאָר אַז דער זון־ליכט וואָלט מען ניט געוואוסט דערפון . . .

■ ער איז קאַלט צו פריינט און אַ היץ־קאָפּ צו פיינט . . .

■ איז אַ דימענטענער מענטש, נאָר גאָלד און זילבער האָט ער אויך ליב . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דאָס איז אַ מאַן ווי אַן עראָפּלאַן: פֿליט שטענדיק אַרום צו הרג'ענען צייט...

■ מעסט ניט קיין מענטשן לויט זיין רעדן צופֿיל, נאָר לויט די געדאַנקען און גוטן ציל . . .

■ די קו און דער אָקס, ביידע רעדן אויף "מו", נאָר דער אָקס איז אַן אָקס — און מילך גיט די קו . . .

■ דאָס הויז האַלט־זיך־אויף אויף איר פֿונדאַמענט, און דער אַרבעטער קאָן זיך אויפֿהאַלטן אַ דאַנק די "הענט" . . .

■ גאָלדענע ווייזערס אויף אַ זייגער קאָנען באַדעקט ווערן מיט שפּינוועב, אויב די ווייזערס גייען ניט צו ווייזן די צייט . . .

אַ רכילות'ניק איז אַ לופֿט־מענטש, לויט אַן אייגענעם שניט.
לאָזט אַרויס אַ "קאַטשקע", וואָס פֿליט גלייך אין אַרביט . . .

■ ער פֿליט־אַרום מיט אַ פֿעדער אין הוט, און קיינער ווייסט ניט וואָס ער טוט...

■ ער איז שוין אַזאַ איינגעזעסענער און צוגעגעסענער ביוראָקראַט, אַז אַפֿילו זיין דריי־שטול וויל זיך ניט אַ דריי־טאָן . . .

■ מאַכט שטענדיק פֿון טאָג נאַכט, נאָר שלאָפֿן גייט ער ניט . . .

■ אַ געראָטן קינד וואָס וואַקסט־אויס אויף דער דערציאונג פֿון גאַס, איז אַ בלום צווישן קראָפּיווע . . .

■ די שדים־טענצער אין אַ מלחמה זאָרגן שוין, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן ניט קאָנען טאַנצן צו זייער קינדס חתונה . . .

■ צייט, זאָגט מען, איז געלט. האָב איך אַ סך צייט און קיין געלט זע איך ניט...

■ ער איז פֿון די פּרעסער וואָס עסנדיק זיך קאָן ער צעפּרעסן אַ צווייטן . . .

■ יעדער מענטש קאָן בייטן זיין כאַראַקטער, אויב ער איז נאָר אַ מבין צווישן גוט און שלעכט . . .

ער איז פֿון די מענטשן, שטענדיק פֿאַרזאָרגט און פֿאַרטראַכט.
איר זאָגט אים היינט גוט־מאָרגן, ענטפֿערט ער מאָרגן — אַ גוטע נאַכט...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דער מענטש וואָס ליגט אויף זיין געלט קאָן ניט זען די וועלט . . .

■ דער וואָס פאַרשטייט ניט דעם אונטערשייד פון גוט ביז שלעכט — איז ביי אים אַלץ רעכט . . .

■ דער וואָס איז איבערגעפרעסן וויל ניט הערן רעדן וועגן עסן . . .

■ אין רעדן פּלאַפּלט ער, אָבער אין באַרעדן — ליאַפּעט ער . . .

■ פּראַקטיק לערנט שכל, דערפאַרונג איז אַ גוטער וועגווייזער, נאָר אין ביידע פאַלן מוז מען נוצן דעם קאָפּ . . .

■ דער אמת׳ער הומאָניסט באַנוגנט זיך ניט מיט ענטפערן „אוי" אויף „וויי", נאָר גיט הילף אויפן געשריי . . .

■ ער קריכט און דער זייגער לויפט, נאָר שפּעט אַ היים קומען זיי ביידע גלייך.

■ מכל מלמדי השכלתי — ווערט דיר קאַלט, טו אָן אַ פּאַלטע . . .

■ ער האָט אַ פּנים ווי די זון ביינאַכט . . .

■ מ׳קאָן דערקענען דעם פּאַסאַזשיר לויט די פּעקלעך, און דעם פּרעסער — לויט די ברעקלעך . . .

■ פון אָפּשניידן אַן אייזל די אויערן וועט ער אַלץ קליגער ניט ווערן . . .

■ אין דער פינצטערניש זעט זיך אַפילו אַן דאָס ליכט פון אַ פייער־פליג . . .

■ פייער און וואַסער זיינען זיך די גרעסטע שונאים, און דאָך האַלטן זיי שטענדיק אין „קאָ־עקזיסטענץ". צו קאָכן וואַסער איז נויטיק פייער, צו פאַרלעשן אַ פייער איז נויטיק וואַסער . . .

■ אַ בעל־גאווה דערמאָנט אָפט אַן אַ האָן: לייגן אייער קאָן ער ניט, נאָר קרייען וויל ער אויבן־אָן . . .

■ אין קאַמף מיט פינצטערניש איז ערשט נויטיק צו האַלטן אָפן די אויגן . . .

■ קיין לשון האָט ער ניט, אָבער אַ צונג — נאָר צו מאַכן פּאַטראָוועס . . .

■ אָדער ער באַלבעט, אָדער ער בילבול׳ט, נאָר קיין אמת וואָרט האָט ער ניט . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער וועט אייך געבן די שענסטע וואונטשן — אויף יענעמס בראָנפן . . .

■ דעם וואָס איז קאַרג איז אים ווייניק אַ באַרג . . .

■ ער האָט ליב צו לייענען דעם המשך (פאָרזעצונג) אין באַנק־ביכל . . .

■ ער האַלט זיך פאַר אַ נזיר און פרעסט ווי אַ חזיר . . .

■ ער איז פון די מענטשן, וואָס האָט זייער ליב פיינט צו האָבן, און האָט פיינט עמעצן ליב צו האָבן . . .

■ אויך דערוואַקסענע מענטשן ווייסן אָפט ניט די געפאַר פון פייער, ביז זיי באַצאָלן גאַנץ טייער . . .

שטעל ניט אַרוים קיין פיס ווען דיינע אַקציעס שטייגן.
און לאָז ניט אַרונטער דעם קאָפּ ווען די אַקציעס פאַלן אַראָפּ . . .

■ דער וואָס האָט ניט קיין געפילן אין האַרצן ליידט אויך אויפן קאָפּ . . .

■ דער מענטש לעבט ווי דער שניי. פליט ער — שיינט ער; פאַלט ער — ווערט ער צעטראָטן . . .

■ שלינגט אַספּירינען פאַר קאָפּ־ווייטיק, שלינגט פּרויען מיט די אויגן פון האַרץ־ווייטיק, נאָר פון שלינגען גרויסע סטעיקס האָט ער — בויך־ווייטיק . . .

■ דער וואָס האָט אויך חסרונות איז ניט אַזוי שלעכט, ווי דער וואָס האָט א ו י ך מעלות . . .

■ דער וואָס באַוואָרפט אַלע און אַלעמען מיט שמוץ, גייט ניט אַרום אַליין מיט ריינע הענט . . .

■ קריגן ביי אים אַ טובה דאַרף מען נאָכלויפן, ווי ע ר לויפט נאָך צו קריגן אַביסל כבוד . . .

■ „אַ מענטש איז ניט קיין מלאך", און ווען ס'וואָלט זיין אַ מלאך, וואָלט ער אויך קיין מלאך ניט געווען . . .

גוט־ליב אַ נייער פריינט, מיט אַ פּנים חדשות,
נאָר באַהיט זאָל מען זיין פון אַ פּנים חלשות . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַרבעט גאָט׳ס שעה׳ן, נאָר זיין אַרבעט האָט אַזאַ פּנים ווי „גאָט׳ס וועלטל״.

■ גרויסע מענטשן האָבן אויך גרויסע חסרונות, אָבער קליינלעכע מענטשן האָבן גרויסע קליינלעכקייטן . . .

■ וואַרפט אויף אַלעמען בלאָטע און זעט ניט וואָס ס׳טוט זיך אונטער זיין אייגענער נאָז . . .

■ יאָג זיך ניט נאָך דיין שטן, ווייל איר וועט ביידע פאַלן גלייך . . .

■ ער ליגט שטענדיק אַוועק זיין געלט אויף „הלוואָי״ זאָל מען ניט דאַרפן, נאָר ווען מ׳דאַרף איז ע ר שוין מער ניטאָ . . .

■ ווען אַ שווינדלער נעמט אַ מאַרעוויכער פּאַר אַן אײדעם — טאַנצן ביי דער חתונה שדים . . .

■ מענטשן וועלן זיך גיכער באַציען מיט דרך־ארץ צום באַשיידענעם מענטשן אין ווינקל, ווי צום חוצפה׳ניק אויבנאָן . . .

ער פליט שטענדיק אַרום מיט פלענער אָנגעלאָדן ;
אַ לופט־מענטש אַן פליגל — אויף דער ערד — אַן אַ באָדן . . .

■ וואַרעמט זיך שטענדיק ביי פרעמדע פייערן, און בלייבט ניט דערבאַקן . . .

■ אַ קלוג מיידל באַווייזט זיך מיט איר וויסן ; אַ נאַריש מיידל — מיט איר קליידל . . .

■ אַ ביוראָקראַט הערט אַמאָל וואָס די מאַסן זאָגן, נאָר וויל ניט הערן וואָס ס׳איז נויטיק צו טאָן . . .

■ אַ נאַר קאָן אַריינוואַרפן אַ וואָרט ווי אַ שטיין, נאָר אַ שטיין איז שווער צו פאַרשטיין . . .

■ די מלחמה־פּאַטריאָטן וואָס העצן זיך צו שלאָגן האָבן גוט איינזינען זיך צו עפּעס ד ע ר ש ל א ג ן . . .

■ אַז מ׳לעבט און מ׳דרייט זיך, איז אַ סימן, אַז מ׳דרייט זיך און מ׳לעבט . . .

יעדער מענטש ווינטשט זיך לאַנג לעבן, ווערן אַלט,
נאָר דערזעט ער אַ גרויע האָר, ווערט אים גלייך קאַלט . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַ מענטש איז ניט קיין ווייַן, אַז וואָס ער ווערט עלטער זאָל ער ווערן שטאַר־קער . . .

■ ער לעבט מיט האָפענונג, אַז ערגער קאָן שוין ניט זיין . . .

■ מיט אַ קלאָרן בליק קאָן מען ווייטער דערזען ווי מיט „גרויסע אויגן" . . .

■ דער וואָס העלפט בויען אַ בעסערע וועלט, קאָן האָבן די זכיה צו האָבן אַ בע־סער לעבן, נאָר דער וואָס בויט פאַר זיך אַ „יענע וועלט", ווייסט ניט וואָס עס מיינט לעבן . . .

■ איר חנ'דלען זיך איז זיס, נאָר ווען זי נעמט זיך כ ר י י נ ' דלען איז ביטער...

■ די וועלט וואָלט ביי די איצטיקע דערגרייכונגען געקאָנט האָבן אַ גאַנץ לייַ־טיש פּנים, ווען די באַרבאַרן וואָלטן איר ניט ראַזירט מיט אַ שווערד . . .

אין אַ אָרעמאַנס טעפּל פון וואָסערדיקע יושקע
זעען זיך אָן די פיר אַחבעס ווען זיי גיבן זיך אַ פּליושקע . . .

■ קאָן זיין, אַז דאָס לעבן איז טאַקע ניט מער ווי אַ חלום, אָבער עסן ווילט זיך אַלע טאָג אויף אַן א מ ת . . .

■ ס'איז ניט קיין וואונדער פאַרוואָס אַ קו רופט מען בהמה — זי גיט דעם מענטשן מילך און פלייש און אַליין באַנוגנט זי זיך מיט אַביסל גראָז . . .

■ דערוואַרט ניט קיין זומער פון איין שוואַלב — און קיין מילך פון אַ „גאָלדע־נעם קאַלב" . . .

■ צי איינער איז אַן אמת'ער פריינט קענסטו דערלערנען, נאָר אַן אמת'ן שונא דערקענסטו אין זיין אויגן־בליק . . .

ווען ס'איז זייער ביטער, ווייל די גרויסן זיינען שיטער,
און ווען עם פעלט שלאָף, ווייל ער האָט אַ שטראָף — היטן די גיטער...

■ באַהיט מיך גאָט פון צוויי זאַכן: פון פאַרלאָזן זיך אויף נסים און אויף אַ פּאָליטישנס צוזאָגן . . .

■ דער וואָס האַלט אין פאַלן — ציילט ניט די טרעפּלעך . . .

■ ווען אַ פּראָסטער מענטש וויל אַרויסברענגען אַ געדאַנק, נאָר עס פּאַלט אים שווער, מוז דער געלערנטער זיך אַראָפּלאָזן ווי אַ טויכער צום גרונט אַרויסצו־ברענגען דעם רויען פּערל . . .

■ ווען אַ נאַר טרעפט עפּעס וואָס איז ריכטיק, מיינט ער, אַז ער איז אַ נביא...

■ ווער עס אַרבעט פאַר אַן אידעאַל מיט מסירת־נפש און ווער ס'איז אַ נפש — מיט מסירות . . .

■ זיי האָבן קיינמאָל ניט קיין איבעררייד — ע ר האָט דאָס וואָרט . . .

ער פילט זיך ווי אין אַ גן־עדן פון האַלטן אַ צווייטן אין גיהנום.
דאַכט זיך אַליין צעדרייט, נאָר פאַרדרייט דעם קאָפּ יענעם . . .

■ זעט אין יעדן אַ רוח, נאָר ניט ביי זיך . . .

■ ווען דער רייכער שטאַרבט איז ער טויט ; דער אָרעמאַן דרייט זיך שטענדיק אַרום — אַ לעבעדיקער מת . . .

■ וואו ער קומט רייסט ער זיך תמיד, אָדער ז י צ ן אויבנאָן, אָדער ש ט י י ן ביים עמוד . . .

■ ער איז פון די באָרימער — אויף דער יבשה דער בעסטער שווימער . . .

■ פריינט און גנבים מוז מען גוט היטן. דער פריינט זאָל דיר ניט איבערלאָזן, און דער גנב זאָל ניט צונעמען . . .

■ ביים געניאַלן מענטשן ל ו י פ ן די געדאַנקען, נאָר דעם אומוויסנדיקן ווערט גאָר ניט איינפאַלן זיי נ אָ כ ל ו י פ ן . . .

אַז אָרעמאַן שטאַרבט פון הונגער, מיט אַ פוסטן מאָגן אַנגעבלאָזן.
אַ רייכער שטאַרבט פון האַרצווייטיק, וואָס ער דאַרף אַלץ איבערלאָזן . . .

■ אין ליכט פון דער זון זעט מען אַ וועלט מיט פרייד און — אויך אַ צעריסע־נע קלייד . . .

■ ווען ער טרינקט זיך פרואווט ער נאָך מאַכן קונצן אין וואַסער . . .

■ איינער דרייט זיך צו מאַכן אַ לעבן און אַ צווייטער מאַכט אַ לעבן פון דרייען . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דער געלטגייציקער האָט ניט קיין מענטשלעכקייט אין זיין האַרצן, ווייל אַ מענטש און אַ גאָלדענע קאַלב קאָנען זיך ניט געפינען אין איין וואוינונג . . .

■ האָפענונג קאָן אַמאָל העלפן, אויב מ׳האָט אַ האָפענונג אויף אַ גוטן רייכן פעטער . . .

■ יעדער קרומער געפינט זיינס גלייכן, אָבער עס פּאַרט זיך ניט אַן אָרעמאַן מיט אַ רייכן . . .

■ שטענדיק חלומ׳ט ער פון שטייגן הויך, נאָר — עס לאָזט זיך אויס אַ בוידעם אַן אַ לייטער . . .

■ קאָנסט דרייען דעם זייגער אויף אַלע זייטן. די צייט וועט גיין לויט דער צייט . . .

■ ס׳האָט אַ מענה־לשון מיט אַ הויך־ריידער און — ס׳איז ניטאָ וואָס צו הערן...

■ מ׳טראַכט אַ סך וועגן מאָרגן, נאָר — ווען דער מאָרגן קומט — לאָזט זיך אויס אַ נעכטיקער טאָג . . .

■ ער האָט שוין גאָרניט קיין טריפ׳ענעם האָלדז, ער האַלט דאָס שטענדיק אין „ווייקן״ און „זאַלצן״ . . .

■ פאַרן לעבן מוז מען קעמפן און פאַרגרייטן — דער טויט קומט שטענדיק, ווען מ׳איז ניט פאַרגרייט אים אויפצונעמען . . .

■ דער קאָפּ איז אים פּוסט, נאָר פּלאַץ אין קאָפּ פאַר אַ שטיקל גערדאַנק — איז אים שווער צו געפינען . . .

אַ דערפינדונג איז וואונדער מיט איר מאַשינעריע,
נאָר דער מענטשלעכער קאָפּ איז אַלץ אַ גרעסערער בריה . . .

■ אַ מינוט פאַר ליכט־בענטשן כאַפּט מען זיך, אַז עס פעלן שוועבעלעך . . .

■ ווען ער שווערט זיך אויף אַן אמת, איז דאָס ערשט אַ נייער ליגן . . .

■ הכסף יענה את הכל — מ י ט ג ע ל ט קאָן מען מאַכן אַ שהכל . . .

■ וואָס ביים ניכטערן איז אין פלעשל — איז ביים שיכור אין העלדזל . . .

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ דער מענטש וואָס דענקט, אַז ער קאָן נאַרן די וועלט, איז אַליין דער גרעס־טער נאַר. נאָר אַזוי ווי אַ סך מענטשן דענקען אַזוי, באַווײַזט דאָס אַז אין נאַראָנים איז ניט קיין מאַנגל . . .

■ ער רעדט אַזוי לאַנג צו געווינען די דעבאַטע, ביז — ער פאַרלירט די צו־הערער . . .

זי איז ווי אַ יאַגעדע בוימעלע, אַ פּרוכטבאַרער קוסט.
און ער, ווי אַ סאָסנע: שײַן פאַרן אויג — נאָר פּוסט . . .

■ אַמאָל, ווען דער טאַטע פלעגט אים רייסן פאַר די האָר, האָט ער זיך גע־וואונטשן צו האָבן אַ פּליך. איצט, אַז ער האָט אַ פּליך — האָט ער ניט קיין טאַטן . . .

■ ער איז ניט קיין קאַניבאַל, דאָך עסט ער ז י ך אויף אַ לעבעדיקער . . .

■ ער האָט גרויסע אויגן אויף פרעמדע האָב־און־גוטס, נאָר זײַן אייגענע פאַ־מיליע קאָן ער ניט אָנקוקן . . .

■ פון דערפאַרונג קאָן נאָר רעדן אַ באַרימער, אָדער — „אַן אויסגערויכערטע ליולקע" . . .

■ ער שפּילט די ראָלע אַלס פּאַסיווער, אָבער ער האַנדלט ווי אַ פאַרשיוועער . . .

ער איז אַ גרויסער חוצפּה'ניק, נאָר האָט אַ ביסל שכל.
קריגט ער וואו א מיאוס'ן אָפּשניט, נעמט ער צו דאָס מיט אַ שמייכל . . .

■ אַ חכמה קאָן מען זאָגן און איבערזאָגן, אָבער מענטשלעכקייט — דאָס מוז מען אַליין פאַרמאָגן . . .

■ קלײנערהייט אַ גרויסער חכם. גרויסערהייט — אַ גרויסער נאַר . . .

■ ס'איז אַלץ בעסער צו האָבן אַ פאַרעוועון פרײַנט ווי אַ טריפה'נעם שונא . . .

■ לויט זײַן רויטן נעזל זעט מען, אַז ער טרינקט ניט פון גלעזל . . .

■ אַ פּנים אָן אַ שמייכל און אַ קאָפּ אָן שכל — ביז איד אייך ביידע זאַכן מוחל . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

צווישן יונג און אַלט, ווייזט אויס, גאַנץ ווייט איז.
אין גייסט טאַנצט ער, אין די פיס — אַ ל ט ראַיטיס . . .

■ דער איינקונפט באַשטימט די צוקונפט . . .

■ ביי אים איז געמיינהייט געוואָרן אַ געוואוינהייט . . .

■ ער שלינגט זייער גוט אַ שטיקל געפילטע פיש, נאָר מיט אַ יידיש וואָרט ווערגט ער זיך . . .

■ ער יאָגט זיך אַזוי מיט דעם אויטאָמאָביל, ווי אַלע אויף יענער וועלט וואָלטן געוואַרט אויף אים . . .

■ דער שטענדיקער זאָרג פאַרן מאָרגן פאַרשטערט אים דאָס לעבן פון דעם היינט . . .

■ מיט געלט קאָן מען בויען אַ וועלט, און צוליב געלט — קאָן מען אומ־ברענגען די וועלט . . .

פון דער גאַנצער וועלט האָט ער אָנגעקליבן געלט.
איצט וויל ער מיטן געלט „אונטערקויפן" די וועלט . . .

■ זיינע אַ דרשה ציט זיך ווי פעך, נאָר צום סוף איז דאָס — וואַסער . . .

■ פרילינג איז שטענדיק אַ „גרינער" אין לאַנד . . .

■ ניט אַלע „גרינע" קאָן מען דאַ נאַרן. אַ באַווייז — פרילינג ברענגט דעם אייז . . .

■ פאַר אַלעמען איז פרילינג אַ פרייד, נאָר דער שקלאַף ווערט ניט איבערראַשט פון פרילינג, צי ווינטער, צי זומער — ער שוויצט שטענדיק . . .

■ ווען ער שווייגט — שווייגט אַ נאַר. נאָר נעמט ער רעדן — איז אַ לעבנס־געפאַר . . .

■ דאָס איז פון די פראַנטן, וואָס אַפילו צום הענגען־זיך וועט ער זיך פאַרפּוצן מיט אַ פיינעם שלייף . . .

■ ער איז בטבע זייער אַ גוטער, אַ נאָכגיביקער — אַפילו דעם יצר־הרע . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

ווען עס ווייַנען די אויגן, רעדן די גוזאַלצענע טרערן.
ווען עס ווייַנט דאָס האַרץ, דאָס קאָן קיינער ניט הערן . . .

■ זיינע רעדעס זיינען ניט אַזוי לאַנג ווי — לאַנג־ווייליק . . .

■ יעדער ציגל מאַכט דאָס הויז, יעדער בוים מאַכט דעם וואַלד, און יעדער מענטש שאַפט די מענטשהייט . . .

■ די גרינע זאַפטיקע בלאַט אין דער הויך לעבט מיטן שפּייז פון פאַרבלאָטיקטן וואָרצל אין דער ערד . . .

■ ער האָט אַ פיינעם „גאַרגערעס", ניט אַזוי צום זינגען ווי צום שלינגען . . .

■ אין אַ בלאָטע קאָן מען זיך ניט שפּיגלען און אויף שטיינער זיך וויגלען . . .

■ ער האַלט זיך ווי אויף אַ שפּיץ פון אַ אייז־באַרג . . .

■ אַ מענטש איז ווי אַ פליג. אַט פליט ער אַרום אַ וואָרימען ברויט, און אַט — איז ער טויט . . .

פאַרדרייסט ניט דעם קאָפּ פון אַ כלומרשט'ן זיג,
וואָס דו האָסט באוויזן — צו כאַפּן אַ פליג . . .

■ ער האָט אַ טייערן זייגער, אָבער ניט אַ מינוט צייט . . .

■ דער מלמד שאָקלט מיטן טייטל, און דער גביר — מיטן בייטל . . .

■ זיינע הענט זיינען מאַזאָליעדיק און זיין מ ז ל — קלאָגעדיק . . .

■ דאָס פאָלק איז דער ברויט־געבער צום טיש, דער אינטעלעקטואַל — דאָס זאַלץ און פעפער. געוויסע צייטונגען גיבן וואַסער . . . דער פּאָליטישן — דער קאָכלעפל, נאָר מאָדנע: דער ברויט־געבער האָט ניט צום עסן . . .

■ אין זיינע רייד ליגט שטענדיק זאַמד אין מויל — נאָר מ'קאָן גאָרניט בויען אויף דעם . . .

■ אין די יונגע יאָרן האָט ער ג ע׳ ש מ׳ ט און שפּעטער — אַלץ פ אַ ר ־ ש ע מ ט . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ביי אייניקע מאַכט דער פּליך אַ „איך" — אויב מ׳האָט אַ קאָפּ אויף זיך . . .

מיד שרעקט ניט דאָס שטאַרבן, מ׳מוז שטענדיק זיין גרייט.
עס פּאַרדריסט נאָר וואָס מאַרגן כ׳וועל ניט וויסן, כ׳בין טויט . . .

■ דאָס איז אַזאַ גרויסער ליגנער, וואָס נאָרט־אָפּ ניט נאָר אַנדערע — נאָר זיך אַליין אויך . . .

■ אַ מענטש קאָן פאַרלירן אַ גוטן נאָמען, נאָר קיינער קאָן אים ניט געפינען...

■ דער קאַרגער שפּאָרט שטענדיק צו האָבן מיט וואָס צו לעבן. נאָר וואָס הייסט געלעבט — הויבט ער ניט אָן צו וויסן . . .

■ ער לעבט מיט אַ רעכענונג, נאָר מער ווי ציפער פאַרמאָגט ער ניט . . .

■ טיר־און־טויער האָט אַן אָפענעם אויער . . .

■ דער וואָס האָט הנאה פון חניפה־רייד האָט אויך הנאה פון שאָדן־פרייד . . .

■ „תורה איז די בעסטע סחורה", זאָגט מען, נאָר די וואָס האַנדלען דערמיט זיינען ניט קיין ראַיעלע סוחרים . . .

נאָר איינעם האָט ער ליב, נאָר איינער איז אים שיין.
פאַרשטייט זיך ניט קיין אַנדערער ווי טאַקע ער אַליין . . .

■ ווייז ניט קיין גבורה דורך הויבן אויף יענעם אַ האַנט, קאָנסט אַמאָל כאַפּן פון צוויי הענט קאָפּ אַן דער וואַנט . . .

■ מיט אַ פינף־פונטיקן שפּאַקטיוו אויף אַ הינעראויג קאָן מען זען דעם זיבעטן הימל . . .

■ ער ווייסט פון אַלץ אין דער וועלט, אַ חוץ — אויף וועלכער וועלט ער געפינט זיך . . .

■ פון אַ סך ביז גענוג איז ווי פון אַ גלאָז ביז אַ קרוג . . .

אַ פאַנטאַזיע פליער איז אַזאַ מין העלד,
וואָס דאַרף ניט קיין פערט און ניט קיין לופטפעלד . . .

■ צו נייען תכריכים דאַרף מען ניט קיין קניפּל און קיין קנעפּל . . .

## מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

שטענדיק האָט ער ליב נאָר צום עמוד זיך שטופּן,
כאָטש ער ווייסט ניט אַפילו וואָס איז אַ קאַמעץ, צי אַ מלופּן . . .

■ פון זיינע טרערן האָט ער זאַלץ, און פון עסן־זיך — דאָס שמאַלץ . . .

■ אַ פרעסער — האַלט ניט פון קיין גאָפּל־מעסער . . .

■ דער וואָס האַלט דעם קאָפּ אין טאָפּ בלייבט אַ זשלאָב . . .

■ דאָס האַרץ פרייט זיך ווען דאָס געשעפטל דרייט זיך . . .

■ מענטשן מיט פאַרשטאַנד נוצן לאָגיק, דער נאַר פאַרלאָזט זיך אויף מזל . . .

■ צו־לאַנגע רעדעס קריגן אָפט זייער קורצע אַפּלאָדיסמענטן . . .

■ ווען פּאָליטישנס רייסן זיך פאַר די נעזער, דערשמעקן גלייך די בירגער אַ מיאוס'ן ריח אין נאָז . . .

אַ סטאָליאַר קאָן בויען אַ הויז, אַ קאַץ קאָן כאַפּן אַ מויז,
אַ הון קאָן לייגן אַן איי, און ער — קאָן עסן פאַר צוויי . . .

■ ביי איינעם איז שווער צו דערגיין דעם אמת, און ביי אַ צווייטן — צו דער־גיין דעם ליגן . . .

■ ער האָט אַ שאַרפן קאָפּ, אַ פאַרשפּיצטע צונג און — קיילעכדיקע געדאַנקען...

■ ער האָט פאַרקויפט זיין נשמה און אַזוי אָפּגענאַרט דעם קויפער . . .

■ זינט ער איז אַריין אין די גרויסע שיך איז אים געשוואָלן געוואָרן דער קאָפּ...

■ זיין פאַנטאַזיע טראָגט אים אין די הימלען, און ער אַליין טרייבט אַלץ אין דער ערד . . .

■ ביים שפּילן שאַך, זאָגט ער, פאַרלירט מען צייט, דערפאַר ביי שפּילן קאָרטן געווינט ער — קרחות . . .

■ דאָס לעבן לייגט־אַרויף אויפן מענטשן שווערע פּעקלעך; קומט דער מיאוס'ער טויט און באַפרייט אים פון זיי. דאַך — מוחל די טובה . . .

■ אַ שטוב מוז האָבן אַ בעזים, אָבער דער בעזים מוז האָבן זיין ווינקל . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

בעסער אַ ביסל גוטס, ווי אַ סך שלעכטס.
בעסער אַ שוואַכער זינגעז, ווי אַ שטאַרקער קרעכץ . . .

■ מ׳דאַרף געזונטע פיס צו קאָנען ש ט י י ן, און — אַ געזונטען קאָפּ צו קאָ־נען פ אַ ר ש ט י י ן . . .

■ אַ נאַר ווערט אַ חכם ווען ער ווערט רייך; אַ גרוב פילט זיך אָן מיט וואַ־סער, הייסט דאָס אַ טייך . . .

■ אַז אוממענטש קאָן מאַכן געלט, אָבער געלט קאָן ניט מאַכן קיין מענטש . . .

■ מאַר ניט קיין שפּאַס מיט אַ גנב, ער נ ע מ ט ד אָ ס ערנסט . . .

■ אַ קינד קריגט אַ נאָמען פאַר ח״י (אַכטצן גראָשן), אָבער אַ גרויסער מענטש מוז שוין באַצאָלן פאַר אַ נ אָ מ ע ן אַ גוטן פּרייז . . .

ווען עס איז אַ געראַנגל צווישן אַ קאַץ און אַ שרץ —
האַלט איך מיט דער קאַץ אָן שום תירוץ . . .

■ די הייננטיקע וועלט געפעלט אים ניט, גייט ער אַרום ווי אַ נעכטיקער . . .

■ מיט אַן אָפּן האַרץ און אַ אָפענע האַנט איז מען אין גוטער געזעלשאַפט באַ־קאַנט . . .

■ ער באַרימט זיך מיט אַ הויכער פּאָזיציע, ס׳איז אָבער אין באַד אויף דער אויבערשטער באַנק . . .

■ ער ליידט פון אַ קורצן זכרון — דערפאַר האָט ער אָבער אַ לאַנגן צונג . . .

■ ער שטורעמט אַ וועלט, נאָר קיין צווייגן ברעכט ער ניט . . .

■ מ׳זאָגט: „צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט ניט קיין געלט״ . . . פּאָליטישנס באַווייזן קלאָר, אַז דאָס איז אַזוי . . .

■ ער איז פון די יעניקע וואָס „לעבן אַ ט אָ ג — ב י י נ אַ כ ט . . .

■ מיטן טויט איז מען פאַרגרייט, נאָר פאַרן לעבן מוז מען קעמפן און שטרעבן...

אַפילו ווען אַ מענטש גייט זוכן גליק
איז דער אַוועקגיין שווערער ווי דער קומען צוריק . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ווי דער דבר־אחר סערווירט זיך, אַזוי עסט ער . . .

■ דער מענטש ווינטשט זיך שטענדיק דאָס טעלערל פון הימל, נאָר — פון אַ לעפל טראַכט ער ניט . . .

■ אַ פערד קאָן פירן, אָבער ניט דיסקוטירן . . .

■ דער הירש האָט שיינע הערנער, נאָר מ׳קאָן כאַפּן אַ מיאוס׳ן שטאָך פון זיי...

■ זיין קאָפּ ליגט אין טאָפּ, און זיין שכל — אין זייט מיר מוחל . . .

■ גיי און לאָד אים, אַז ער איז אַ פּרא־אָדם . . .

■ פאַרמאָגט מען נאָר די „ג אָ ל ד ע נ ע ק אַ ל ב", וועלן שוין געגווג בהמות נאָכלויפן . . .

צו דערגרייכן דעם בוידעם, פאָדערט זיך גוטע טרעפּ.
צו דערגרייכן וויסן — דורך געלערנטע קעפּ . . .

■ ער האָט פיינט טעמעס וועגן אמת, אָבער אין נאַרן איז ער דערפאָרן . . .

■ אַז מ׳רייסט אַרויס אַ צאָן ביי אַ קאַרגן, טוט עס אים צוויי מאָל וויי: פאַר־לירט אַ צאָן און דאַרף נאָך באַצאָלן . . .

■ קאָן קיין צוויי ניט ציילן, לעבט ער טאַקע אַז אַ רעכענונג . . .

■ פון זיינע קלאָץ־קשיות זעט מען אַז ער האָט אַ הילצערנעם קאָפּ . . .

■ מ׳קוקט ניט אויף וואונדן, צי דער שלייף איז שיין אויסגעבונדן . . .

■ סאַמעט און זייד מאַכט נאָך ניט קיין איידעלע לייט . . .

קנאה און שנאה — אַ ברענענדיקע קללה — ס׳איז גוט זיי ניט צו קענען, נאָר קומט איר אין באַרירונג — מוזט איר אויך שוין ברענען . . .

■ דער וואָס גייט „כאַפּן פיש", דאַרף זיין גרייט אויך צו כאַפּן אַ בים . . .

■ ווען מ׳רייסט אַראָפּ אַ ליגן דעקט זיך אויף דער נאַקעטער אמת . . .

■ גייט אַליין אַרום צעדרייט און קוקט אויף אַלעמען קרום . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ פּערל ווערן טרערן וואָס קומען פון פרייד — און בלוט זיינען טרערן וואָס קומען פון לייד . . .

■ אָפּט ווערן מענטשן פאַרפאַלגט, ווייל זיי האָבן דערפאָלג. און אָפּט קריגן מענטשן א ש ב ח — ווען זיי האַנדלען גראָד ש ו ו אַ ך . . .

■ ס'איז בעסער ביים לעבן אַ בלימל און ברויט, ווי גרויסע בוקעטן און לויב נאָכן טויט . . .

■ אַ בהמה אַז שכל דאַרף ניט קיין היכל . . .

דער מענטש וואָס שווערט זיך מיט אַלץ וואָס אין קאָרט,
איז שווער שוין צו גלויבן אפילו אַן אמת'ן וואָרט . . .

■ אַ פליג קאָן פאַר'סמ'ען אַ מענטשן, און אַ „קליין מענטשעלע" קאָן דער־הרג'ענען אַ מענטשן . . .

■ געוויסע לייט וואָס שרייען, אַז זיי זוכן נאָר דעם אמת, דאַרף מען אַליין ערשט גוט באַזוכן . . .

■ פאַרמעסט זיך קיינמאָל ניט מיט אַ שוואַכערן פון זיך. וועסטו זיגן, איז דאָס אַ ק ל י י נ ע ר זיג. ועסטו ווידער פאַרלירן, וועט דאָס זיין אַ ג ר ו י ־ ס ע שאַנד . . .

■ קנאה און שנאה זיינען ברידערלעך צוויי. און וואויל איז דעם מענטשן וואָס וויכט פון זיי . . .

■ דער מענטש וואָס רעזיגנירט פון לעבן קאָן שוין צו קיין בעסערס ניט שטרעבן . . .

■ פון אַ גרינגן טויט, צי פון אַ שווערן טויט — קיין לעבעדיקער גייט מען ניט אַרויס . . .

■ דער פיינסטער הונט וועט ניט זינגען, נאָר — בילן . . .

■ ער האַלט פון פּ י ס ־ ק ו ל ט ו ר, ווייל קאָפּ־קולטור גייט אים אין קאָפּ ניט אַריין . . .

■ דער טעם פון קוכן קאָן מער נאָר וויסן ביים פאַרזוכן . . .

# סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

א ביוראָקראַט איז אַזאַ אײנער, װאָס איז מיט אַמביציעס פֿול.
זײַן װאָרט זאָל זיך דרײען, װי ס׳דרײט זיך זײַן שטול . . .

■ אײנער לעבט און דרײט זיך און אַ צװײטער לעבט און פֿרײט זיך . . .

■ מיט יאָרן צוריק האָט ער געפּראַװעט תנאים — האַלט ער נאָך אין אײן ברעכן טעלער . . .

■ זעט אױס, אַז די נאַטור איז אױך מאַהנע צעדרײט: װינטער זײַנען די בױ־מער נאַקעט, און זומער — באַקלײדט . . .

■ קױפֿט ענגע שיך, קרימט ער זיך אױף אַלעמען, נאָר ניט אױף זיך . . .

■ ליבע איז אַ שײנע זאַך פֿאַר װעלכע מ׳צאָלט אָפֿט גרױסע פּרײַזן, און קײנער קאָן דאָס ניט אָפּשאַצן . . .

■ דער װאָס קאָן ניט אױפֿהאַלטן פֿרײַנט, קאָן אַלײן אױך ניט זײַן קײן פֿרײַנט . . .

װען אַ קאַץ פֿאַרטײַעט זיך אױף אַ פֿױגל אין גאָרטן,
איז ניט, חלילה, צו זען אױב זי גנב׳עט ניט דאָרטן . . .

■ עס העלפֿט ניט באַװײנען דאָס לעבן — טרערן קאָנען קײן בעסערס ניט געבן . . .

■ ער איז פֿון די מענטשן װאָס זעט דורכן שפּיגל די גאַנצע װעלט — ז י ך . . .

■ ער האָט שׂכל פֿון אַ יאָר אַכט, און חוצפּה — פֿון אַ גנב בײַנאַכט . . .

■ דער פֿיש װערט פֿאַרנאַרט אױפֿן האָקן מיט אַ װאָרים. און דער מענטש װערט אָפֿט פֿאַרנאַרט מיט אַ שטיקל ברױט . . .

■ דעם הײַנט געפֿעלן ניט אַ סך זאַכן פֿון נעכטן, אָבער דער הײַנט װעט ניט געפֿעלן דעם מאָרגן און עס װעלן זײַן נײַע זאָרגן . . .

■ איך האָב זײער ליב געסט, נאָר דער װאָס קומט צו־אָפֿט איז קײן גאַסט ניט . . .

■ אַן אימפּעריאַליסט איז אַ מענטש מיט אַ ברײטן פּ אַ ר נ ע ם, װאָס װיל אַלץ פֿ אַ ר נ ע מ ע ן . . .

## מעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ווען פרייהייט און גלייכקייט קריגן ניט דאָס וואָרט, רעדט דער צאָרן אויף זייער אָרט...

דאָס איז אַ טייערע קעכין, מיט גאָלדענע הענט:
מילכיקס „לויפט אויס", און „פליישיקס" — „פאַרברענט"...

■ דער מענטש וואָס עסט זיך פון קנאה, קאָן אויך פון אַ זאַ עסן קריגן בויכ־ווייטיק...

■ איך וויל וועגן אים גאָרניט זאָגן, בלויז אַז ער איז געראָטן אין זיין זיידן, און וועגן טויטע רעדט מען ניט קיין שלעכטס...

■ לאָז זיך אַמאָל פירן פון אַ נאַר, אפשר וועט ע ר עפּעס לערנען דערפון...

■ דער מענטש וואָס ציילט זיך־צו דעם ביסן איז זייער אַ שלעכטער בעל־חשבון...

■ דער וואָס געטרויט אַלעמען האָט גאָרניט, ווייזט אויס, וואָס צו פאַרלירן...

■ איין אויפּריכטיקער „אוי" זאָגט אַמאָל מער ווי אַ לאַנגע דרשה אין אַ מע־כאַנישן הספּד...

■ דער וואָס נוצט ניט דעם מוח, נאָר דעם כוח, איז אַ פאַרפאַלענער רוצח...

■ פּאָליטישנס וואָס „לויפן" און דערלויפן, „פאַלן" אָפט זיצנדיק אין ווייכן שטול...

יידיש און העברעאיש זיינען נאָענטע מחותנים,
נאָר אָפט טרעפט אויך — מ'איז פריינטלעכע שונאים...

■ ביי געוויסע פּאָליטישנס איז דער יאָ אַ ניין, און דער ניין אַ יאָ, נאָר קיין אמת וואָרט איז ביי אים ניטאָ...

■ ער אַרבעט טאַקע מאָרודנע, אָבער דערפאַר גוט פּאַסקודנע...

■ ווען אַ מענטש באַגרייפט זיינע חסרונות איז עס אַ גרויסע מעלה...

■ ברענט אַ וועלט און אַליין ניט „דערבאַקן"...

■ דער גאַנג איז שטענדיק פאַרויס, אפילו ווען מ'דאַרף גיין צוריק...

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ די גרויסע פאַבריקאַנטן וואָס פאַבריצירן די טייערסטע זאַכן — ערשט זיי זיינען די פאַבריקאַנטן פון אָרעמקייט . . .

זיינע אויגן ווי פון אַ סאָווע, זיין נאָז ווי אַ פּייפל.
האָט אַ מויל ווי אויף שרויפן, נאָר אין קאָפּ פעלט — אַ שרייפל . . .

■ ניט וויסן איז ניט קיין שאַנדע, נאָר שעמען זיך צו פרעגן איז אַ נאַרישקייט...

■ קיינער קאָן אים ניט אָפּנאַרן, אָבער ער נאַרט זיך אַליין . . .

■ גייט שטענדיק געבראָכן, נאָר לעבט מיטן בטחון, אַז דאָס וואָס ער האָט ניט וועט ער קריגן ביים שכן . . .

■ מ׳פאַרליבט זיך אָפט אין אַ פּינטעלע חן, און מ׳פאַרזעט דעם גאַנצן טאָפּ כריין . . .

■ אויך אַ קאָפּ קאָן אַמאָל מאַכן אַ פאַלשן טראָט . . .

דער נאַר מוז שטענדיק זוכן ווי צו געפינען דעם וועג.
ווען דער קלוגער האָט אַ מיטל — ער גיט זיך אַ פרעג . . .

■ ער איז אַן אמת׳ער זייגער: זיין צונג דרייט זיך ווי דער ווייזער, נאָר ער אַליין שטייט ווי דער זייגער אויף איין אָרט . . .

■ ער איז אַ גאַנצער בעל־צדקה ווען ער העלפט דעם אָרעמאַן, נאָר אַ ביטערער שונא פון די וואָס ווילן די אָרעמקייט אָפּשאַפן . . .

■ דער וואָס לערנט צו האָבן אָפּשיי פאַר אַן עלטערן וועט אויף דער עלטער קריגן דעם לוין . . .

■ אַ קראַנקער מענטש וואָס פאַרלאָכט זיין געוויין, נאַרט די אַרומיקע, נאָר ניט זיך אַליין . . .

■ ביי דעם אָרעמאַן פאַלט ניט דאָס שטיקל ברויט מיטן פּוטער אַראָפּ, ווייל — ער שמירט ניט קיין פּוטער . . .

■ איינער פאַרמאָגט ניט אַ פּרוטה, נאָר מיט חכמה אָנגעפילט. אַ צווייטער לאַכט: וואָס טויג מיר חכמה ווען נאַרישקייט גילט . . .

# סעם ליפצין / מיין גאָרטן

האָט אויגן ווי שפּיזן. אַ מויל — ווי אַ גיהנום.
ער ברענט זיך אַליין, אויב ער קאָן ניט יענעם . . .

■ דער רייכער „לעבט אַ טאָג", ווייל מער ווי איינמאָל, זאָגט ער, לעבט מען ניט. ווען דער אָרעמאַן, וואָס האָט ניט קיין רואיקן טאָג קאָן שטאַרבן צען מאָל אַ טאָג . . .

■ לשון־הרע איז דער דערפינדער פון שטאָפּעטן . . .

■ ווען מ'לייגט צו מוח שפּאָרט מען כוח . . .

■ ער רעדט שטענדיק זיס און גיט בלומרשט ברכות, נאָר ביי זיך טראַכט ער — עס זאָל זיין צו'להכעיס . . .

■ אַ געזאַלצענער ביסן — איז צו שלינגען טרערן . . .

■ ער איז רייך, קאַרג און אַ בהמה, קאָן מען טאַקע אַזאַ „עגל הזהב" ניט מעלקן . . .

■ אַ מאָדנער ייד — אַ חידוש: טאַנצט אויף אַלע שפּראַכן, נאָר הינקט אויף יידיש . . .

■ מענטשן האָבן אַפּט אַ טבע צו באַהאַנדלען זייער לעבן ווי געפילטע פיש: מ'קאָכט עס זאָל זיין געשמאַק, פאַרפּוצט מיט רעדלעך מערן, עס זאָל זיין זיס. נעמט מען דערנאָך און מ'דערטרינקט דאָס אין כריין . . .

אויס'מסור'ן אַ זשוליק, אַ שווינדלער, וואָס האַנדלט נידערטעכטיק,
געמיין,
קאָן אים פּונקט אַזוי העלפן ווי שרייען אויף קראַנקע ציין . . .

■ אַז אַ מענטש האָט מזל איז ניט שייך: מעג דער קאָפּ זיין אַ פּוסטער, אַבי די קעשענע איז רייך . . .

■ די שווערסטע זאַך פאַר אַ מענטשן צו פאַרמאָגן איז אַ פּוסטן מאָגן . . .

■ אַ פּאָליטישן — אַ מענטש, וואָס איז האַרצלאָז און נעמט זיך ג י ט צום האַרצן . . .

■ דער וואָס „עסט־זיך", לעבט אין צאָרן — וואַקסט ניט, בליט ניט, נאָר ווערט אַ דאָרן . . .

■ מ'קאָן ווערן אַלט און גרוי, איידער מ'דערלעבט אַ טיפע עלטער . . .

■ אַ ביוראָקראַט וועט אַלע מאָל זיך באַנוצן מיט אַ וואָרעם, כדי צו כאַפּן פיש אין מוטנע וואַסער . . .

■ דער מענטש, וואָס וויל אַ ריינע, אַ מוסטער־געזעלשאַפט, מוז ווייזן זיך פאַר אַ מוסטער . . .

■ דער אמת'ער קאַליררייכער מענטש איז דער, וואָס באַפאַרבט ניט זיינע גוטע מעשים . . .

דאָס איז אַ ביטערער פאַרשוין, פול מיט פעפער און כריין.
האָט פיינט אַלע מענטשן — און אַפילו זיך אַליין . . .

■ דער וואָס האָט ליב צו האָבן גוטע פריינט, היט זיך ניט צו האָבן גוטע שונאים . . .

■ יעדער פּאָליטישן האַלט פון כ ל ־ נ ד ר י זאָגן אויף מאָרגן נאָך די וואַלן — אַז זיינע אַלע צוזאָגונגען זיינען פון אַ הונט געבילן . . .

■ די פערד זיינען נאָך ניט געשפּאַנט און ער זיצט שוין אין וואָגן . . .

■ איר קאָנט זאָגן וועגן אים אַלץ אין דער וועלט, נאָר — פאַרגעסט ניט, אַז ער האָט אַ שם פאַר אַ גרויסן ליגנער . . .

■ ער זוכט איינעם וואָס ק ע ן א י ם נ י ט — ער דאַרף אַ גוט־זאָגער אין אַ ליי־קאַסע . . .

■ אַ צעבראָכן האַרץ קאָן מען ניט צוזאַמענקלייען — און אַ צעריסענע פאַמיליע — צוזאַמענניייען . . .

■ גאָלד איז ריין — ווי גאָלד. נאָר גאַנץ אָפט באַשמוצן זיך מענטשן ביים האַנדלען מיט דעם . . .

דער לעבנס־גאַנג פון אָרעמאַן דערגרייכט שטענדיק פיר שטאַפל:
ברויט, אַ קלייד, אַ דאָקטאָר, אַן אַפּטייק, ביז ער קומט אַן אין „טשאַפּל"...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ווען איינער האָט ניט קיין שכל, איז דאָס אַ גאָט׳ס זאַך, נאָר דאָס וואָס דער נאַר רעדט איז שוין ז י י ן זאַך . . .

■ דאָס האַרץ קאָן אָפט רעדן מער ווי דאָס מויל, נאָר דאָס האַרץ פּלאַפּלט ניט...

■ וואַרפט זיך מיט די קיילעכדיקע רענדלעך און פּאַרט „נאָ־שפּיץ" . . .

■ ער גרויסט זיך מיט רייכקייט און איז קליינלעך מיט אַ פּרוטה . . .

■ דער מענטש וואָס האַלט ניט ריין זיינע כלים און קליידער איז שוין אַ שלומפּער כסדר . . .

■ ער האָט פיינט זיך צו באַרימען, ער דערציילט בלויז וואָס אַנדערע זאָגן וועגן אים . . .

איר האָט דאָ אַלע מעגלעכקייטן, אַלע מענטשן זיינען גלייך.
איר קאָנט ווערן אַ שטאַטסמאַן, אָדער גלאַט ווערן שטיין־רייך . . .
נאָר אַן אָרעמאַן קאָן אַזוי ווערן אַ פּרינץ, אַ גראַף, צי אַ לאָרד,
ווי אַ פּליכעוואַטער — אַ ביטניק, און אַ רבי׳צין מיט אַ באָרד . . .

■ צירונג אויף אַ מענטשן ציט אַוועק די אויפמערקזאַמקייט, מ׳זאָל קאָנען דערזען דעם מענטש אין אים . . .

■ אויסגעפּוצט מיט נייע תבריכים, אין אַ נייעם קאָסטן — און געשטאָרבן לויט דער אַלטער מאָדע . . .

■ לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון דער לבנה — זי גייט זיך איר גאַנג . . .

■ דער הימל איז טאַקע זייער שיין פאַרן אויג, נאָר פאַרזע ניט דעם מענטש אַרום זיך . . .

■ אַ גאַנץ יאָר גייט ער אַרום מיט פאַרשטאַכענע אויגן. אין געשעפט האָט ער גנב׳ישע אויגן. נאָר פאַר ימים־נוראים קומט ער צו גאָט מיט פאַרגלאָצטע אויגן . . .

■ צו פירן מלחמה ל י י ג ט ־ צ ו דער גענעראַל זיין קאָפּ, ווען דער סאָלדאַט ל י י ג ט אַ וו עק דעם קאָפּ...

■ צו באַמערקן דעם קלוגן צווישן נאַראָנים, זעט דעם וואָס פּלאַפּלט ניט . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

ניטאָ דער לעבעדיקער מענטש וואָס זאָל זיך ניט באַקלאָגן.
און ניטאָ איז אַזאַ טויטער וואָס זאָל אַ שלעכט וואָרט זאָגן . . .

■ דער ביוראָקראַט וויל שטענדיק, אַז די מאַסן זאָלן זיין זיין עכאָ — וואָס ער זאָגט זאָלן זיי נ אָ כ ז אָ ג ן...

■ שאַפֿן גזירות צו פֿאַרדעקן זייערע עבירות . . .

■ אויב איר ווילט זיך אָפּרעכענען מיט אַ גודניק וואָס האָט גיין מאָס רייד — פֿאַרכאַפּט דאָס וואָרט און רעדט אַז אַ מאָס . . .

■ צי ער איז אַ מאַן אַ נאַר, צי אַ נאַר אַ מאַן — אבי ער איז גוט און גייט אין שפּאַן . . .

■ ער ד ע ר ק ל ע ר ט זיך באַנקראָט און אים אַרט ניט וואָס אַנדערע ווען ק ל ע ר ן . . .

ס׳איז גוט צו לעבן און געניסן, נאָר ס׳איז אויך גוט צו וויסן,
אַז מ׳קאָן זיך דערווערגן מיט אַ צו־גרויסן ביסן . . .

■ אַ סך מענטשן רעדן זיך איין אַ נאַרישקייט, אַז זיי האָבן — שכל . . .

■ ער איז אַ וואָרטסמאַן וואָס האַלט זיך ביי איינס — ער איז איינער און ווייטער קיינער . . .

■ מ׳גייט פֿאַרביי הונדערט מענטשן אין גאַס און קיינער קוקט זיך ניט אום. ליגט איין מענטש שיכור — וואַרפֿן אַלע אַ בליק . . .

■ נער הייתי וגם זקנתי, טייטש מיין פֿעטער: דער וואָס איז אַ נאַר אין דער יוגנט בלייבט אַ נאַר אויך שפּעטער . . .

■ יעדער גוטער מענטש איז דער זיידענער פֿאָדעם פֿון וועמען עס וועבט זיך אויס די גוטע סחורה — מ ע נ ט ש ה י י ט...

■ זיינע מעלות דאַרף מען זוכן מיט אַ טעלעסקאָפּ, בעת זיינע חסרונות ליגן ביי אַלעמען אויף די ליפּן . . .

■ מיט פֿאַלשע רייד און פֿאַלש געלט מאַכן אָפֿט מענטשן אַז אמת „שיינעם" לעבן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער האָט שטענדיק ליב צו שפּילן די ערשטע פידל, נאָר טאָמער ניט איז נ י ט געפידלט . . .

ער גיט כלומרשט'ן לויב, דערביי אַז אמת'ן בּיס.
וואַרפט אַריין אַ סך פעפער און מאַכט סאַכאַרין־זיס . . .

■ דער מענטש דערלייגט גאַרנישט צו זיין געבוירן ווערן אויף דער וועלט. ער קומט נאַקעט אַז אַ העמדל אויף זיך און גייט אַוועק אין גאַנץ פיינע קליידער...

■ שטענדיק ברענט ער און קאָכט זיך און שטענדיק בלייבט ער רוי, ניט־דערבאַקן . . .

■ ווען איך האָב דעם קאָפּ־ווייטיק אויף דיינע אַקסלען וואָלט איך אויך ניט געשריען . . .

■ ער איז ווי אַ משוואק אַז אַ קאָפּ — שווער אים אַריינצוקלאַפּן . . .

■ בראָקט אַז אַ ליגן ווי אַ ציבעלע און לאָזט נאָך דערביי ציבעלע־טרערן . . .

■ פאַררייסט ניט דעם קאָפּ מיט גאווה, און האַלט ניט דיין קאָפּ אַראָפּגע־לאָזט צוליב ענווות. אין ביידע פאַלן וועסטו זיך דערנידעריקן . . .

געבענטשט איז דער מענטש וואָס קאָן בויען און וועבן,
אַנשטאָט טראַכטן פון טויט — מאַכן שענער דאָס לעבן . . .

■ קאָן ניט פירן קיין שיף, נאָר כאַפּט זיך שטענדיק צום רודער . . .

■ עס וואָלט געגאַנגען ווי אַ פידל, ווען ער קאָן שפּילן . . .

■ ער זוכט נאָר אַ ציפער וואָס מ'קאָן ציילן, נולן קאָן ער מאַכן אַליין . . .

■ דער גרעסטער זייגער אויף דער וועלט קאָן ניט פאַרגרעסערן די שטונדע מיט אַ סעקונדע . . .

■ ווען קאַפּיטאַליסטן זאָגן־צו צו באַקעמפן אָרעמקייט, מוז אין דעם געוויס שטעקן אַ — רייכער פאַרדינסטל . . .

■ ער איז מיט אַלע מעלות: אַ גרויסער נאַר, האָט אַ גרויס מויל, דערצו אַ גרויסער באַרימער און צו אַרבעטן — פויל . . .

■ ער האָט ליב צו רעדן אַז אַ מאָס, און דאָך דענקען מענטשן, אַז ער איז אַ קנאַפּער רעדנער . . .

דער קאַלענדאַר און דער שפּיגל פירן אַן אַ שטומע דעבאַטע.
דער שפּיגל ווייזט די שמינקע; דער קאַלענדאַר ווייזט די דאַטע . . .

■ פאַראַן מענטשן וואָס קוקן אוים זייערע אויגן פאַרן מלאך המות, ווען זיי דערוואַרטן פון עמעצן אַ גרויסע ירושה . . .

■ דאָס וואָס אים פעלט אין שכל האָט ער אין חוצפּה . . .

■ אַ מענטש קאָן לעבן רואיק ווי אַ טיש — ווען ער שטייט אויף די אייגענע פיס . . .

■ פון עסן זיך דאָס האַרץ און שלינגען טרערן קאָן מען זאַט ניט ווערן . . .

■ אייניקע עלטערן זאָרגן זיך ווען זייערע קינדער קומען ש פּ ע ט אַהיים, און נאָכמער זאָרגן זיך אַנדערע עלטערן ווען זייערע קינדער קומען גאַנץ פרי — א י נ ד ע ר פ ר י אַהיים . . .

■ דעם אָרעמאַן איז שווער דאָס לעבן, אָבער שטאַרבן קאָן ער דריי מאָל אַ טאָג . . . ווען דער רייכער האָט אַ גרינג לעבן, אָבער אַ שווערן טויט — אַלץ איבערצולאָזן . . .

■ זיינע מעלות קאָן ער ניט פאַרקויפן קיינעם, אָבער זיינע חסרונות ווייסן שוין אַלע שכנים . . .

שטייט שטאָלץ ווי דער האָן אויפן פאַרקאָן אויבנאָן,
נאָר קאָן ניט אַ קריי טאָן — אַבי קוקט אים אָן . . .

■ דער איצטיקער דאָלאַר איז געגליכן צו אַ שוועבעלע — איידער מ'קוקט זיך אום ווערט עס פאַרברענט . . .

■ אַ ליגנער, אַ באַרימער און אַ שווינדלער געפינט שטענדיק אַ טויטן פאַר אַן עדות . . .

■ צו זיינע תנאים האָט מען צעבראָכן אַ טעלער, צו זיין חופּה — אַ גלעזל. איצט, נאָך דער חתונה, ברעכט ער וואָס אים קומט אין האַנט אַריין . . .

## סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ דער וואָס האָט פּײַנט מענטשן איז דער ערגסטער שונא זיך אַליין . . .

■ דער אָרעמאַן לעבט לענגער ווי דער רײַכער — יעדער טאָג איז בײַ אים אַ יאָר . . .

■ ער איז ניט קיין בעל־הגוף און ניט קיין בעל־מלאכה, ער וואָלט אפשר גע־קאָנט זײַן אַ בעל־עגלה, ווען ער איז ניט קיין פערד . . .

■ ניט שילט און ניט בענטש, נאָר זײַ אַ מענטש . . .

■ די מערסטע גענעראַלן שמידן זיך אַליין אויס די מעדאַלן . . .

גייט אַרום פאַרביטערט, שטענדיק בייז, אַנגעצויגן.
בײַטאָג ווײַל ער קיינעם ניט אַנקוקן, בײַנאַכט פאַרמאַכט ער די אויגן . . .

■ אַ מאָדנע וועלט: יושר דאַרפסטו שטענדיק זוכן אין דער קאָמפּאַניע פון נידערטרעכטיקע. פרייהייט בײַ פאַרשקלאַפער, געווינסן — בײַ געווינסלאָזע, ערלעכקייט, צווישן גנבים און מענטשלעכקייט — בײַ אוממענטשן . . .

■ זײַ אַ חכם און טרעף ווען משיח וועט קומען, און ווען וועט דער נודניק אוועקגיין . . .

■ די וועלט איז טאַקע זייער שיין, נאָר ווי איז דעם וואָס זעט ניט אַז די וועלט פאַר זיך אַליין . . .

■ ער איז ניט קיין רעדנער, נאָר באַרעדן — דאָס קאָן ער אַ יעדן . . .

■ ער איז ניט קיין פײַערמאַן, נאָר רעדט פאַר פײַער און וואַסער . . .

■ אויסגעוווען די גאַנצע וועלט מיטן פּעקל און ניט געבראַכט אַ היים קיין שקל . . .

■ איינס (1) און איינס (1) קאָן אויך זײַן עלף, און אַ מענטש — אַ כלב . . .

וואָס גרעסער דער קריג, אַלץ דאַרף מען מער „ראַטעס",
וואָס גרעסער דער רעגן אַלץ טיפער די בלאָטעס . . .

■ ווען דו וועסט היינט אויפעסן די זריעה, וועסטו מאָרגן דאַרפן לעבן מיט שהי־פהי . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ בעסער אַ שטיקעלע פיש אויפן טיש, ווי דעם שור־הבור איבער הונדערט יאָר . . .

■ ער שווערט זיך ביי יענעמס באָרד און פּאות, אַז ער איז ניט אויסן צו זאָגן דעות . . .

■ אַז עקשן איז דער וואָס זאָגט אויף טאָג נאַכט, אָבער ניט דער וואָס נעמט דעם אמת אין אַכט . . .

■ זיי גייען ביידע איין וועג, נאָר איינער זוכט אַ ק ר י י ז ל און דער צווייטער — אַ ב ר י י ז ל . . .

■ ער איז ניט אַזוי אויסן צו ערן דעם אָנדענק פון טויטן, ווי ער וויל מ'זאָל אים ה ע ר ן רעדן אַ לעבעדיקן . . .

■ ווען אַ בהמה דערגרייכט צו אַ סטויג היי איז דאָס פאַר איר אַ הויכע דערגרייכונג . . .

ער דאַרף ניט קיין האַרץ, קיין קאָפּ, קיין אויגן,
ער קאָן אַלץ דערגרייכן מיטן עלנבויגן . . .

■ קומען באַזוכן פריינט ווען עס פּאַסט, איז מען געסט. נאָר ווען מ'ווייסט ניט ווען אַוועקצוגיין, ווערט מען שוין אַ פּ ע ס ט . . .

■ פון אַ קלוגן קאָן מען עפּעס לערנען און געדענקען. פון אַ נאַר — איז צער צו קרענקען . . .

■ דער אמת קומט אָפּנהאַרציק און דער ליגן שטענדיק פאַרפּוצט . . .

■ ער האָט זיך געלערנט פון ווינט — פייפט אַז און לויפט ווייטער . . .

■ דער ליגנער האָט קיין פּנים ניט, און דער פאַלשער איז צוויי־פּנים'דיק . . .

■ צווישן צוויי נאַראָנים איז שטענדיק פאַראַן איינער אַ קלוגער — דער וואָס רעדט ניט . . .

■ דער וואָס שטייט שטענדיק פאַרן שפּיגל קאָן שוין קיין צווייטן ניט זען . . .

■ אַליין איז ער אַ זאַווערוכע, נאָר ער ברענגט אַ טאָרנאַדאָ . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

פון דריקן ווייטרויבן קאָן מען אויסדריקן וויין,
נאָר פון דריקן וואַסער וועט בלויז וואַסער זיין . . .

■ ער לעבט זיך ווי אַ טויב אין הויז — האַלט שטענדיק אין פּיקן . . .

■ דאָס לעבן איז אים שוין אַזוי דערעסן, אַז ער איז גרייט שוין אייביק צו פאַסטן . . .

■ וואָס דאַרף ער אַ זייגער, אַז ער גייט־אַרום ליידיק און האָט סיי־ווי גענוג צייט ? . . . .

■ ער האָט גערעדט זייער פאַרטיפט: עס האָט געטויגט טיף אין דר׳ערד . . .

■ ער איז אַזאַ פּחדן, וואָס אין שרעק פאַרן טויט איז ער גרייט צו באַגיין זעלבסטמאָרד . . .

■ ער קאָן מאַכן פון נאַכט טאָג, נאָר ס׳איז צום טאָג אַ קלאָג . . .

■ דער שוואַכער מענטש קאָן אָפט גיכער אויספירן מיט זיין שוואַכקייט ווי דער שטאַרקער מיט זיין שטאַרקייט . . .

■ ר ו מ אַ ט י ז ם, גיט ווייטיקן אין די הענט און פיס; ר אָ מ אַ נ ט י ז ם — גיט ווייטיקן אין האַרץ, קאָפּ און קעשענע . . .

■ פון דער מינדסטער זאַך וואָס ער טוט מאַכט ער אַזאַ געשריי, ווי אַ הון ווען זי לייגט אַן איי . . .

■ אַ פריינט פון דער ווייטן איז אַזאַ וואָס קומט ניט צו־אָפּט באַזוכן . . .

■ אין די יונגע יאָרן קריגט אַ פרוי אַ זיץ־פּלאַץ אין באַן פאַר איר שיינער פּריזור. אויף דער עלטער קריגט אַ פרוי אַ זיץ־פּלאַץ פאַר אירע ווייסע האָר . . .

■ כּל־זמן די אויגן זיינען אָפן טאָר מען קיין זאַך ניט פאַרשלאָפן . . .

■ זי איז פון די מאַמעס, וואָס שלאָגט דאָס קינד פון אַלע זייטן און שרייט: איך האָב דיך געלערנט און אָנגעזאָגט, אַז מ׳טאָר זיך מיט קיינעם ניט שלאָגן . . .

■ עס האַלט שוין ביי אים „ערב שבת": ער גרייט זיך צו גיין אין רו אַריין...

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

זיי קאָנען זיך ניט אויסגלייכן, ווי הימל מיט ערד.
איינער שרייט — בהמה, דער צווייטער שרייט — פערד . . .

■ ווען די זון שיינט ווערט נעלם דער רעגן . . .

■ אויף פּאַפּיר בויט ער אַ בריק, פון זאַמד פלעכט ער שטריק, און פאַר מענטשן מאַכט ער פוילע שטיק . . .

■ צו פאַרטיידיקן זיין כשר'ן נאָמען וועט ער אפילו באַראַבעווען זיין אדוואָ־קאַט . . .

■ די געלעגנהייט, זאָגט מען, קלאַפּט אָן אין טיר, נאָר זייט פאַרזיכטיק מיט דער טיר ביים עפענען . . .

■ אמאָליקע יאָרן האָט אַ מיידל געשאַצט דעם ווערט פון אַ געראַטן י י נ ג ל; היינטיקע צייטן דעם ווערט פון — ר י נ ג ל . . .

■ רעדט כלומרשט פון מידת הדין, נאָר דרייט זיך אהער־און־אהין . . .

דער וואָס האָט ניט קיין אָטאָ, קיין וואָגן און פערד,
ליגט אין דער אדמה און פאָרט אונטער דער ערד . . .

■ אַנטלויפט פון אַ „העכט" און פאַלט אריין צו אַ „שאַרק" . . .

■ אין קאַמף פאַרן אמת וועט ער אייך אָפּבאַקן דעם שענסטן ליגן . . .

■ דער אַרבעטער ציילט די שעה'ן וואָס ער אַרבעט; דער באַלעבאָס — דאָס געלט וואָס ער האָט געמאַכט . . .

■ די שונאים וויל ע ר ניט טרעפן און די פריינט ווילן א י ם ניט טרעפן...

■ ער פאַרגלאָצט די אויגן, ווייסט מען ניט צי פון פרומקייט, צי פון שאַנד...

■ אַ נאַרישן קאָפּ העלפט ניט, ווי שיין מ'זאָל ניט פאַרקעמען . . .

■ דער זייגער איז אַ וועלט־בירגער: אין יעדן לאַנד איז ער אין צייט און אָרט . . .

ער קוקט אויף אַלעמען קרום, בלויז פון אויבן־אַראָפּ.
פאַרמאָגט אַ ברעקל מאָרד און אַ געשוואָלענעם קאָפּ . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַ קראַנקהייט קאָן מען ניט פאַרקויפן און מ׳קאָן פון דעם ניט אַנטלויפן...

■ דאָס איז אַזאַ פאַרביסענער עקשן, וואָס קאָן זאָגן אויף טאָג נאַכט און איינ־מיטן נאַכט טעלעפאָנירן צו יענעם און פרעגן: נו, ווער איז גערעכט . . .

■ „ליבע איז בלינד" — דאַרף מען אַכטונג געבן ניט „אַריינצופאַלן" . . .

■ פון לערנען און וויסן איז קיינמאָל ניט צו שפּעט צו געניסן . . .

■ אַלץ האָט ער ליב צו נעמען פון יענעם פון פּאַרטיקס; בלויז שונאים מאַכט ער זיך אַליין . . .

■ ווען עס האַלט זיך אין חלום׳ען אַ גוטער חלום — קלינגט דער וועקזייגער...

אייניקייט פאַרן אַרבעטער איז אַ זיכערער „שעלטער".
פאַר געזונט און לעבן צו שפּאָרן אויף דער עלטער . . .

■ ס׳איז שווער אָפּצושאַצן דעם ווערט פון יונגזיין, מ׳מוז פאַר דעם האָבן אַן אַלטן קאָפּ אויף זיך . . .

■ מיט הינער־אויגן קאָן מען גאַרניט זען, סיידן — מ׳טרעט אייך אַן אויף זיי, דאַן דערזעט איר יענע וועלט . . .

■ אַ חתונה־רינגל קאָן זיין אַן אַנטיק, אַ צירונג, אויב עס ווערט אָפּגעהיט דער שלום־בית . . .

■ איין מעלה האָט ער: ער באַרעדט קיינמאָל ניט קיין מענטשן. אויב ער רעדט איז דאָס נאָר וועגן זיך . . .

■ אַ נודניק פאַלט ניט אַריין אין יענעמס רייד — ער הויבט אָן און ה אַ ל ט אָן . . .

■ דער מענטש ווערט געבוירן מיט אויערן צו קאָנען הערן, נאָר געוויסע קריטיקער און מלמדים דענקען, אַז די אויערן זיינען באַשאַפן אויף אָנצודרייען זיי . . .

■ אַ באַוועגונג איז ווי אַ זייגער, מ׳דערקענט לויט די „ווייזערס" אויב זיי שפּיגלען אָפּ ריכטיק די צייט . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

גענבענטשט איז די אַרבעט פון שכל און הענט.
נאָר פון גלאַט פאַנטאַזיעס בויען זיך ניט קיין ווענט . . .

■ ער איז אַ גאַנץ הויכער מענטש און אין דער זעלביקער צייט — אַ גאַנץ קליינלעכער . . .

■ דער וואָס רייסט זיך וואָס גיכער צו דערגרייכן דעם שפּיץ־באַרג קאָן אָפט גיכער דערגרייכן דעם טאָל . . .

■ דער מענטש וואָס קוקט ניט ווייטער פון נאָז בלייבט שטענדיק מיט אַ נאָז...

■ דאָס איז אַזאַ קמצן, אַז ער שרעקט זיך צו ציילן זיין געלט, ער זאָל זיך קיין עין־הרע ניט געבן . . .

■ דאַכט זיך ער קאָן ניט קיין נאָטן, נאָר אומעטום וויל ער געבן דעם ט אָ ן . . .

■ אַ דאַנק דער מאַמעס פּיש האָט ער זיך פאַרליבט אין דער טאָכטער. איצט האָט די מאַמע אַן איידעם אויף קעסט . . .

פּיראַטן און אימפּעריאַליסטן ווייסן ניט פון קיין שאַנד.
זיי ווייסן נאָר איין זאַך — באַרויבן שיפן, אָדער לאַנד . . .

■ דאָס מויל רעדט פון אַ וואָרט־אַ־קוואָרט, נאָר דער געדאַנק רירט זיך ניט פון אָרט . . .

■ דער אייגענער האַרטער קולאַק איז אַ סך מאָל ווייכער ווי אַ פרעמדער קישן...

■ אַ שיכור קאָן טאַקע טרינקען ווי אַ פיש, נאָר אַ פיש וועט זיך ניט אָפּשטעלן ביי יעדן שענק און פאַלן פון די פיס . . .

■ פאַראַן מענטשן וואָס קאָנען ניט רוען ביז זיי האָבן די אייביקע רו . . .

■ פאַרברענטע געליבטע רעדן אָפט מיט די אויגן, נאָר אַז עס קומט צו ל ש ו ן ווערט דאָס אָפט — פ אַ ר ל אַ ש ן . . .

■ ווי גרויס אַ ליגן זאָל ניט זיין זעט מען זיין קליינלעכקייט . . .

■ דער קלוגער טראַכט שטענדיק וואָס צו זאָגן. דער נאַר האַלט, אַז טראַכטן איז אַ נאַרישקייט . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַ מענטש דאַרף אַלץ הערן, אַפּילו זיך אַליין וואָס ער רעדט . . .

ער האַלט זיך ג ר ו י ס, ווי עוג־מלך־הבשן,
נאָר איז אַ ק ל י י ן מענטשעלע מיט אַ ג ר אָ ב ן לשון . . .

■ רוף ניט אַ מענטשן ליגנער אין קעגנוואַרט פון אַנדערע מענטשן. לאָז אים רעדן וועלן שוין די אַנדערע אַליין זיך אַנשטויסן וואָס ער איז . . .

■ דער דאָלאַר איז טאַקע אַ „געפּאַלענער", פונדעסטוועגן קריכן געוויסע מענטשן אין בלאָטע אים אַ כאַפּ טאָן . . .

■ דער וואָס פּרואווט מיט געוואַלד רייסן אַ בלום פון גאָרטן, קריגט גלייך זיין שטראָף — צעשטאָכענע פינגער . . .

■ ניט שיין איז גיין אַנגעבלאָזן, און ניט ריין איז גיין אָפּגעלאָזן . . .

■ כאַפּער, ווי פיש־כאַפּער, האָבן שטענדיק צו טאָן מיט מוטנעם וואַסער און — מיט ווערים . . .

■ דער פיש־כאַפּער איז אַזוי באַרעדעוודיק, ווייל דער פיש איז אַ שטיל־שווייגנדיקע באַשעפעניש . . .

קאַווע און טיי זיינען ווי פּאָליטישנס צוויי,
ביידע האָבן ליב זיך מ י ש ן און זיך אָנזעצן ביי ט י ש ן.

■ דער מענטש וואָס קאָן זיך אַליין ניט, וויל אַ צווייטער אים אויך ניט קענען...

■ יעדער אויסגעבעטעטער קעניגלעכער שטול האָט אונטער זיך אייזערנע נעגל...

■ ער יאָגט זיך אַזוי נאָך דער גאָלדענער קאַלב, ווי אַ קאַץ נאָך אַ שוואַלב...

■ ווען ער אַרבעט אויס ליגן, שפּאַרט ער אים אונטער מיט דריי אַנדערע — דער ליגן זאָל קאָנען שטיין אויף אַלע פיר . . .

■ געוויסע מענטשן טראַכטן נאָר פון היינט ביז מאָרגן — ווען פאָלקס־פאַר־זאָרגער טראַכטן פון דורות פאַרזאָרגן . . .

■ זיי גייען, דאַכט זיך, צוזאַמען ווי שניי מיט שטורעם, נאָר פון זייער פריינט־שאַפט לאָזט זיך אויס אַ טייך . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

מיר לעבן אין אַ וועלט וואו עס מוזן אָפּט קלוגע
פאַרן אָרעמען שטיקל ברויט זיך מאַכן נאַריש, משוגע . . .

■ האָלט אין לויפן און שמייען און עסט פאַר דרייען . . .

■ ווען איינער איז פאַרליבט אין זיך וועט ער שוין מיט זיך אויסלעבן די יאָרן...

■ רעדט זיך ניט איין, אַז פון שווימען וועט איר פאַרלירן וואָג, כאַפּט אַ קוק אויפן וואַל־פיש . . .

■ ביי אַ סך מענטשן געפינט מען אויס ערשט נאָכן טויט, אַז זיי האָבן גאָרניט געלעבט . . .

■ דער האָן קרייעט פאַרטאָג, אָבער די הון קוואָקעט אַ גאַנצן טאָג . . .

■ געלט האָט דאָ אַזאַ כוח, אַז אַפילו אַ קינד וואָס שעמט זיך אַרויסצוזאָגן אַ יידיש וואָרט, וועט בעטן ביים זיידן חנוכה און־ שלח־מנות־געלט . . .

■ אויך אַ וואָרים קריכט צו הויכקייט, נאָר ער בלייבט אַ וואָרים אַפילו ווען ער דערגרייכט שוין דעם סאַמע שפּיץ . . .

ניט מיט קליידער פון זייד דאַרף מען זיך בענטשן,
נאָר געבענטשט איז אַ באַוועגונג פון איבערגעגעבענע יידענע מענטשן...

■ אַ קרענק קריגט מען אומזיסט, נאָר מ'באַצאָלט טייער פון דעם פּטור צו ווערן . . .

■ שווינדל איז שווינדל, אַפילו אַ שווינדל אין די אויגן קאָסט גענוג געזונט און געלט . . .

■ מ'קאָן אָנזאַמלען אַ רייכע קאַסע מיט געלט, נאָר דעם שליסל נעמט מען ניט מיט אויף יענער וועלט . . .

■ חוזק צו מאַכן פון אַ מענטשן קאָן יעדער ליץ אָדער פּאַדלעץ . . .

■ די הון לייגט די איי, ווען דער האָן קומט אָפּ מיט אַ קריי . . .

דער וואָס טרינקט אַ „לחיים" איז אַ „טרינקער" אויף קאַטאָוועס,
נאָר ווען מ'טרינקט אָן אַ מאָס ווערט פון לחיים — סם־המות . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דער „סנאָב" ווילֿ ניט רעדן צו אַבי־וועמען, דער באַשיידענער רעדט ניט, ווייל ער טוט זיך שעמען . . .

■ זיי לעבן ווי צוויי טויבן — ווען זיי פּ י ק ן זיך איינע די אַנדערע . . .

■ היט אייער געזונט — איר קריגט דאָס ניט אין קראָם אויפן פונט . . .

■ פאַראַן „קליינע מענטשעלעך" וואָס שאַרן זיך דווקא צו גרויס־קאַפּיטאַל . . .

■ דאַכט זיך קלוגע מענטשן ווייסן דאָך געווים וואָס ס'איז נאַרישקייט, און דאָך באַנאַרישן זיי זיך אַזוי אָפט . . .

■ ווען אַ רייכער העלפט אַן אָרעמאַן, גיט ער אים אַ טראָפּן אין אַ עמער און ער זעט אַפילו ניט אַז דער עמער רינט . . .

■ פון קנאה און שנאה קאָן מען ניט ציען קיין חיונה . . .

געבענטשט איז דער מענטש וואָס איז ערלעך אין אַלע וועגן.
מ'זאָגט „ערלעך איז שווערלעך", ס'איז אָבער אַ בכבוד'יק פאַרמעגן . . .

■ דער מענטש וואָס ש פּ אָ ר ט זיין געזונט אין דער יוגנט, קריגט אַ גרויסן פּ ר אָ צ ע נ ט אויף דער עלטער . . .

■ דער וואָס האָט אַ רייכע פּרנסה רעכנט ניט זיין הוצאה און הכנסה . . .

■ אַמאָל איז יעדע רגע ווי אַ נגע, און אַמאָל אַנטלויפט אַ שעה ווי אַ רגע — און ניטאָ . . .

■ פון שרייען קומט ניט אַרויס קיין זינגער, ווי פון קירצן זיך די יאָרן ווערט מען ניט ייִנגער . . .

■ ווען ער קאָן ניט לייזן אַ פּראָבלעם — לייזט ער זי אויף . . .

■ דער סאָלדאַט און דער גענעראַל: ביידע דינען דער אַרמיי, נאָר דער גענעראַל גייט צום אויבן־אָן קריגן מעדאַלן, ווען דער סאָלדאַט גייט צום „פראָנט" — אין שלאַכט פאַלן . . .

ער איז ווי אַ זייגער אַ שרייער, קלאַפּט, זאָגט־אָן, ער גייט,
נאָר שטענדיק טרעפט איר אים אויף איין פּלאַץ, ער שטייט . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער לערנט ווי אַ יורקע און האַנדלט ווי אַ שורקע . . .

■ ער בייט אַזוי אָפט זיין וואָרט, אַז זיין וואָרט האָט ניט קיין אָרט . . .

■ צו טאָן גוטע אַרבעט איז ער אַ קריכער, נאָר פאַר כבוד — אַ מאַראַטאָניסט...

■ פרייע רעדע איז אַ וויכטיקער ענין — נאָר פלוידער ניט . . .

■ פונקט דאָן ווען די ג ע ל ע ג נ ה י י ט קלאַפּט אין טיר איז ער ניטאָ אין דער היים . . .

■ אַז צוויי קעץ רייסן זיך קאָנען די שכנים ניט שלאָפן . . .

■ די לאַנדשאַפט אַרום דעם רייכן איז זייער שיין, נאָר זיינע הינט געפעלן מיר ניט . . .

■ פּאָליטישנס זאָגן שטענדיק צו גליק. פון זאַמד פלעכטן זיי שטריק, בויען אויף מדבר אַ בריק, נאָר אַלץ לאָזט זיך אויס — פוילע שטיק . . .

ער קאָן אַלץ דערגרייכן אָן שוועדער מי.
אויב ניט מיטן עלנבויגן — באַנוצט ער די קני . . .

■ ער האָט בטחון אין אַ בעסערן מאָרגן, נאָר דער קרעמער האָט ניט קיין בטחון ווייטער צו באָרגן . . .

■ חכמה און נאַרישקייט קאָנען אָפט זיך פאָרן, אַ באַווייז: אַט לעבט דיין ווייב מיט דיר שוין יאָרן . . .

■ דאָס איז אַזאַ ביטערער מענטש, אַז אַפילו ווען ער קייט האָניק־טייגלעך, דאַכט זיך, אַז ער רייבט כריין . . .

■ חניפה איז אַ פאַלשע מטבע, וואָס אַ סך מענטשן נעמען דאָס אָן פאַר גוט געלט . . .

■ ווען ער זינגט עפּעס, זעט מען פאַר זיך אַ מערדער. ער צעקאַליעטשעט די דיקציע, ער דערמאָרדעט די מוזיק און — קוילעט אָוועק די עברי . . .

■ ער וועט אין זיין צוואה איבערלאָזן אַ פאַרמעגן פון זיבן ציפערן — ז י ב ן נ ו ל ן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ טוסטו עפּעס, מאַך דאָס גוט און שיין. שלעכט מאַכט זיך שוין אַליין . . .

■ מ׳קאָן טאַקע קיין געלט ניט „מיטנעמען" . . . אָבער ס׳איז גוט אַז ס׳איז דאָ וואָס „אַרויסצונעמען" . . .

■ אָפט טרעפט ווען צוויי מענטש רייסן זיך, טאַקע דערפאַר, ווייל זיי פאַר־שטייען זיך איינע די אַנדערע . . .

■ אַפילו אין לענדער פון מילך און האָניק האָבן ניט אַלע האָניק צו לעקן . . .

■ האָט מען ניט קיין קינדער, לעצבט מען. האָט מען יאָ — קרעכצט מען . . .

■ דער וואָס ליגט אין דר׳ערד ווייסט ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז . . .

■ ווען שפּייז שטייט אָפּן קאָן די מויז ניט שלאָפן . . .

■ ער איז אַ פריידיקער און אַ בודק׳ער און לעבט אַ טריפה׳נעם לעבן . . .

■ ער איז אַ שטילער מענטש, נאָר זיין וואָרט לאָזט זיך הערן . . .

■ די אַלטע פריינט האָט ער פאַרטריבן און די נייע זיינען ניט געבליבן . . .

גענבענטשט איז דער מענטש וואָס קאָן בויען און וועבן.
אַנשטאָט טראַכטן פון טויט — מאַכן שענער דאָס לעבן . . .

■ טאַלאַנטפולע מענטשן קאָנען אין קורצע יאָרן זיך איינשאַפן אַן אייביקייט...

■ וויל זיין אַ גוט־זאָגער פאַר אַנדערע, נאָר קאָן ניט קריגן אַ גוט־זאָגער פאַר זיך אַליין . . .

■ ער איז אַזוי רייך און איבערגעפרעסן, אַז ער באַנוגנט זיך שוין ניט מיט עוף אין גאָלדענעם יויך, נאָר ער וויל עפּעס נייס, זיך גיסן גאָלד אין האַלדז אַריין . . .

■ נו, גיי זוך אַ באָדן אונטער די פיס, ווען מ׳הענגט שטענדיק אין דער לופטן...

■ אַ ליגנער און אַ פאַנטאַזיאָר איז מיטן אמת ניט קיין פּאָר . . .

■ מ׳קאָן טאַקע דעם טויט ניט קירצן די יאָרן, אָבער מ׳קאָן זיך דאָס לעבן מאַכן לעבעדיקער . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ פֿאַר אַלעמען זעט ער, נאָר פֿאַר זיין ווייב און קינד איז ער בלינד . . .

■ עסן איז הייץ־מאַטעריאַל פֿאַרן קערפּער. צופֿיל פּרעסן פֿאַרברענט דאָס הויז . . .

> ווּיסנשאַפֿטלייט האָבן פֿעסטגעשטעלט די פּלעקן אויף דער זון,
> נאָר אַן דער זון־ליכט וואָלט מען ניט געוואוסט דערפֿון . . .

■ ער איז קאַלט צו פֿריינט און אַ הייץ־קאָפּ צו פֿיינט . . .

■ ער האָט ליב צו מאַכן קאָמפּלימענטן מיט אַ שמייכל אַ זיסן, נאָר ער איז אַ שטיקל ליגנער — זאָלט איר וויסן . . .

■ דאָס איז אַ מאַן ווי אַן עראָפּלאַן: פֿליט שטענדיק אַרום צו „הרגע'נען" צייט . . .

■ מעסט ניט קיין מענטשן לויט זיין רעדן צופֿיל, נאָר לויט די געדאַנקען און גוטן ציל . . .

■ דאָס הויז האַלט זיך־אויף איר פֿונדאַמענט, און דער אַרבעטער קאָן זיך אויפֿהאַלטן אַ דאַנק די הענט . . .

■ גאָלדענע וויזערס אויף אַ זייגער קאָנען באַדעקט ווערן מיט שפּינוועב, אויב די וויזערס גייען ניט צו ווייזן די צייט . . .

> איינעם קאָן ער חנפֿ'ענען, פֿאַרקערט, אַ צווייטן האַסן.
> פֿון איינעם טרייבן רכילות, און פֿון אַ צווייטן חוזק'ן, שפּאַסן.
> נאָר אויסן איז ער נאָר מיט זיין דרייען און קערן,
> אַבי ער זאָל קאָנען זיך שטענדיק לאָזן הערן . . .

■ דער גביר האָט זיינע אוצרות אין אַ קאַסע, בעת דער אָרעמאַן האָט זיין דלות אין הויז . . .

■ פֿאַרוואָס דאַרפֿן מענטשן לערנען פֿון יענעמס פֿעלערן, ווען זיי האָבן גענוג אייגענע פֿון וועלכע צו לערנען . . .

■ יעדער רייכער מענטש קאָן זיין אַ ד י ק ט אַ ט אָ ר, אויב ער האָט אַ סעקרעטאַרשע . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַ מענטש דאַרף קעמפֿן פֿאַר זיין ל ע ב ן, אָבער ניט ל ע ב ן אויף אַ צווייטנס רעכענונג . . .

■ אַ מענטש דאַרף פֿאַרטיידיקן זיין פֿאָטערלאַנד און פֿאָטער׳ס פֿאָלק, אָבער —ניט אָנגרייפֿן אין נאָמען פֿון זיין לאַנד און פֿאָלק אַ צווייטנס פֿאָלק און לאַנד . . .

■ ער האָט זיך זיין פ ו י ל ־ עזאָפּיע: פֿוילט זיך אויפֿשטיין, פֿוילט זיך עפּעס צו טאָן און — אַזוי זאָגט ער — שפּאָרט ער אָפּ ציים צו לעבן לענגער . . .

■ ביי אים, „בלי גוזמא״, מיינט עס, איין פּראָצענט פֿאַנטאַזיע און ניין־און־ניינציק פּראָצענט ליגן . . .

■ ער עסט ניט קיין לעבעדיקע זאַכן, חוץ זיך און זיין ווייב . .

■ ער איז אַ גבר — אַ נאַר . . .

■ ער פֿאַרדרייט די דאַטעס און שרייט, אַז דער לוח איז צעדרייט . . .

■ אויף זיין וואָרט קאָן מען בויען אַ הויז, ווייל ער האָט זיין וואָרט אין דר׳ערד . . .

■ ער האָט אַ גוטן אויער — אויף אַנדערייען . . .

■ **ער האָט אַ געזונטן צוגאַנג צו דער אכילה . . .**

■ ער גייט אַרום מיט אַ קליין נשמה׳לע און פֿאָרט אַרום אין אַ גרויסן אויטאָמאָביל . . .

■ אין די יונגע יאָרן האָט ער געברענט אַ וועלט, און איצט — אַן אויסגעברענטע ליולקע . . .

■ זיינע ציינער זיינען מיט גאָלד צוגלייך, נאָר פֿאַר אַ סענט וועט ער זיך לאָזן רייסן אַ צאָן . . .

■ ער האָט ליב צו צו־זאָגן דאָס טעלערל פֿון הימל, נאָר אויסוואַשן אַ טעלערל פֿוילט ער זיך . . .

■ אַפֿילו אַ דאַרן וועט ניט אינגאַנצן פֿאַרלאָרן — ערגעץ בלייבט אַ דור . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער איז פון די קראַנקע, וואָס ל ו י פ ן צו אַ דאָקטאָר, ווייל ס'איז אים שווער צו גיין . . .

■ וואַרף ניט אַרויס דעם שטול און קאַפּול — אַפילו ווען דער טייסטער איז פּול . . .

■ מעג אַ נאָענטער זיך געפינען ווי ווייט, בלייבט ער אַלץ נאָענט . . .

■ אַ גוט־מאָרגן זאָגט ער. נאָר צו זאָגן אַ גוטע נאַכט מוז מען אים געבן אָנצוהערן . . .

■ ווער עס פאַלט איבער אַ שטיין דער פאַלט איבער זיך אַליין . . .

■ היט דיין טראָט ניט בלויז פון פוס, נאָר אויך פון דיין קאָפּ . . .

■ עס קומט אויס אָפט צו גיין דורך קרומע שווערע וועגן צו אַ גלייכן ציל . . .

■ דער מענטש וואָס געדענקט ניט יעמענס אַ טובה, וועט שוין אַליין אויך פאַרגעסן אַ צווייטן אַ טובה צו טאָן . . .

■ פון אַ חכמה לאַכט מען, פון אַ נאַרישקייט איז צו לאַכן . . .

■ פאַראַן מענטשן וואָס שלינגען מיט די אויגן און וואַרגן זיך מיטן געדאַנק...

מעג דער רונדיקער עפּעל אויסזען גלאַנציק און שיין,
האָט ער אָבער אַ וואָרים נאָר, דערמאָנט ער שוין אַן כריין . . .

■ דער וואָס לעבט נאָר אַליין מיט זיך שטאַרבט מיט זיין „איך" . . .

■ אַ גוטער פירער געפינט אַז אויסוועג איז אַ שווערן וועג, און דערפירט צו אַ זיכערן ברעג . . .

צווישן פּרייזן פון אַמאָל ביז איצט איז אַ גרויסער חילוק.
לעבט ער מיטן אַמאָל — עס זאָל אים קאָסטן ביליק . . .

■ איר כאַפּט אַ מציאה ווען איר קויפט נ י ט קיין מציאות . . .

■ דער הונגעריקער לעבט שטענדיק אויף קאַשעס; ער האָט שטענדיק אַ ק ש י א: וואו נעמט מען אויף קאַשע . . .

## מעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ טוט אָפּ אַ נאַרישקייט, האָט חרטה, און — קריכט ווידער אין בלאָטע . . .

■ אַ ניט־געלונגענער שידוך הײַנטיקע צײַטן איז ווען די פּרוי האָט ניט קיין פּאַר צו ברענגען שכירות . . .

■ ער האָט זיך פאַרגרייט אויף אַ רעגנדיקן טאָג, נאָר אַז ס'איז געקומען אַ רעגן, קאָן ער ניט עפענען דעם שירעם . . .

■ קענן אַ מאַן אַ רוח העלפט ניט אויפהענגען קיין מזוזה . . .

■ פאַרשטעל זיך ניט פאַר קיין מלאך, זײַ אַ שטיקל מענטש, וועט שוין אויך זײַן פֿײַן . . .

■ חכמה איז אַ רעטעניש: דער קלוגער ווייסט ניט פון וואַנען ער האָט דאָס געקראָגן, און דער נאַר ווייסט ניט צו וואָס דאַרף מען דאָס האָבן? . . .

אײנער קאָן זיך זײַן לעבן פאַרוואַנדלען אין אַ גיהנום,

אַ צווייטער שאַנעוועט זיך, מאַכט אַ גיהנום — פאַר יענעם . . .

■ לעבט טעג און נעכט ווי אַ ב ע ט ל ע ר, נאָר אויף צו לייגן דעם קאָפּ האָט ער ניט קיין ב ע ט ל . . .

■ עס איז ליידיק דאָס ברויט־קעסטל, ליידיק דער טאַש. כאַפּט ער זיך צום „גלעזל״ איז ליידיק די פלאַש . . .

■ אָרעם און רײַך קאָנען ניט לעבן פּאַני־בראַט. ווען דער ערשטער איז הונגעריק און דער צווייטער איז זאַט . . .

■ וואו אײנער גרויסט זיך מיטן „איך״, דרייט זיך אַרום אַ טײַוול אַ רוח . . .

■ זעט אויף זײַן פּנים אַז ער לעבט אין גן־עדן פון די נאַראָנים . . .

■ וואו עס געפינען זיך הויכע בערג געפינען זיך אויך טיפע טאָלן . . .

■ ווען אַ פאַראײניקטער כוח קלאַפּט אין שטאַרקסטן שטיין מוז ער זיך נעמען ברעקלען און גיט נאָך . . .

■ אַ געזונטער קאָפּ אַרבעט שטענדיק פאַר „קאָ־עקזיסטענץ״ צווישן רעכטן און לינקן פוס צו גיין אויפן גלײַכן וועג . . .

# סעם ליפּצין / מיין נאַרטן

קאָן נים לייענען עברי אַ שייטל, עפּנט אַ סידור פון לינקל זייטל,
נאָר ער האָט אַ רייכן בייטל, האַלט ער אין האַנט דעם טייטל . . .

■ דערפאַרונג קאָסט אָפט אַ סך רבי־געלט און דער רבי איז אָפט אַ בייזער — מיט אַ קאַנטשיק . . .

■ לערן היינט פון דעם נעכטן, וועט עס דיר צונויץ־קומען מאָרגן . . .

■ דער מענטש וואָס באַגייט זעלבסטמאָרד איז אָפט פשוט אומגעדולדיק; ער האָט ניט קיין געדולד צו וואַרטן אויף דעם וואָס ער איז זיכער צו קריגן . . .

■ אַ דיפּלאָמאַט רעדט קורץ און מיינט אַ סך. אַ פּאָליטישן רעדט אַ סך און — מיינט גאָרניט . . .

■ פון האַרבע ווערטער, ווי פון האַרבע עסנס, בלייבט אָפט אַ נאָך־טעם . . .

■ ווען מ׳קלאַפּט צוויי שטיינער פליען פונקען. נאָר ווען צוויי פעלקער קלאַפּן זיך ווערן די פונקען — פייער . . .

■ לאַכט ניט פון אַ נאַרישקייט. דער נאַר וועט מיינען, אַז ער האָט געזאָגט אַ חכמה . . .

דער רייכער קאָן גרינג זיין אַ גרויסער בעל־צדקה:
גיט אַ שפּיץ פון אַ נאָגל און נעמט ביד־חזקה . . .

■ אַז אָרעמאַן דאַנקט גאָט אַז ער דרייט זיך: דער רייכער דאַנקט ניט און דרייט יענעם . . .

■ אפילו דער גרעסטער ליגנער זאָגט ניט מער קיין ליגן, ווען ער קומט אויפן עולם האמת . . .

■ קאָנסט גיין מיטן שאָטן זאַלבענאַנד, נאָר קאָנסט אים ניט האַלטן ביים האַנט . . .

■ אַ דאָרן קאָן ניט וואַקסן, נאָר דאָרן, נאָר עס הויבט אים ניט אָן צו אָרן . . .

■ טינט קאָן ניט נאָר שרייבן אַ בריוו, אַ טשעק, נאָר אויך מאַכן אַ פלעק . . .

■ דער מענטש קומט פון דר׳ערד, גייט צוריק אין דר׳ערד, נאָר אינצווישן מוז ער אַמאָל קייען די ערד . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דאָס עפּעלע, זאָגט מען, פאַלט ניט ווייט פון בוים — זעט עס טאַקע אויס ווי א ג ע פ א ל ע נ ע ר...

ס'פּאַסט איִם דאָס גרויסע היטל אויף זיין קליינעם קאָפּ,
ווי אַ רייכער צילינדער אויף אַ פּייער־טאָפּ . . .

■ פאַר שיינע טרוימען דאַרף מען ניט קיין זוימען . . .

■ פון אַ צאָל קערנדלעך ווייץ קאָן פול ווערן דער שייער, און פון איין פונק קאָן ווערן אַ פייער . . .

■ פאַרשיידענע געלעגנהייטן האַלטן אים אין איין וועקן און ער האַלט אין איין כראָפּען . . .

■ אַ סך פירער רייסן זיך צום שפּיץ באַרג, נאָר ווי גיך זיי דערגרייכן — שפּייען זיי פון אויבן אַראָפּ . . .

■ זוך ניט קיין פעלערן ביי יענעם ווען דו האָסט געגוג אייגענע . . .

■ שטייט פאַרן שפּיגל און שפּייט, טראַכטנדיק פון עמעצן אַנדערש, נאָר פאַרזעט, אַז ער שפּייט זיך אַליין אין פּנים . . .

■ וואו ער דערזעט אַ פּליך איז ער מחדש די לבנה . . .

■ דער וואָס קוקט נאָר אַרויס צום הימל קאָן עסן ש נ י י און טרינקען ר ע ג ן ־ ו ו א ס ע ר...

פון אַ צו־גרויסן ביסן איז שווער צו געניסן.
שווער צו צעקייען און אַ שאָד אויסצושפּייען . . .

■ איז אַ קליינער פאַרדינער, אָבער אַ גרויסער באַרימער . . .

■ ער קאָן לעבן מיט גאָרניט און אויך דעם גאָרניט צעטיילן אויף צוויי מאָל...

■ ער איז רוי, ניט דערבאַקן און שטענדיק קאַכט ער זיך . . .

■ ווען דער האָן איז ביים שוחט אין האַנט קאָן אים שוין ניט העלפן קיין קרייען . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אַ מאָדנער פּאַראַדאָקס: דאַכט זיך אַ פּוסטער מענטש און האָט — אַ גראָבער יונג . . .

■ דער קליגסטער מענטש קאָן אַמאָל פּאַרטראַכטן אַ נאַרישן געדאַנק. דער נאַר אָבער טראַכט ניט, נאָר זאָגט דאָס אַרויס . . .

■ ווען ער קומט צווישן מענטשן ווערט ער אַנאַנדערער מענטש, נאָר ביידע זיינען קיין לייט ניט . . .

■ ער איז אַן אויסגעהאַלטענער מענטש: זאָגט אָפּ דעם גרעסטן ליגן און האַלט זיך ביי זיינס . . .

האָט ניט וואָס צו זאָגן, קיין שכל איז ניטאָ.

גיט ער אַ באָמקע: ניין, אָדער אַ באָמקע: יאָ . . .

■ גוטע וואונטשן איז גרינג צו געבן אַ צווייטן, נאָר גוטע טאַטן מוז מען אַליין פּאַרגרייטן . . .

■ צום עסן האָט ער אַ גרויס מויל, נאָר צו ענטפערן אַ גוט־מאָרגן איז ער שטענדיק פויל . . .

■ ביי דעם וואָס לעבט אויף חוצפּה, באַרימערייען און ליגן, זוכט ניט קיין יושר, איר וועט דאָס ניט קריגן . . .

■ היינטיקע צייטן, דאָס ב ל אָ נ ד ז זיך פון דער פרוי — מאַכט דעם מאַן אַלט און גרוי . . .

■ אויב ער קאָן ניט זיין קיין קאַכלעפל ווערט ער אַ טאָפּ, וואָס קאָכט זיך . . .

■ ביי אַ מענטשן וואָס וויל ניט אָנערקענען זיינע חסרונות איז שווער צו געפינען עפּעס מעלות . . .

■ ער איז ווי יענער דאָקטאָר: אַ וואונדער, אַ בריה, גיט פּראָשקעס צו קדחות און מ׳קריגט אַ כאָליערע . . .

מ׳קאָן פּאַרפּוצט זיין רייך, נאָר אין מענטשלעכקייט אָרעם.
ווי אַן עפּל רויט און שיין, נאָר טראָגט אין זיך אַ וואָרים . . .

■ ער איז ניט אַזוי ברייט־האַרציק ווי ער האָט ברייטע קליידער . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אָפּט פּטר'ט מען אַוועק דאָס גאַנצע לעבן אויף מאַכן אַ לעבן און צום סוף — אויך מיר אַ לעבן . . .

■ יעדער מיאוס'ער מענטש געפעלט זיך אַליין אין שפּיגל . . .

■ אַ דאַנק די מינוטן פרייד קאָן מען איבערטראָגן די טעג און נעכט פון לייד...

■ דער מענטש וואָס ווייסט ווייניק, פּרואווט שטענדיק זיך אָנזען אַ סך, ווי דער בעטלער וואָס קלינגט מיט די עטלעכע קופּערנע מטבעות אין בלעכל — מ'זאָל אים דערזען . . .

■ עס קאָן טרעפן, אַז ביי איין פאַרזאַמלונג זאָל איין רעדנער האַלטן אַ פייער־דיקע רעדע, און אַ צווייטער זאָל קומען ווי אַ פייער־לעשער און האַלטן אַ וואַ־סערדיקע רעדע . . .

■ די וועלכע בויען לופט־שלעסער פאַרגעסן אַלע מאָל וואו די טיר עפנט זיך...

■ דער מענטש וואָס באַגרייפט ניט די אייגענע אומפעיאיקייט, קאָן ניט אָפּ־שאַצן פעיאיקייט . . .

■ ער איז אַן אמת'ער מכשף, ער קאָן אַלץ מאַכן מיטן מויל . . .

■ ער האַלט זיך פאַר אַ גאַנצן פילאַנטראָפּ אין דער אָרגאַניזאַציע; ער „אונטערשטיצט" יעדן פאָרשלאָג . . .

■ ער איז ניט קיין גרויסער בעל־חשבון מיט דער פען — רעכנט ער זיך אָפּ מיטן קולאַק . . .

■ וואָס ער טוט איז שטענדיק האַלב־וועג — נאָר פאַפּיראָסן רויכערט ער ביזן ברעג . . .

■ באַרים זיך ניט מיטן האָפּ־האָפּ, געדענק שטענדיק אַז דער אַפּ גרונט פאַנגט זיך אויך אָן מיט אַ אַפּ . . .

■ אַ שמוציק העמד קאָן מען דערוואַשן, אָבער בלאָטע בלייבט אַלע מאָל בלאָטע . . .

דער אָרעמאַן פילט נאָך היינט פון נעכטן די זאָרגן.
ווען דער רייכער איז פאַרזאָרגט נאָך פון נעכטן פאַרן מאָרגן . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

אויף יענעמס אומגליק בוי ניט דיין גליק.
עס קאָן אויך אינמיטן ביי דיר פּלאַצן די שטריק . . .

■ די נאַטור פונעם מענטשן: ס׳ליגט אים דער טויט אויפן פּנים און ער טראַכט פון אומשטערבלעכקייט . . .

■ איינער זיצט אין וואָגן און האַלט די לייצעס; אַ צווייטער דרייט זיך אין דרייען און שלעפּט אויף די פּלייצעס . . .

■ דורך אַ בליק אין אַ קליין פענצטער קאָן מען זען אַ גאַנצע גאַס און דורך בליקן פון אָפענע אויגן קאָן מען זען די וועלט . . .

■ מ׳דערקענט נאָך דער קאַפּאָטע, אַז ער ליגט אין בלאָטע . . .

■ אַ צווייג וואָס טראָגט אויס אַ סך פּירות ווערט אויך איינגעבראָכן . . .

■ צו שיסן מיט אַ רעוואָלווער דאַרף מען האָבן קוילן. צו „שיסן" מיטן מויל, דאַרף מען בלויז — חוצפּה . . .

■ מזל איז נאָר גוט פאַר נאַראָנים — אַ קלוגער פאַרלאָזט זיך ניט אויף דעם...

■ פאַראַן מענטשן וואָס זיינען אַזוי רייך, אַז זיי ווייסן ניט פון זייער פאַרמעגן — לעבן זיי טאַקע אָן אַ חשבון . . .

מ׳גייט דורך אַ ביטער לעבן ביז מ׳קומט צום „גוטן אָרט",
וואו אַלע מתים זיינען צופרידן און פון טענות ניט קיין וואָרט . . .

■ ער פילט זיך גליקלעך ווי אַן אָפּגעבערענטער, געהאַט אַ פייער — איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן . . .

■ ער האָט שוין אַזויפיל אָנגעג׳גנב׳עט און באַשווינדלט מענטשן, אַז ער קאָן שוין זיין ניט נאָר אַ בעל־צדקה, נאָר אַ גאַנצער פילאַנטראָפּ . . .

■ ער האָט אַזוי ליב שלום, ווי דער שטורעם־ווינט, וואָס ברענגט צוזאַמען צוויי דעכער אין איין גראָבן . . .

■ ער האַלט זיך ביי זיין מיינונג, ניט ווייל ער איז גערעכט, נאָר ווייל ער איז אַ ביטערער עקשן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ דער בעסטער וועג ניט צו ליידן פון צופיל געסט איז וואָס אָפטער ערגעץ אַליין גיין צו גאַסט . . .

■ ער האָט אַזוי לאַנג געלעבט אַן איינזאַם לעבן, ביז ער איז געוואָרן פאַר־פלט און חתונה געהאַט . . .

ער איז פון די יידן, וואָס האָט ליב יאַרידן — זיך צו קאָנען באַוויזן.
טראַכט ניט פון קויפן, האָט ליב גלאַט אַרומלויפן און פרעגן די פּרייזן...

■ קריג־צינדער האָבן אייגענע פייערמאַכער, נאָר נוצן די פּאָלקס־מאַסן צו שאַרן פאַר זיי די הייסע קוילן . . .

■ פאַר אַ הונגעריקן איז קאַשע מיט "נישט" ווי מיט שמאַלץ פאַרמישט . . .

■ די ערגסטע מלחמה מוז האָבן אַ פריילעכן סוף — שלום ! . . .

■ דער וואָס טוט גאָרנישט אין לעבן פאַר דער מענטשהייט, מאַטערט אומ־זיסט אַ נשמה . . .

■ אַן אייגענער צאָן־ווייטיק ווייטיקט מער ווי יענעמעס אַ האַרץ־ווייטיק . . .

■ כל־זמן די אויגן זיינען אָפן טראַכט קיינער ניט פון "גיין שלאָפן" . . .

■ דער וואָס גיט אַכטונג אויף זיין וועג דאַרף ניט זוכן קיין אויסוועג . . .

דער וואָס היט די אכילה און דעם טייסטער מיט געלט,
דעם קימערן ניט יענעמס ליידן און פּראָבלעמען אויף דער וועלט . . .

■ אַ פירערשאַפט פון איין קאָפּ איז ווי אַ מענטש מיט איין לונג — שווער צו אָטעמען . . .

■ פויגל, ווי מענטשן, פליען אויפן ווינטער אין אַ וואַרעמער געגנט, נאָר זיי זאָלן אָוועקגעבן צייט אויף קאַרטן, האָט מען זיי קיינמאָל ניט באַגעגנט . . .

■ לייגט ניט קיין וואָג ווען ער שווערט. איר מעגט זיין זיכער ער וועט טאָן פאַרקערט . . .

■ ער טוט אַריין אַזויפיל הייוון אין טייג, אַז עס לויפט אַריבער די מולטער און די חלה׳ס קומען אַרויס פּוסטע . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ קיין זאַך קומט ניט אומגעריכט, חוץ — אַ נוהניק . . .

■ זילבער איז זילבער און גאָלד איז גאָלד, נאָר דער וואָס האָט אַ סך זילבער איז דאָס מיט גאָלד צוגלייך . . .

■ ווען איינער האָט ניט וואָס צו זאָגן, שרייט ער הויך. ווען עס ברענט שטרוי איז שטאַרק דער רויך . . .

א שמאַטע קאָן אויסווישן אַ פענצטער, מאַכן די שויבן ליכטיק און ריין,
נאָר לאָזן די שמאַטע אויבן־אָן איז ניט ריין און ניט שיין . . .

■ וויפל איינער זאָל זיך ניט פּוצן דאָס פּנים האָט ער אַלץ ניט קיין פּנים, אויב ער איז ניט קיין מענטש . . .

■ ער איז אַ בריה צו כאַפּן אַ טעות ביי אַ צווייטן און אויך אַ בריה אַז אייגע־נעם טעות פאַרדעקן . . .

■ ווען דאָס פאָלק זאָל זיך אָפּזאָגן צו געבן „שוועבעלעך" די מלחמה־צינדער, וואָלטן זיי געברענט פון רוגזה, נאָר קיין מלחמות וואָלטן ניט געברענט...

■ באַדויערן נאַרישע רייד איז נאָך ניט קיין פאַרזיכערונג פון ווייטערע נאַ־רישקייטן . . .

■ לויט זיינע אייגענע אָפּשאַצונגען איז ער אַ „גרויסער מענטש"; נאָר לויט ווי מענטשן קענען אים, איז ער אַ גרויסער באַרימער . . .

■ ער איז אַזוי קאַרג, אַז כאַפּנדיק פיש פאַרגינט ער ניט צו געבן דעם פיש אַ ווערימל . . .

■ ער איז אַזאַ כעס'ן — פון רוגזה קאָן ער זיין אייגן העמד צערייסן . . .

ער רופט זיך אַז ייִד, נאָר ווייסט ניט פון יידיש,
האָט אָבער ליב דעם לחיים, וואו נאָר מ'מאַכט קידוש . . .

■ מיט דערציִען מענטשן דאַרף מען זאָגן ווי יענע באַלעבאַטע, אַז מ'קאָן מאַכן פון רעטאַך — איינגעמאַכץ, אויב מ'ווייסט ווי דאָס צו מאַכן . . .

■ אָפּט ווירקט אויף געוויסע מענטשן טרערן, ווי דינאַמיט — דאָס קאָן אויפ־רייסן אַ פאַרשטיינערט האַרץ . . .

# סעם ליפצין / מיין גאָרטן

■ ס'איז גרינגער אַריינצוקריכן אין צעו מלחמות ווי פון איינער אַרויסקריכן...

■ ער איז, קיין עין־הרע, ניט ווי אַ שמאַלץ־הערינג: עס פעלט אים בלויז אַביסל זאַלץ . . .

■ די גרויסקייט פון אַ מענטשן קומט ניט פון לאַנגע פיס, נאָר פון אַ גוטן קאָפּ . . .

■ ער איז שרעקלעך קאַרג אויף אויסגעבן געלט. אָבער שטאַרק פאַרשווענדעריש אויף זיין געזונט און לעבן . . .

■ פּירעט, ווי זייגערס, קאָן מען אָפּשאַצן און זיי דערקענען אַלס וועגווייזער, אויב זיי שאַצן אָפּ די ריכטיקע צייט . . .

■ געמאַכט זיך אַ פאַרמעגן איינס און צוויי, נאָר „פ א ר ש פּ י ל ט" האָט ער דאָס אַ סך גיכער . . .

ער האָט אַ „שוואַכקייט" צו „שטאַרקע" געטראַנקען,
נאָר ווערט ער „פאַרשטאַרקט" — ווערן שוואַך די געדאַנקען . . .

■ ווי אַזוי קומט חכמה? פון דעם וואָס מיר האָבן אויף דער וועלט אַזויפיל נאַרישקייטן אויף אויסצולאַכן . . .

■ זיינע אַ מיינונג איז ווי די חדשים אָדר ואָדר; ס'הייסט: אָדער יאָ — אָדער ניין . . .

■ זינט ער האָט „ריטאַיערט", זיך צוריקגעצויגן פון דער אַרבעט, האָט ער אויסגעפונען אַ מיטל קעגן פּוסט־און־פּאַסטעווען — ער הרג'עט די צייט . . .

■ ווען ער קומט צווישן פריינט, פאַרכאַפּט ער דאָס וואָרט. ער וויל ניט אַז זיינע פריינט זאָלן, חלילה, אַרויסרעדן אַ נאַרישקייט . . .

■ פּיל מיט די פיס און טראַכט מיטן קאָפּ ווען דו גייסט באַרג אַרויף צי אַראָפּ . . .

■ ער איז פון די רעדנער וואָס האַלט פּייערדיקע רעדעס — מיט וואַסער אין אינהאַלט . . .

■ ביי איינעם איז ער אַ גאָט און ביי אַנדערע — שפּאָט . . .

# סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

■ מ׳קאָן קײנמאָל ניט פֿאַרשטײן זײַן מ י י ן. שטרעקט אױס אַ האַנט פֿאַר שלום און דערלאַנגט אין די צ י י ן . . .

פֿון דעם „גוטן אידנס״ ברכות, פֿון דעם פּאָליטישנס הבטחות,
און פֿון דער רעגירונגס הצלחות — האָב איך אין טאָפּ קדחות . . .

■ ער איז פֿון די גוטע מענטשן װאָס רעדט פֿון געבן און — נעמט דאָס לעבן...

■ אַ געטרײַער פֿערדל: דער בעל־עגלה האַלט נאָך ניט די לײצעס און ער לױפֿט שױן גאַלאָפּ . . .

■ פֿון דרײען זיך אַהין און אַהער איז מען ניט קײן אינזשענער . . .

■ דער מענטש װאָס קוקט מיט אָפֿענע אױגן קאָן זען װי עס האַלט די צײַט — אָן אַ זײגער . . .

■ מאַך אים ניט פֿאַר אַ גאָט, און דו זײ ניט דער „בעטער״ . . .

■ אױף ליגן און שװינדל זוכט מען ניט קײן באַצײכענונג װײַל קאַראַט גאָלד ס׳איז פֿאַראַן אין דעם . . .

פֿאַרמאַסקירטע פּנים׳ער װײסן ניט פֿון זיך שעמען.
רעדן שײן פֿון געבן און האַלטן נאָר פֿון נעמען . . .

■ בעסער בײם טיש אַ בולקע װי אין חלום אַ פּולקע . . .

■ אָפּגעפּוצט די שיך, נאָר פֿאַרגעסן װאַשן זיך . . .

■ װען אַ מענטש טרינקט אײן שנאַפּס נאָכן צװײטן, װערט ער טאַקע אַן אַנדערער מענטש, נאָר דער אַנדערער איז אױך אַ שיכור . . .

■ קוקט אין הימל צו די שטערן און צעקלאַפּט דעם שטערן אַן אַ סלופּ . . .

■ אַלע באַשולדיקן די שלעכטע געזעלשאַפֿט, נאָר ניט יעדער אײנער טראַכט, אַז ער קאָן העלפֿן דאָס בעסער מאַכן . . .

■ װען אַ רעדנער לאָזט װיסן אין פֿאַראױס, אַז ער װעט לאַנג ניט רעדן — װעט איר לאַנג װאַרטן אױף זײַן צוזאָג . . .

■ דער װאָס יאָגט זיך נאָך רײַכקײט פֿאַרלירט אָפֿט ז י ך אינמיטן לױפֿן . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

בעסער איין בלום ביים לעבן, וועו די אויגן זיינען אָפן,<br>
איידער אַ גרויסן בוקעט צום אייביקן „שלאָפן" . . .

■ אין גוטמוטיקע אויגן זעט מען גוטסקייט; אין בייזע אויגן — שלעכטע שפּיזן . . .

■ שווער איז דער קאַמף פון אָרעמקייט מיט דער ביינערדיקער האַנט, וואָס שטויסט זיך שטענדיק אָן אין דער גאָלדענער וואַנט . . .

■ דער „גאָט'ס־גנב" האָט שטענדיק זיין אייגענעם געבאָט, אָפּנאַרן מענטשן, און זיך שאָקלען פאַר גאָט . . .

■ ער האָט אַ ווייטן בליק, נאָר צו געפינען די ברילן דאַרף ער שטענדיק אָנקומען צו דער ווייב . . .

■ ער איז בלינד אויף די קליינע אותיות, נאָר אַ גרויסער מבין אויף שיינע פרויען און גוטן שנאַפּס . . .

■ אים אַרט ניט ווען מ'רעדט אויף אים רכילות, ער ווערט אָבער שטאַרק אין כעס ווען מ'זאָגט אים דעם אמת . . .

■ אַן איבעריקע האָר אויפן פּנים רייסט מען אויס, נאָר וועגן אַ איבעריקן ביסן טראַכט מען אַ האָר ניט . . .

מ'קאָן ניט שלייפן קיין דימענט פון אַ פּשוט שטיקל גלאָז,<br>
ווי מ'קאָן ניט וואַשן די הענט מיט אַ פּוסטן זייפנבלאָז . . .

■ וויפל דער אימפּעריאַליסט זאָל ניט פּרואוון פאַרכאַפּן פרעמדע לענדער, צו ווייזן, אַז ער איז אַ גרויסער הערשער, וועט ער אָבער צום סוף, ווי גרויס ער זאָל ניט זיין, מער פון אַכט פוס ניט קריגן . . .

מ'דאַרף רעספּעקטירן אַ מאַמען; מ'טאָר דאָס ניט פאַרגעסן,<br>
נאָר אַז זי פאַרברענט אַ בראָטן מוז מען עס ניט עסן . . .

■ לאַנגע יאָרן איז ער געווען נאָר אַ ל ע י ד י ־ גייער, איצט איז ער געוואָרן אַ בעל־תכלית — ער האָט חתונה געהאַט . . .

■ ער האָט ליב צוצוטיילן כבוד אַ צווייטן, נאָר דערביי אַריינכאַפּן אַ ביסל כבוד פאַר זיך וואָס ער האָט אַזעלכע בכבוד'יקע פריינט . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ סענטימענטן ליגן אין האַרצן, פּראַקטישקייט אין קאָפּ — און דאָך זייער ווייט ביים רעכענען זיך איינער מיטן צווייטן . . .

■ אויף אַלע זאַכן אין לעבן קאָן דער מענטש קוקן מיט אָפענע אויגן, אָבער ניט אַפילו אויף די שענסטע חלומות . . .

■ ער האַלט זיך שטענדיק ביי א י נ ס : זאָגט־צו ער וועט קומען א י נ ס — שטעלט זיך אַריין פּונקט ד ר י י . . .

■ ער איז פון די „אַריסטאָקראַטן", וואָס אַז די ייִדענע העכטשקעס קאָן ער זיך ניט אַ קראַץ טאָן . . .

■ זיי זיך אַליין אַ פריינט — שאַף זיך ניט קיין שונאים . . .

ער איז ניט קיין גראַף, ניט פון די פּרינץ טיפּן —
ער איז אַ אַמכאָ־מענטש, וואָס האָט גוטע פּרינציפּן . . .

■ ס'איז גרינג אַנצומעסטן יענעמס היטל, אָבער ס'איז שווער צו האַלטן אויף זיך יענעמס קאָפּ . . .

■ יאָג זיך ניט נאָך דיין שאָטן, ער וועט פון דיר ניט אַנטלויפן . . .

■ ער איז שוין אין די „פעדערן" — מ'האַלט אים אין איין לייגן אַ פעדער צו דער נאָז, צי ער אָטעמט נאָך . . .

■ אַ בעל־חוב איז טאַקע ניט קיין בעל־חייב — אָבער שולדיק איז ער . . .

■ ער בייט זיינע געדאַנקען ווי וועש, נאָר קיינמאָל ניט אויף ריינע . . .

■ מ'קאָן פאַרלאָזן אויף אַ הונט אַ לייבישע גריוווע, נאָר קיין לייב וועט ער ניט ווערן — ער וועט בלייבן אַ הונט . . .

■ דער מענטש וואָס רייסט זיך מיט געוואַלד צו ווערן אומשטערבלעך, שטאַרבט אָפט פאַר דער צייט . . .

■ דער זיגער וועט אָנווייזן אַלע אורזאַכן פון קלוגער פירערשאַפט צו קריגן די מעדאַלן, בעת דער פאַרלירער וועט אָנגעבן אַלע אורזאַכן, חוץ זיין נאַריש־קייט . . .

# סעם ליפּצין / מײַן גאָרטן

מ׳קאָן שפּאַצירן מיטן שאָטן וואו מ׳גייט דאָ און דאָרט,
נאָר זיך טײַלן מיט אַ געדאַנק — ניטאָ מיט וועמען רעדן אַ וואָרט . . .

■ צו שאַפן זיך פרײַנט דאַרף מען עפּעס בײַשטייערן, נאָר צו שאַפן זיך שונאים איז גענוג איין בייז וואָרט . . .

■ אַ מענטש איז ווי אַ בוים: מיט גוטע פּרוכט און שיינע בלעטער ל ע ב ט ער, אַז דעם איז ער אַ דאָרן . . .

■ אין דעם שמייכל פון אַ מענטשן דערקענט מען ווי ערנסט ער איז . . .

■ דער מענטש וואָס לעבט שטענדיק אין שרעק האָט פינצטערע טעג און געקירצטע יאָר . . .

■ די מערסטע כבוד־זוכער גליטשן זיך אויס לויפנדיק נאָך כבוד, נאָר אַפילו „הינקענדיק" קריכן זיי ווײַטער . . .

■ אויב דאָס לעבן איז אַ טעאַטער־שפּיל, באַצאָלט מען אַ טײַערן פּרײַז בײַם אַרויסגיין פון טעאַטער . . .

■ דער אידעאַל איז קיינמאָל ניט ש ו ל ד י ק, ווען ער פאַלט אַרײַן אין די הענט פון ש ו ל ד י ק ע . . .

■ פאַראַן מענטשן וואָס קירצן זיך די יאָרן, ווי גיך זיי דערזעען זיך אין שפּיגל, אַז זיי זײַנען עלטער געוואָרן . . .

■ ער רעדט אַזויפיל וועגן דעמאָקראַטיע, אַז קיינער קאָן ניט קריגן אַ וואָרט...

אַ טויטער קאָן זיך פאַרן לעבעדיקן אַזוי מיען,
ווי אַ בלײַערנער פויגל זאָל זיך אויפהויבן פליען . . .

■ יוגנט איז דער פרילינג אין לעבן, נאָר מ׳מוז גלײַך טראַכטן, אַז עס וועט קומען אַ ווינטער מיט אַ שניי־ווײַסן קאָפּ . . .

■ דער גרעסטער ליגן בײַ אַ שקרן, איז ווען ער שווערט זיך, אַז ס׳איז אמת . . .

■ ער קוקט מיט אָפענע אויגן, נאָר ווײַל ניט זען וואו מ׳דאַרף . . .

■ הונדערט מענטשן קאָנען האָבן הונדערט און פופציק מיינונגען, ווײַל פופציק וועלן גלײַך זייער מיינונג בײַטן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָ־מן

■ אַפילו אין אַ פאַלשן קאָמפּלימענט איז אָפט פאַראַן אַ גוטע כוונה . . .

■ איבערגעטריבענער לויב דערגרייכט אָפט צו חוזק . . .

■ געוואָלט האָט ער אים הענגען, נאָר אַז דער שטריק האָט זיך צעריסן, מאַכט ער זיך שוין ניט וויסן . . .

■ זעקס טעג, דערציילט תורת משה, האָט גענומען גאָט צו באַשאַפן די וועלט; איצט קאָן אַ קריגס־צינדער חרוב־מאַכן די וועלט אין איין טאָג...

דער וואָס מאַטערט זיך און לעבט שטענדיק אין נויט,
איז פּטור צו מאַכן המוציא — אים פעלט שטענדיק דאָס ברויט . . .

■ דער וואָס יאָגט זיך נאָך פּוסטע זאַכן, וועט דערמיט זיין וויסן ניט רייכער מאַכן . . .

■ זיך באַרימען מיט עניוות איז פּונקט אַזוי שלעכט ווי זיך באַרימען מיט עשירות: ביי יעדן סטאַרטשעט דער באַרימער אַרויס . . .

■ ווען אַ לאַנד איז קראַנק איז קלאָר, אַז עס ליידט אויף „גאָלד־זוכט" . . .

■ אַז אַרעמאַן איז געגליכן צו אַ טויטן, ווייזט אַן אַ פּסוק. אָבער פאַרוואָס דאַרף דער אָרעמאַן מאַכן זיין גאַנץ לעבן פּראָבע צו זיין אַ מת? . . .

■ שלעכטע מענטשן זוכן שטענדיק האָסן צו העצן, און פּונקט אַזוי שלעכט זיינען די וואָס ווילן דעם עניו פאַר'לצ'ן . . .

■ איין טאָג איז ער פאַרכמורעט, איין טאָג איז זיך איינגענורעט, איין טאָג פאַרקרימט, פאַרזויערט, און איין טאָג פאַרביטערט, פאַרטרויערט, צוליב דעם, וואָס ער האָט בלויז דריי טעג און ווייסט ניט וואָס פריער צו טאָן? . . .

■ יעדער מענטש גרויסט זיך מיט זיין דערפאָלג, צי דאָס איז אַ רויבער מיט זיין רויב, צי אַ געניאַלער דערפינדער, וואָס איז שטאָלץ מיטן פאַרדינטן לויב...

אין שול זיצט דער עולם און דער חזן שטייט און שוויצט.
צו אַ הימנע שטעלן זיך אַלע, נאָר דער פּיאַנאָ־שפּילער זיצט . . .

■ איינעם קאָן מען רופן תלמיד־חכם, נאָר חוץ תלמיד קאָן ער זיין אַ גאַנץ פיינער שוטה . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ער האָט ליב צו דיסקוטירן פּראַגן, נאָר האָט פּיינט צו לאָזן אַ צווייטן אים צו ענטפערן . . .

■ ווען אַ מענטש האָט שוין גאָרנישט וואָס צו עסן — עסט ער זיך אַליין . . .

■ אַ ביוראָקראַט האַלט פּ אַ ר מ אַ כ ט זיינע אויערן צו דעם געשריי פון די הונגעריקע פאָלקס־מאַסן, ווען פאַר די חניפה׳ניקעס זיינען אָ פ ן טיר און טויער . . .

■ אַ פּאָליטישן זאָגט־צו צו געבן די בירגער „דאָס טעלערל פון הימל״, נאָר גנב׳עט צו די גאָפּל, מעסער און לעפל . . .

■ ניטאָ אַזאַ שולע, וואָס זאָל לערנען מענטשן ניט צו ווערן אָפּגענאַרט, נאָר ווען מ׳נאַרט זיי אָפּ, באַצאָלן זיי רבי־געלט . . .

■ אַ דיפּלאָמאַט איז שטענדיק באַוואָרנט צו האָבן פאַר יעדן י אָ — אַ נ י י ן.

■ אויך גרויסע פּ י ר ע ר קאָנען מיט דער צייט ווערן א י ב ע ר ג ע פּ י ר ט...

■ שרייט, אַז גאָט האָט באַשאַפן די זון צו באַלויכטן די וועלט, ווען ער אַליין לעבט אַ פינצטערן לעבן . . .

■ דער וואָס פאַרמאָגט ניט קיין סך אייגענע מעלות זוכט נאָר ביי אַנדערע חסרונות . . .

■ ווען ער ווערט מיד צו דערציילן פון זיך וואונדער, נעמט ער זיך צו דערציילן פון אַנדערע ב י י ז ־ וואונדער . . .

■ ווען מ׳זוכט נאָר אַ שיינע צורה פאַלט מען אָפּט אריין צו אַן ארורה . . .

■ שלעפּט זיך נאָך אַ וואָגן און ווייסט ניט וואו ער גייט . . .

■ ווען ער ק ר י ג ט זיך, הערן אים אַלע אַרומיקע, נאָר ווען ער רעדט איז ניטאָ וואָס צו הערן . . .

■ אַ גוטער פאָרזיצער ביי אַ יום־טוב איז אַ האַלבע פּראָגראַם — אַ שלעכטער פאָרזיצער קאָן קוילענען אַ ג אַ נ צ ע פּראָגראַם . . .

געזעצלעכקייט און גערעכטיקייט וואָלטן ניט אַזוי אָפּט פּאַרראַטן,
ווען זיי ליגן ניט אין די הענט פון פאַלשע ריכטער און אַדוואָקאַטן . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ ביי אַ גראַפאָמאַן איז דער עיקר זען געדרוקט זיין נאָמען. ביי אַ שרייבער איז דער עיקר צו שאַפן אַ ווערק — קריגט ער אָפּט אַ נאָמען, ניט־טראַכטנדיק וועגן דעם . . .

■ אַ באַרימער קאָן קלעטערן אויף אַ לייטער אַן טרעפּ, און פון זאַמד פלעכטן צעפּ . . .

גיין לייטיש אָנגעטאָן אין קליידער איז פיין, נאָר ווייט ניט גענוג.
געבענטשט איז דער מענטש מיט שכל, וואָס ווייסט ווי זיך אויפפירן קלוג.

■ אַן אָרעמאַן ווינטשט זיך צו האָבן אַ ל ־ ד אָ ס ־ ג ו ט ס ; דער אימפּער־ריאַליסט וויל האָבן אַ ל ע מ ע נ ס ג ו ד ס . . .

אויף אַ פיין, זאָט לעבן קוקן אָרעמע מענטשן מיט קנאה :
נאָר אויף די רייכע פּאַראַזיטן מיט ביטערער שנאה . . .

■ ווען אַ רשע וואָלט דאַרפן לעבן אין גן־עדן צווישן אָרנטלעכע מענטשן, וואָלט דאָס געווען די גרעסטע שטראָף פאַר אים . . .

ווען דער בוים וואַקסט און בליט, ווערט ער גענערט און געהיט ;
נאָר ווי גיך ער פאַלט אַוועק געוועלטיקן די זעגן און די העק . . .

■ ניט אַלעמאָל ליגט דאָס פאַרמעגן אין די קעשענעס — ביי גוטע מענטשן ליגט דאָס אין זייער מענטשלעך האַרץ . . .

ווען די גאַנצע וועלט וועט שוין זיין פריי פון נויט און שקלאַפעריי,
וועט דער שרייבער ביים שאַפן נאָך אַלץ מוזן שוויצן און שקלאַפן . . .

■ אַלע געדענקען גוט דעם אָנהויב פון דער ליבע, נאָר ס'איז שווער זיך צו דערמאָנען דעם אָנהויב פון האַס און קריגעריי . . .

■ דעם מענטשנס פנים זאָגט אָפט וואָס עס טוט זיך אין זיין קאָפּ און האַרץ...

דער נאַר ווי דער קלוגער פאַרנעמט אין דער וועלט אַן אָרט ;
דערקענען זיי איז גרינג — ווען זיי נעמען אַ וואָרט . . .

■ דער ערלעכער פירער רעדט מיט האַרץ, דורכן מויל, און — עס גייט אַריין די צוהערער אין קאָפּ . . .

## סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

■ אין רואיקייט זעט ער ניט פאַר זיך די נאָז, נאָר טרעטסטו אים אַן אויף אַ הינער־אויג — דערזעט שוין יענע וועלט . . .

■ אַ קריגס־צינדער גיט שטענדיק אַ שלום־עליכם מיט אַ שווערד אין האַנט...

דעם מענטשנס לעבן איז ווי דער טאָג. ווערט געבוירן אין זונשיין, ליכטיק־בלוי ;

קומט די נאַכט לעשט אויס די ליכט, ווערט פינצטער, טויט, שוואַרץ און גרוי . . .

האַלט אין איין רעכענען, ווי יענער דאַרף לעבן ;

נאָר פון זיך אַליין קאָן ער קיין חשבון ניט געבן . . .

■ פון אַ דאַרן בוים שניידט מען ניט קיין צווייגן . . .

■ ווי הויך אַ מענטש זאָל ניט קלעטערן אויף אַ לייטער, נאָר אויב, חלילה, ער פאַלט אַראָפּ — איז שטענדיק פון איין טרעפּל . . .

מיט אַן עקשן איז ניט שייך אים צו קאָנען איבערצייגן.

פאַר אים איז אַן ענטפער — איגנאָרירן און שווייגן . . .

■ דער וואָס קוקט אַרויס דורכן פענצטער האָט אַ ווייטן קוק ; דער וואָס קוקט אין שליסל־לאָך האָט אַ גנב'ישן בליק . . .

ער איז דער אמת'ער „צדיק", פון די „ריכטיקע מענטשן" ;

באַראַבעוועט אַלעמען און וויל מ'זאָל אים דאַנקען און בענטשן . . .

■ ווי מ'זאָל ניט פאַרפּוצן אַ קבר מיט בלומען און אַ מאָנומענט, האָט מען דעם מת אַלץ אין דר'ערד . . .

פּרואוו זיך ניט אַרויסשטעלן פאַר איינעם פון די קלוגע,

דורך האַלטן זיך פאַר דעם קלאָרן און דעם צווייטן פאַר משוגע . . .

■ דער בעל־גאווה פאַררייסט אַזוי דעם קאָפּ, אַז ער פאַרלירט ביי מענטשן דאָס פּנים . . .

■ ער איז פון די מענטשן, וואָס וועט אַוועקגעבן זיין גאַנץ לעבן פאַר אַביסל אומשטערבלעכקייט . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

האַלט זיך פאַר אַ העלד אין הרג'ענעז פליגן,
און האַלט זיך פאַר אַ חכם אין פאַרקויפן אַ נאַר אַ ליגן . . .

■ ווי זיס איינעם זאָל זיך ניט לעבן, מוז ער סוף־כּל־סוף פאַרענדיקן מיט אַ ביטערן טראָפּן . . .

■ ער פירט זיך אַזוי רייך אין זיין הולטייסקן לעבן, אַז אפילו צו באַגיין זעלבסטמאָרד האָט ער זיך איינגעהאַנדלט אַ גאָלדענעם רעוואָלווער . . .

■ געזונט איז ער, נאָר האָט הנאה צו זיין שטענדיק אַ "קרענק" . . .

■ ער האָט שוין ניט איינמאָל אין קאָרטן פאַרלאָרן דעם קאָפּ, נאָר פון ווידער שפּילן האַלט ער זיך ניט אָפּ . . .

■ בלויז דער וואָס פאַרזוכט די בייטש אויף דער אייגענער פלייצע קאָן פילן דעם ווייטיק פון זיינע מיטמענטשן . . .

מיט אַן אָפענער האַרץ און אָפענער האַנט
איז מען ביי מענטשן באַליבט און ווי אַ מענטש אויך באַקאַנט . . .

■ דער קוימען וואָס פירט אַרויס דעם רויך אין דרויסן לעבט אַליין אַ פינצטער לעבן . . .

■ אַ "גוטער אָרט" איז נאָר דאָרט וואו דער רענטלאָרד רייסט ניט דירה־געלט, און די רעגירונג די "טעקסעס" און מ'האָט אייביקע רו . . .

■ אַנטיסעמיטיזם איז ווי קראָפּיווע. דאָס איז אַ ווילד־גראָז וואָס וואַקסט אָן נוצן, און וויל מען דאָס אויסרייסן קריגט מען אָפּט אָפּגעבריטע הענט . . .

מעגסט אין אַ שמאַטע באַהאַלטן אַן אוצר, אַן אַנטיק,
נאָר נעמסטו אַרויס דעם אוצר, בלייבט די שמאַטע אַ פּוילע־שטיק . . .

■ ככה יעשה לאיש — האָסטו ליב דעם מאַן, קאָך אים געפילטע פיש . . .

■ קאָנסט אַ ליגנער ניט וואַרפן דעם אמת אין פּנים—ער האָט קיין פּנים ניט...

■ אַ ביטער לעבן איז טאַקע ביטער ווי אַ רעטאַך ; אַ שטיקל רעטאַך צו פלייש איז גאַנץ גוט . . .

■ עס איז אַריין אין דער מאָדע צו טראָגן לאַנגע האָר און בערד. אורזאַך: דאָס לעבן היינט צו טאָג הענגט אויף אַ האָר . . .

# סעם ליפּצין / מיין גאָרטן

## צום הונדערט־יאָריקן יובּיליי פון „קאַפּיטאַל"

■ קאַרל מאַרקס האָט געשאַפֿן „קאַפּיטאַל" פֿאַר דער גאַנצער מענטשהייט און אַליין געלעבּט אין אָרעמקייט. איצט לעבּן שוין מיליאָנען מענטשן אין צענד־ליקער לענדער אויף דעם פּראָצענט פון זיין „קאַפּיטאַל" . . .

■ קאַרל מאַרקס האָט קלאָר פאַרטייטשט דעם באַדייט פון „ מ ע ר ו ו ע ר ט ". איצט, ווען די אַרבּעטער־מאַסן וואָלטן געהאַט דעם „מערוווערט" וואָלט דאָס רייכסטע לאַנד, אַמעריקע, ניט געווען אַזוי רייך — אין אָרעמקייט . . .

■ מ'האָט געפּייערט הונדערט יאָר פון „קאַפּיטאַל" און פופציק יאָר פון דער אָקטיאָבער־רעוואָלוציע. דאָס זיינען צוויי פייערונגען וואָס וואַרפֿן ליכט אויף די וועגן צו אַ נײַ לעבּן . . .

■ קאַרל מאַרקס שטאַמט פון אחינו־בני־ישראל און ער האָט געשאַפֿן דאָס גרויסע ווערק „קאַפּיטאַל", וואָס וועט סוף־כל־סוף אויפבּויען די נייע וועלט פון פרייהייט, גלייכהייט און פרידן. עס קאָן זיין, אַז דאָס וואָס מאַרקס שטאַמט פון יידן גיט די אַנטיסעמיטן אַ געלעגנהייט צו שרייען, אַז די יידן , מיט אַזאַ „קאַפּיטאַל"־פאַרמעגן זיינען רייכע מענטשן . . .

■ יעדער מענטש אויף דער וועלט פאַרמאָגט אויף זיין חשבון אַמווייניקסטן אַ מיליאָן דאָלאַר. נאָר — ביז ק אַ ר ל מ אַ ר ק ס וועט ניט ברענגען זיין „קאַפּיטאַל" וועלן די פאַלקס־מאַסן דאָס ניט קריגן אויסגעצאָלט . . .

■ צום הונדערט־יאָריקן יובּיליי פון „קאַפּיטאַל", וואָס דער פאַרשטאַרבּענער מאַרקס האָט געשאַפֿן, ווערט מיט יעדן טאָג לעבעדיקער. אַ סימן, אַז דער אימ־פּעריאַליזם איז אין איין שרעק פֿאַרן לעבעדיקן מת . . .

■ מיט הונדערט יאָר צוריק האָט קאַרל מאַרקס געמאַכט דעם „אינוועסטמענט" פון זיין „קאַפּיטאַל" אין לאָנדאָן. איצט — וואונדער איבער וואונדער: אין אַ האַלבּן יאָרהונדערט איז אויסגעוואַקסן אַזאַ ריזיקער פּראָצענט איבּער דער וועלט . . .

## קורצע אויסצוגן פון ארטיקלען, וואס קריטיקער און שרייבער האבן געזאגט וועגן סעם ליפצינס ביכער

**מ. אלגין** (אין דער „מארגן־פרייהייט"):

„סעם ליפצין (אנקל סעם) האט זיך גענומען אויספילן די פונקציע פון באאיינפלוסן די מאסן אינעם קלאסן־גייסט דורך די מיטלען פון פעליעטאנען, בילדלעך, שטיפעריייען, לייכטע לידלעך, מאנאלאגן, וועלכע זיינען דורכגעדרונגען מיט ערלעכן און גערעכטן האס צו די אונטערדריקער און מיט נאטירלעכער ליבשאפט צו די אונטערדריקטע. סעם ליפצין האט אריינגעטראגן זיין אייגענעם זשאנר אין זיין שרייבן. ער איז נישט קיין אימיטאטאר. ער איז 'עכט'".

**ש. אלמאזאוו** („יידישע קולטור", מאי, 1964):

„סעם ליפצין פרעטענדירט נישט אויף 'ליטערארישער אומשטערבלעכקייט', נאר ער וועט, דאכט זיך, געלייענט ווערן א סך לענגער, ווי די, וועלכע האבן יא אזעלכע פרעטענזיעס. ער רעדט צו די לייענער ווי צו אייגענע. ער רעדט פשוט און קלאר. ער קוקט מיט א שארף אויג אויף אלץ ארום, און קיין דערשיינונג אינעם לעבן פון פאלק מיידט ניט אוים זיין בליק. ער איז באמת א שרייבער פונעם פאלק פארן פאלק. זיין שפרודלדיק שאפן, זיין גרויסע צאל ביכער, איצט, 'מיט א פריילעך פנים', זיינען א יש. אין זיינע פילצאליקע ביכער איז אנגעזאמלט א גאנצער אוצר".

**נ. בוכוואלד** („מארגן־פרייהייט"):

„מיר איז אנומלט אויסגעקומען דורכשטודירן סעם ליפצינס בוך 'אמאל איז געווען' און כ'האב פון דארטן גענאשט עטלעכע פראכטפולע אנעקדאטן וועגן אמאליקן סוועט־שאפ און זיי איינגעגלידערט אין דעם טעקסט פון 'קאלאמבוסעם מדינה', נאר דערביי האב איך געהאט דאס געפיל, אז איך באגיי א גרויסע עוולה קעגן סעם ליפצינען, ווייל באדארפט וואלט מען ציטירן נישט צוויי אדער דריי אנעקדאטן זיינע, נאר דאס גאנצע בוך. און צו וואס טאקע זיך ברעכן דעם קאפ וועגן שאפן א בילד פון יענער עפאכע, אז ביי ליפצינען קריגן מיר עס פארטיקערהייט — סיי אין אינהאלט און סיי אין פאלקישער פארם".

**י. ב. ביילין** („מארגן־פרייהייט", 5טן נאוו., 1946):

„. . . סעם ליפצינס א הומאריסטישע סצענקע איז ווי א העלער אויפרייס אין א שווערן וואלקן. יעדער פונק איז ווי א לאמטערן. זיין טראגישע דערציילונג וועט רירן דעם פארהארטעוועטן, פארמאזאליעטן ארבעטער און ארויסרופן אין אים א נייעם צאפל פון געפילן און געדאנקען. זיין אפאריזם וועט אים אויפטשוכען, זיין וויץ וועט אים דורכדרינגען. ער איז פאלסטימלעך און פארדיילעך".

**יאקאב בעלצער,**

שוישפילער, רעזשיסאר און דראמאטורג פונעם מלוכה־טעאטער אין קאוונע, סאוועטנפארבאנד, שרייבט אין „מארגן־פרייהייט":

„א חוץ וואס דאס בוך 'ווי זאגט דער פעטער' פון סעם ליפצין, איז געשמאק צום לייענען, באלערנדיק און פול מיט חכמה, האט ער נאך א גרויסע מעלה, מיט וואס ער מעג זיך בארימען. מענטשן וואס עפענען זעלטן דאס מויל עפעס צו זאגן, האט זיי אנקל סעם געמאכט פאר ווערטל־זאגער, מעשה'לעך דערציילער. זיי לייענען די ווערטלעך, אפאריזמען, עפיגראמען, רעציטאציעס און פאסמאקעווען זיך ווי מיט א גוטן שאקאלאד. — — — איך מוז זאגן, אז די ליטווישע יידן, אן אויסנאם, פון א שטיוול־פוצער ביז א פראפעסאר, האבן ליב א יידישן ווארט. היינט, אז עס האט זיך פאר זיי באוויזן א קוואל — איז חיגעלעבט".

**מוני גלייזער** (מאָסקווע; אין „יידישע קולטור“, נ.י., נאָוו., 1965):

„סעם ליפּצינס בוך ‘טעילם און עי טעילאָר’ (ענגליש), האָט אַ געוויסן דערקענטעניש־ווערט, אַז וועלכן דער קונפטיקער היסטאָריקער פון דעם צפון־אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג וועט זיך ניט קענען באַגיין, ווייל אויב די באַרימטע פּלעיאַדע פּראָלעטאַרישע דיכטער: מאָריס ווינטשעווסקי, מאָריס ראָזענפעלד, דוד עדעלשטאַט און י. באָווישאָווער האָבן געגעבן מערסטנטיילס אין פערזן אַ קינסטלעריש־פּאָראַלגעמיינערט בילד פון אַרבעטער־לעבן און קאַמף אין יענעם פּעריאָד — שילדערט אונדז סעם ליפּצין אין אַ בעלעטריסטישער פאָרם איינצל־פאַלן, וואָס אַנטפּלעקן אונדז דעם היסטאָרישן אמת פון יענע יאָרן“.

**מ. גאָלדין** („נייע פּרעסע“, פּאַריז, 7טן יוני, 1952):

„סעם ליפּצין איז אַן אמת’ער פאָלקס־שרייבער, אַ דערציילער, וואָס קען אויף אַ שפּאַנענדיק־הומאָריסטישן אופן באַשרייבן און כאַראַקטעריזירן — — — דעריבער לייענען זיך די קאַפּיטלען (אין ‘אַמאָל איז געווען’) אַזוי פאַרכאַפּנדיק, ווייל מען שפּירט דעם לעבעדיקן אָטעם פון מענטשן, פון אַן אַרבעטער, וואָס פאַרשטייט די ראָל פון אָרגאַניזירטן אַרבעטער־קלאַס און וועלכער איז אַדורכגעדרונגען מיט טיפער ערלעכקייט, מיט שטרעבונגען פון אַ גערעכטער געזעלשאַפט“.

**בער גרין** (אין בוך עסייען „יידישע שרייבער אין אַמעריקע“, 1963):

„די אַלע ווערק זיינען דורכגעדרונגען מיטן מחברס פ אָ ל ק ס ט י מ ל ע כ ק י י ט: אין לשון, טאָן, צוגאַנג צו דער טעמע; מיט זיין גלויבן אין די כוחות אין זיך פונעם אַרבעטער־קלאַס; מיט זיין ז כ ר ו ן פאַר מענטשן, פאַר דעטאַלן פון סביבה און סיטואַציע, פאַר פאָלקס־שפּראַך און פאָלקס־אידיאָם. — — — סעם ליפּצין (צי ‘אַנקל סעם’, אָדער ‘קוועקזילבער’) איז אַ פאָלקס־שרייבער מיט אַ שאַרף אויג. זיין אויג באַמערקט דאָס קנעפּל, וואָס פעלט אין יענעמס רעקל; מענטשלעכע מיחוש’ן, שוואַכקייטן, שטות’ערייען; קאָמישע זייטן און זייטן. פון די מערסטע פון זיינע ווערק האָט אָפּט אַ בליץ געטאָן מיט שאַרפזין, מיט נאַטירלעכן פאָלקס־וויץ און עכטן שפּאַס, מיט מ י ל ד ן ה ו מ אָ ר און אויך מיט ש ט ע כ י ק ע ר ש ט י פ ע ר י י“.

**א. גאָסטראָליאָר** (י. פריד), („מאָרגן־פרייהייט“, 21טן מאַי, 1954):

„... ווער קאָן זיך פאַרמעסטן מיט אָט־דעם ספּריטנעם, זשוואָוון און שפּרודעלדיקן פעדן־שטיפער, סעם ליפּצין, וואָס צילעוועט זיך אויף כמארעס און דערשיסט זיי אויף פיצלעך מיט שראַפּנעלן פון הומאָר. — — — ליפּצין האָט אָן אַ שיעור פאַרערער, און מיר דרינגען דערפון, אַז אַפילו מיטן שטאַרקסטן שפּאַקטיוו וועט איר צווישן זיי נישט געפינען קיין איין־איינציקן אַנטיס ע מ ־ י ט“.

**ז. וויינפּער** („יידישע קולטור“ אָקטאָבער, 1951):

„פאַראַן אַ היפּשע מאָס גוטמוטיקער קאָמיזם אין דעם אופן ווי סעם ליפּצין (אין ‘אַמאָל איז געווען’) ווייזט אונדז אָט־דעם פּעריאָד, און עס איז אָט־דער גוטמוטיקער קאָמיזם, וואָס דערוואָרעמט שטאַרק אייער האַרץ צו דעם מענטש סעם ליפּצין, וואָס איז אַליין געווען אַ טייל פון אָט־דעם שוידערלעכן פּעריאָד, אַליין געווען נישט איין מאָל איינער פון די וואָס זיינען געשטאַנען אויפן ‘חזיר־מאַרק’ און געוואַרט, אַז עמעצער זאָל קומען קויפן זיינע יונגע הענט, און דאָך אַזאַ גוטמוטיקייט און אַזאַ אויג פאַרן קאָמישן אין דעם גאַנצן שוידער פון יענעם פּעריאָד“.

**שלמה וואַסערמאַן** (אין בוך „מענטשן אין מיין לעבן", 1967):

„אַ חוץ דעם אייגן־נאָמען שעפּסל, וואָס זיין טאַטע, עליו־השלום, האָט אים געגעבן. שפּעטער איז פון דעם נאָמען געוואָרן, אין אַמעריקע, סעם, און — אַנקל סעם ליפּצין. — — — ווען נאָר איך הער פון דער בינע, אָדער ביי געזעלשאַפטלעכע פאַרזאַמלונגען, פאַרלייענען אַ מעשה'לע, אַ מאָנאָלאָג, אַ הומאָרעסקע, אַ ליד, צי אַפּגעטאַקטע אַפאָריזמען — דערזע איך דעם עמכא'דיקן שרייבער. מעגן די פאַרלייענערס נישט דערמאָנען זיין נאָמען, דערקען איך אים אָבער דורך זיין סטיל".

**דבורה טאַראַנט** („יידישע קולטור", מאַי, 1953):

„ליפּצינס אויסדרוק־פאָרם איז סיי לייכטער, גוטמוטיקער הומאָר און סיי בייסיקע סאַטירע, אַפאָריזם און וויץ. דערפאַר זיינען זיינע ווערק צוגעפּאַסט צום פאַרלייענען ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. זיין הומאָר און סאַטירע קאָנען נישט אָפּגעטיילט ווערן פון אינהאַלט. זיי דעקן אויף און רייסן אַרונטער געזעלשאַפטלעכע איבלען און שרייען אויס קעגן סאָציאַלן אומ'יושר, ברענגען אַרויס מענטשלעכע שוואַכקייטן, קליינלעכקייטן און לעבערלעכקייטן. רופן זיי אַרויס ביים לייענער און צוהערער נישט נאָר אַ שמייכל אָדער געלעכטער, נאָר צווינגען אים פאַרטראַכטן זיך".

**ר. יוקלסאָן** („זאַמלונגען", נ.י., אַפּריל־יוני, 1954):

„איינער פון די וואונדערלעכסטע אייגנשאַפטן, וואָס סעם ליפּצין פאַרמאָגט, איז זיין באַאָבאַכטונגס־קראַפט און דאָס, וואָס ס'פעלן אים קיינמאָל נישט אויס קיין טעמעס, וועגן וועלכע צו שרייבן. יעדער דערשיינונג, וואָס האָט אַ סאָציאַלן, פּאָליטישן אָדער קולטורעלן זינען, איז ביי ליפּצינען אַ טעמע, וועגן וועלכער ער האָט שטענדיק עפּעס צו זאָגן, אָדער באַמערקן. און דאָס וואָס ער זאָגט, אָדער באַמערקט, איז צייטיק, אַקטועל. — — — אויף ליפּצינען וואָלט מען געקאָנט אָנווענדן מ. אַלגינ'ס אַ טרעפלעכן אויסדרוק: 'ס'איז אַ טאַלאַנט־פולע טעמע'. נישט נאָר פעלט ליפּצינען נישט קיין טעמעס (הלוואַי אויף אַ סך אַנדערע שרייבער געזאָגט), נאָר ער אַליין איז אַ אינטערעסאַנטע טעמע".

**כאַווער־פּאַווער** („מאָרגן־פרייהייט"):

„. . . איך האָב שטאַרק הנאה פון סעם ליפּצינס מעשה'לעך. זיי זיינען אַזוי פּשוט, פאַרכאַפּנדיק . . . זיי האָבן אַ גרויסן ווערט, ווייל דאָס זיינען שאַפּ־מעשיות, וואָס קיינער האָט זיי נאָכנישט באַריירט אויף אַזאַ אופן ווי ליפּצין טוט דאָס. — — — סעם ליפּצין איז דער ערלעכער האַרעפּאַשניק מיט דעם טאַלאַנט פון אַ פאָלקס־זאָגער, און כדי צו זיין אַ פאָלקס־זאָגער, מוז מען פאַרמאָגן אַ סך וואַרעמשאַפט און ליבשאַפט פאַרן פאָלק, און ליפּצין פאַרמאָגט דאָס".

**משה כץ** („מאָרגן־פרייהייט", דעם 2טן מאַי, 1942):

„מיר איז שוין נישט איינמאָל, ביי אַנדערע געלעגנהייטן, אויסגעקומען אָנצוווייזן, אַז סעם ליפּצין האָט אַ שאַרף אויג און קאָן באַמערקן אמת־קאָמישע סיטואַציעס אין געוויינלעכע אומשטענדן, וואו אַז אַנדערן וואָלט גאָרנישט איינגעפאַלן זיי צו זוכן. — — — סעמ'ס איינאַקטערס זיינען זייער אַ גוטער מאַטעריאַל פאַר קלובן: זיי זיינען לעבעדיק, פאַרשפּיצט, סאַטיריש און צייטמעסיק . . . אַנקל סעמ'ס לידער אויף פאָפּולערע מאָטיוון האָבן אַלע מעלות פון זיין שרייבן: זיי זיינען פּשוט, לעבעדיק, זינגעוודיק, לאָזן זיך לייכט איבערחזר'ן און זיינען צוגעפּאַסט פאַר אַ גרויסן עולם".

**מ. לוב** (דייטשע צייטונג „אויפבוי", נ.י., 13טן דעצ., 1946):

„. . . דער נאָמען פון דעם ענגלישן בוך 'אין ספּאַיט אָוו טיערס', פון סעם ליפּצין, איז זייער צוגעפּאַסט צום כאַראַקטער פון זיין הומאָר און פון יידישן הומאָר בכלל. — — — עס זעט זיך אָן, אַז דער פעליעטאָניסט סעם ליפּצין

איז שטענדיק גרייט אַרויסצוברענגען אַ שטאַנדפּונקט, האָט אַלעמאָל אינזינען דעם אינטערעס פון דעם לייענער. אָבער איז שטענדיק און אומבאַדינגט באַ־וואוסטזיניק וועגן זיין מיסיע אַלס אַ ייד אין אַמעריקע".

**ה. לייפּער** („אונדזער פּריינט", אורוגוויי, 30טן סעפּט., 1951):

„די דאַזיקע עפּיזאָדן וואָס סעם ליפּצין ברענגט אַרויס אין זיין בוך 'אַמאָל איז געווען' זיינען פון אַ רעאַליזם, וואָס איז דורכגעפלאָכטן מיט סאָציאַליסטישער וויזיע . . . דער צוזאַמענשטעל איז אַזוי געלונגען, אַז זיי שאַפן ביים לייענער איין גאַנץ בילד פון דעם אַנטוויקלונגס־וועג וואָס עס האָבן דורכגעמאַכט די יידישע עמיגראַנטן, ווי 'גרינע' אין אַמעריקע. — — — די דאַזיקע מאָמענטן, עטאַפּן, זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן".

**יעקב לייזעראָוויטש** („זאַמלונגען", נומער 21, 1960):

„ליפּצין רופט זיך אָפּ אויף די מערסטע דערשיינונגען אין יידישן לעבן, ווי אויך אויף געשעענישן אין לאַנד און איבער דער וועלט בכלל — דערפאַר טאַקע איז ער אַזוי שעפעריש, דערפאַר פעלט אים קיינמאָל נישט קיין טעמע. דערביי טוט זיך דער פּראָלעטאַרישער קעמפער אין אים זיינס — רעאַגירט שטענדיק מיט זיין געזונטן פאָלקס־חוש און שיילט אויס פון די אַלע פאַרפּלאָנטערטע געשעענישן דעם קערן, דעם עיקר — דעם ביטערן קאַמף צווישן יושר און אומ־רעכט".

**קלמן מרמר** („מאָרגן־פרייהייט", נ.י., 1952):

„איך האָב דאָס בוך 'פאַר פרייד און פרידן' פון סעם ליפּצין דורכגעליינט 'פון טאָוול ביז טאָוול', אַזוי ווי דעם צוואַנציקסטן בוך 'אַמאָל איז געווען'. — — — 'אַמאָל איז געווען' פאַרצייכנט הומאָריסטיש און סאַטיריש אַ האַלבן יאָר־הונדערט געראַנגלעניש פונעם אַמעריקאַנעם יידישן אַרבעטער פאַר יושר און פרייהייט. דאָס בוך 'פאַר פרייד און פרידן' באַגלייט מיט געזאַנג צום קאַמף די נייע שטריכן פון ייד און מענטש, פאַר גלייכהייט און שלום. די רעציטאַ־ציעס, משלים, סאַטירישע און דראַמאַטישע פערזן האָבן נאָך דערצו די גרויסע מעלה, וואָס זייער מענטשן־ליבע און קאַמף פאַר יושר איז אַזוי אויפריכטיק, ווי די אַרבעטער־געזאַנגען פון דוד עדעלשטאַט און די אַנדערע ערלעכע פּיאָ־נערישע אַרבעטער־דיכטער".

**יעקב מעסטל** („יידישע קולטור", מערץ, 1949):

„סעם ליפּצינס פאַך איז הומאָר. אָבער דער עכטער קאָמיקער, האַלטן טעאַ־טער־מענטשן, איז אויך צוגלייך אַ טראַגיקער. טרעפט איר צווישן זיינע לייכטע שפּילערייען פיגורלעך און סיטואַציעס, וואָס רירן אייך מיט זיין טראַגיקאָמיק ביז וויייטיק. אין זיין שרייבן, ווי אין זיין נאַמור, ליגט אַ ניצוץ פון אַ סאַטיר — האַלב־ערנסט, האַלב־שפּאַסיק. ליפּצין איז שטענדיק אַ שמייכלדיקער; אָבער אין זיין שמייכל טליעט ערגעץ־וואו אַ פאַרבאָרגענער צער. אין זיין הומאָר איז שטענדיק אַדורכגעזאַפּט מיט עפּעס אַ טיפן ערנסט, ווי ער וואָלט וואָרענען: נישט שטענדיק קאָן מען לאַכן!" . . .

**דר. א. מוקדוני** (אין „מאָרגן־זשורנאַל", 1934):

„סעם ליפּצין איז אָבער אַריין אין פאַרייאישן לעבן מיט אַלע זיינע חושים און האָט די פּאַרטיי־מלחמות פאַרפאָלקסטימלעכט. ער האָט פון זיי אַראָפּגע־נומען די טיף־טעאָרעטישע הויט און האָט זיי געגעבן אַ לייכטע פאָלקסטימלעכע בייזקייט, וואָס איז אַ סך ליבער, נעענטער און טייער צום הארצן. 'ניטגעדאַי־געט' הייסט דאָס בוך, און איך האָב באמת קיין ביסל דאגה אויף אַ רפואה אין דעם דאָזיקן בוך ניט געפונען. האָפערדיג, זיכער, גלויביק און צופרידן זיינען די מענטשן אין בוך, און דער מחבר, וואָס פירט זיי אַרויס".

**פ. נאָוויק** (פון זיין רעדע, 22טן מאַי, 1954) :

„. . . סעם ליפּצין איז נ י ט קיין לייכטער לונג־און־לעבער. אים אַ ר ז זאַכן : עס הערט אים ניט אויף צו אַ ר ז ; און ווען פּאַסירט עס דען ניט? נעמט ער זיך ווידער צום משל מיטן נמשל, ווי מיט העכער פערציק יאָר צוריק אויף די סאָציאַליסטישע מיטינגען. — — — ליפּצין איז, לויט מיין מיינונג, איבער אַלץ — אַן א י נ ס ט י ט ו צ י ע. און דאָס איז אפשר די בעסטע באַצייכענונג פאַר אים. ליפּצין איז אויך געשיכטע. זיין בוך 'אַמאָל איז געווען' איז איינער פון זיינע וויכטיקסטע ביכער און אַ גרויסער ביישטייער צו דער געשיכטע, צו דער א י נ ט י מ ע ר, מענטש־מענטשלעכער געשיכטע פון שאַפארבעטער, זיינע לײדן און פריידן".

**„סאָוועטיש היימלאַנד"** (מאָסקווע, מאַי 1968, נומער 5) :

צו דער געלעגנהייט פון סעם ליפּצינס 75סטן געבוירנטאָג, שרייבט :

„. . . שוין 55 יאָר ווי סעם ליפּצין טרעט אַרויס פאַר די לייענער 'מיט אַ פריילעך פּנים' (אַזוי האָט ער אָנגערופן דאָס בוך, וואָס איז דערשינען צו זיין 70־טן געבורטסטאָג אין ווארשעווער פאַרלאַג 'יידיש בוך'). אין דער יידישער פּראָגרעסיווער פּרעסע פון אַמעריקע און אַנדערע לענדער דרוקן זיך רעגולער זיינע הומאָריסטישע און סאַטירישע סקיצן, לידער, גלייכווערטלעך, אַפּאָריזמען, וויצן, וועלכע זיינען באַוואוסט אין פאָלק אונטער דעם שפּילעוודיקן אַלגעמיינעם נאָמען 'ווי זאָגט דער פעטער סעם'. סעם ליפּצין האָט זיך געדרוקט אויך אין 'סאָוועטיש היימלאַנד'. — — — אין ליפּצינס אַפּאָריזמען, עפּיגראַמען, סאַטירישע פערזן, קוועקזילבערישע פּען־שטיפּערייען (ער שרייבט זיך צומאָל אונטער אויך 'קוועקזילבער') טרעפן מיר אַן אוצר שטייגערישע שילדערונגען פונעם יידישן שטעטל אין צאַרישן רוסלאַנד און פון דער היינטיקער בייזנעסדיקער אַמעריקע. די שפּראַך פון ליפּצינס ווערק איז זייער פאָלקסטימלעך".

**דוד ספאַרד** (אין זיין אַריינפיר־וואָרט, אינעם בוך „מיט אַ פריילעך פּנים" פון סעם ליפּצין, פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע, 1963) :

„זיין 'מיט אַ פריילעך פּנים' — בילדלעך פון אָנוואַקסנדיקן יידיש־אַמעריקאַנישן לעבנס־שטייגער און קאָליזיע מיט פאָרשטעלונגען און געוואוינהייטן, וועלכע די יידן האָבן מיטגעבראַכט פון זייער אַמאָליקן שטעטל — געשילדערטע מיט אַ דינעם, געמיטלעכן און דיסקרעטן הומאָר, און, באַזונדערס — זיינע 'אַפּאָריזמען און עפּיגראַמען', וועלכע פּרעטענדירן נישט אויף אַבסטראַקטע פילאָזאָפישע פאַרטיפטקייטן, אָבער וועלכע זיינען ס'רוב געפּרעסט, שלאָגפערטיק, קאָנקרעט, שכל־הישר'דיק און דורכגעדרונגען מיט אַ פיינעם פאָלקסטימלעכן און לעבנסלוסטיקן הומאָר".

**פ. קאַטאָווסקי** („היינט", בוענאָס איירעס, 11טן דעצ., 1949) :

„. . . ליפּצינס בוך איז אַ קוואַל פון מאַטעריאַל פאַר שוישפּילער און דראַמקרייזן. ער איז אַ מזל־ברכה פאַר רעציטאַטאָרס און קולטור־אונטערנעמונגען. עס איז פּאַרטיקער מאַטעריאַל, וואָס בעט זיך ממש : נעם און רעציטיר מיך! ס'איז לעבעדיק און שפּילעוודיק. ס'איז קרומער שפּיגל. דער עולם וועט לאַכן — אָפּטמאָל פון זיך אַליין און — נישקשה — אויך עפּעס לערנען".

**מ. ראַטושני** („פֿאָלקס־שטימע", אַרגענטינע, 18טן אַפּריל, 1943):

„סעם ליפּצין איז אייגנאַרטיק, קוועקזילבערדיק, ער ווייזט אַרויס אַ שלל מיט פֿאָלקסטימלעכקייט אין דער שפּראַך און עמכא'דיקייט אינעם סאָציאַלן אויס־טייטש פֿון די הומאָריסטישע איינפֿאַלן. ער איז איינער פֿון די פֿלינקסטע און שאַרפֿזיניקסטע פֿעליעטאָניסטן אויף יידיש ביי אונדז".

**מאָריס שאַפּעס** („דזשואיש קאָרענטס", נ.י., אָקטאָבער, 1965):

„איר קריגט אַ קלאָר בילד אינעם בוך 'טעילס און עי טעילאָר' (אין ענגליש), איבערגעזעצט סעם ליפּצינס בוך 'אַמאָל איז געווען'. ווי מיט אַריבער פֿופֿציק יאָר צוריק אין דעם סוועט־שאָפּ און ווי די יידישע אימיגראַנטן האָבן געלעבט, ווי פֿרויען און יונגע קינדער האָבן געאַרבעט אין די שעפּער אונטער שוידער־לעכע באַדינגונגען. — — — אינטערעסאַנט איז, אַז טראָץ זיין שווער לעבן און שטענדיקער קאַמף האָט ער פֿאַרמאָגט זיין געזונטן הומאָר אין רעדן, ווי אין זיין שרייבן. ער האָט געקעמפֿט און געלערנט. איצט קאָן מען אין זיין בוך גע־פֿינען אַ סך צו לאַכן און אויך לערנען דערביי פֿון יענעם פּעריאָד".



# אַ גוט יום־טוב, טייערער חבר און מחבר

# סעם ליפּצין (פּעטער שעפּסל)

זייט האַרציק געגריסט מיט די בעסטע וואונטשן צו אייער 75־סטן געבוירנטאָג, פינף־און־פופציק יאָר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, און — צו דער דערשיינונג פון דעם דרייסיקסטן בוך „מיין גאָרטן", אַרויסגעגעבן פון איקוף און דעם ליפּצין **יובל בוך־קאָמיטעט.**

מיר, דער סעם ליפּצין יובל בוך־קאָמיטעט, אַלע אונטערגעשריבענע ספּאָנ־סאָרס און באַגריסער, ווינטשן אייך, אונדזער ליבן פאָלקס־שרייבער פון קאַמף, פרייד און פרידן, נאָך אַ צווייטן פינף־און־זיבעציקער, צו זיין געזונט און אַזוי שעפעריש ווי ביז איצט.

נאַכאַמאָל: גוט יום־טוב, ליבער חבר און מחבר סעם ליפּצין!

פאַר דעם ספּאָנסאָר־קאָמיטעט און אין נאָמען פון אַלע באַגריסער פון ניו־יאָרק, ווי איבערן לאַנד.

**אברהם קאָלב**, פּאַרזיצער **לואיס פעלדמאַן**, סעק. **לייבל האָפמאַן**, קאַסירער

**רשימה פון ספּאָנסאָרס, אָרגאַניזאַציעס און יחידים אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד**

**שניידער קולטור סאָסייעטי און פּרעסע־קאָמיטעט, ניו־יאָרק**

אברהם און בעסי קאָלב, צו זיין 75־סטן געבוירניאָר
לייבל אוןביילע האָפמאַן, צו זיין 75־סטן געבוירניאָר
לואי און נעדי פעלדמאַן
סעם אַרטשעס, צו זיין 80־סטן געבוירניאָר
שרה אַדעסער
איידאַ און לואיס טאַהל
איידאַ דזשולים
מאָלי סיליען
מארים עפּשטיין
סאָל און קלאַראַ פּאַסעקאָוו
סעם סטוירן, לזכרון זיין פרוי אסתר
חנה שפּינער
ישראל און גערטרוד קאַרען
אַלעקס און הילדאַ זאַלצמאַן
אליהו און שרה זאַראָוו צו זיין 70־סטן געבוירניאָר

וויליאַם און ביטריס קאופמאַן
משה און נחמה שניידערמאַן
אַראָן און דזשוליאַ זאַליטשין, צו זיין 80־סטן געבוירניאָר
בעקי פרידמאַן
בעסי סיגעל, לזכרון די שוועסטער רעבעקאַ
איידאַ ספּיים

**בראָנקס פּאַרק איסט סיניאָר סיטיזענס קלוב**

אברהם דוא, פּאַרזיצער
מאיר און סאָניאַ בעליט
סעם און בלומע קורשנצווייג

**פּאַרקסייד פראַטערנאַלע סאָסייעטי, בראָנקס**

סעם קאַרסאָן, פּאַרזיצער
בעלאַ האַלעבעסקי, סעקרעטאַר
דזשעק און פעני שאַפּירא

מאַקס און בעלאַ האַלעבסקי
סעם און גאַסי קאַרסאַן
מאַרים און רעבעקאַ גורעוויטש
אסתּרקע קאַרדונער, לזכרון איר מאַן משה קאַרדונער
ישעיה (שייע) מאַלקעס, לזכרון זיין פרוי בלומע מאַלקעס
ראָוז טרוגער
מאַלי קופּערשטיין
ישׂראל און גוּיטרוד קאַרען

## בּראָנזוויל קולטור פאַריין

ראובן און דאָראַ בוראַה
משה און שוירלי גאַרפין
טש. און בעסי נעמיראָף
צו זיין 75־סטן געבוירנטאָג
אברהם און איוואַ וויס, לזכרון העראַלד וויס
סעם הייבער
יעטאַ סאַלאָמאָן, לזכרון שמעון סאַלאָמאָן

## בענסענהורסט פּראָגרעסיווע סאָסייעטי

## טרימאַנט מיוטשועל עיד סאָסייעטי, בראָנקס

איזידאָר סילווער, פּרעזידענט
דר. קאַמינער, סעקרעטאַר

## פּרץ גראָדזשינסקער סאָסייעטי

הערי קאָגוט, פּרעזידענט
גיטאַ סאַלידזער, סעקרעטאַר

## קאָלאָני סאַוראָם

אברהם און שרה שקאַלניק

## ליפּצין פאַמיליע סוירקל

יעקב־חיים ליפּצער און פאַמיליע, לזכרון דער פרוי און מאַמע מעימי (מאַשע)
איידע (כאַיטשע) רובינשטיין און פאַמיליע, לזכרון דעם מאַן און טאַטע יתוקיאל (סעם)
מיני (מנוחה) בלום און פאַמיליע, אין אָנדענק פון דעם מאַן און טאַטע יוסף (דזשאָו) בלום
עליס עפּשטיין און פאַמיליע, לזכרון דעם מאַן מאַרים און טאָכטער שוירלי

אין אָנדענק פון ברודער און שוועגעריןּ, אָנקל און טאַנטע טש. (שלמה) און עני ליפּצין
סאָל און בעסי דלאַזנאָוו מיט זייער פאַמיליע, אין אָנדענק פון זייערע עלטערן (מיאַמי ביטש)
מאיר און גריים ליפּצין און פאַמיליע
מאָרעי (זיידקע) און דזשין ליפּצין און פאַמיליע
מאיר און שרה בערגער (מעקסיקאָ)
אין אָנדענק פון זייערע עלטערן און דעם שטעטל ליפּסק

## ניו־יאָרק

### א

לאה אַדלער, לזכרון איר מאַן בענעמאָוסקי
יאַשאַ אייזענבערג, לזכרון דר. מאַניאַ אייזענבערג
יאַנקל אַדלער, לזכרון זיין פרוי פייגל
אברהם און סילוויע אַרענשטיין
ה. אַראָנעק
ליליען אייכלער

### ב

מרים באומעל
יואל און עני בינשטאָק
משה און רחל בערגער
משה בער
סיידי באַגראַד

### ג

הירש־בער געצאָוו
אהרן און פרידאַ גלימטשער
מאיר און שרה גאָטליב
סאָניאַ און ראָוז געלוואַן
דזשעק און סערע געלפאַנד
משה און מאַלי גאָלדשטיין
געצל גוטערמאַן
משה און שוירלי גאַרפין
מאיר און שרה גאָטליב
יוסף גאָלסטוק, סאַשע, אַנאַבעל און סעם, לזכרון אסתּר, העלען און אהרן דיסטעל
פּערל גרייווער, לזכרון איר מאַן הערשל גרייווער

### ד

גאָלדע דוביצקי, לזכרון איר מאַן אברהם דוביצקי

עמאַ און הענאָך דעניעלס
יעקב און צייטל דאָראָשקין
מאַקס און פרוי דזשענקינס

## ה

מאַקס הערשער און פאַמיליע
לייבל און ביילע האָפמאַן,
לכבוד זיינע 75 יאָר
סעם הענדלער און פרוי
דזשעק און מאַלווינאַ היימאָוויטש

## וו

סילוויאַ וויטקין, לזכרון איר זון לעאָנאַרד
וויטקין
איזידאָר ווישינגראַד
בערל און שרה וועלער
הערי ווילנער
ראָוז ווישינסקי

## ט

יעקב און אסתר טון
יוסף און בעלאַ טשאַרנאַווער
סאָניאַ טשייקין
בען און פאָולין טוניק

## י

מאַרקוס יאַמניק

## ל

מרים און דזשאָרדזש ליבהאַבער
אָסקאַר און בעלאַ לאַנדיס
פיליפ און חנה לאַכמאַן
עמאַ לערנער־בורלאַנט

## מ

מאַרים מייער

## נ

סעם און לאה נעלסאָן
ט.ש. און בעסי נעמיראָף
אירווינג און שרה נידעל
לואיס נעוויאַסקי
יאָסל און סאָניאַ נודעלמאַן
הערמאַן און מילי נעסינאָף.

## ס

גיטל סאַלינדזער, לזכרון פרענק סאַלינדזער
איזידאָר און פאָולין סילווער
היימאַן און מרים סילווער
ה. און אַנאַ סאַנטץ
אַניוטאַ סאָשין
רחל סילבערבערג, לזכרון איר מאַן
סאָל סילבערבערג
אַנאַ סילווערמאַן
הערי און רות סעקער
יעקב און איטקע סילווערשטיין און
פאַמיליע
אייב און סאָניאַ סטיין
ראַכיל סאַלמאַן

## פּ

אַלפרעד און עמאַ פּאַזנאַק, לזכרון דער
טאָכטער פּערל
אידיט פּערעץ, לזכרון איר מאַן
יעקב פּערעץ

## פֿ

שרה־מירל און הדסה פרידמאַן
איציק און בעסי פרידמאַן
י. פינגערהוט
שרה פרידמאַן
י. פינקלשטיין
יוסף פיינסטיין, לזכרון זיין פרוי בלומע
פיינסטיין

## ק

ראָוז קוירק, לזכרון איר מאַן, דעם באַוואוס־
טן מאַלער פרענק קוירק
אַנאַ קוואַסניק און פאַמיליע
שמואל און אסתר קעלערמאַן
דוד און שרה קעם (קיש)
דוד און פעני קאַליש
אַרטשיק קאַרון, לזכרון אַנאַ
זלמן־שמואל (סעם) קאָהן
רחל קאַפּלאַן

## ר

בערל און לאה ראַלער
ליפּע ראָזענבערג, לזכרון זיין פרוי באַלבינאַ
(ביילע) ראָזענבערג
פיליפּ און פּערל ראָזענבערג
ליליאַ ראַיוואַ, לזכרון איר מאַן גרישאַ
ראַיוואַ
סאָפי ראָזען, לזכרון איר מאַן דוד ראָזען

## ש

סעם און ראָוז שוואַרץ
ז.ש. שילער
חיים און סיליע שוואַרץ

## לאס אנדזשעלעס, קאליפארניע

דזשעיקאב (יעקב) סאבין, לכבוד דער משפחה קאלמענאוויטש אין ישראל
איידא בערנשטיין, לזכרון איר מאן מארקוס בערנשטיין
יעקב און דארע ראבינאוו
בעטי ראבינאוו, לזכרון איר מאן סעם ראבינאוו
די מאמע מערי ריטשמאן, צו איר 80־סטן געבוירניאר, און לזכרון דוד ריטשמאן
סעמיועל און פעני רעלין
נייטען און פרענציס סענטער
היימאן סטיין
פרידא קינג, לזכרון איר מאן עדי
סעם און פרוי קלעמפנער
נעיטאן און איידא קארפילאוו
מארטא קאפלאוויטש און פאמיליע
מאקס, גוירדי און פאמיליע שולץ
משה און מירל שעק
דר. חיים און פעי לובין
עוועלין אלעקסאנדער
נעיטאן און סיליע אפעל
שמעון און מאלי טרייבוש
יוסף און מאניא שראגין
אנא קרופין, לזכרון נחמן קרופין
אהרן קרויטמאן, לזכרון זיין פרוי רבקה
א. בערנשטיין

## פעטאלומא, קאליפ. קולטור קלוב

באריס און יעטא גורשטיין
יוסף און רחל גרינשפאן
יוסף ראפאפארט
רובי און יעטא וועגנער
סעם און מאניא וועסט

## עלסינאר, קאליפ.

סאל און לארא לין, לכבוד זיין 75־סטן געבוירנטאג
שמואל און חנה שווארץ

## אוקלאנד, קאליפ.

מר. און מיסעס לואיס זעלמאן
וועלוול און קעי קאפלאן

## טעקסעס

טילי מייזאוו און פאמיליע, לזכרון איר מאן, דר. ליא מייזאוו, און לכבוד דער פאמיליע אין ישראל

אנא לענסקי, לזכרון איר מאן הערי לענסקי
ליליען מעלניק, לזכרון פרענק מעלניק
מ. און ציריל סעלעמענסקי (על פאסא, טעקסעס)

## טוסאן, אריזאנא

חיים און חנה עפשטיין און פאמיליע

## מיאמי, מיאמי ביטש פלארידע

## ישראל לינקין לייען־קרייז

ווילי טייטלבאום, פארזיצער
מארים סאקאלאוו, סעקרעטאר
שמואל און גאסי לייבאוויץ
אייב און ראוז לידס
ריטא ראטהויז
מארטא לענטשיץ, לזכרון איר מאן משה לענטשיץ
פיליפ פינקל, לזכרון זיין פרוי שרה
דזשעני גלאטשטיין און פאמיליע
הערמאן און איטקע גליקמאן
דזשעק און גאסי שאגאל
יודל און פאולין גאלדשטיין
איזי און לינע גרינבערג, לזכרון זייער טאכטער
ט. און פ. דאווידאוו
מארים און רעי בעקער
דזשולוס בארנבאום
איזי און אסתר בעקער
פעני קעסלער, לזכרון הערשל קעסלער
ווילי און שרה סאפאלסקי

## שיקאגא

דר. מ. ר. בודקין
מאקס פרענד
לייב בן יצחק סטאלאוויטש
סעם בלייזויס (ראסין, וויס.)
דזש. ר. פעלדמאן (מעדיסאן, וויס.)
הענרי סופאק (מיניאפאליס)

## קענזעס סיטי

סעם און פרידא ברענער
דזשעק קאהן און טאכטער פרידא
לזכרון די פרוי און מאמע סילוויא
דר. דזש. ט. זובאוו (סט. לואיס)

## איקוף לייען־קרייז, וואשינגטאן

ריוול פיינשטיין
העלען ליכטענשטיין
אייזיק און בעקי זיידמאן (נארפאלק, וויר.)

**קאַנאַדע**

יוסף בעקער (מאָנטרעאָל)
אסתר קיילער (מאָנטרעאָל)
הערשל פּאַט (קאַנאַדע)

**דעטרויט**

סעם קראַפּט און פאַמיליע
ראָוז סאַבאַראַף, לזכרון איר מאַן מאַקס סאַבאַראַף
מאָרים סיטרין
אייזיק און פלאָרא קעסלער
משה ליפענהאָלץ

א. פרימאַק און פאַמיליע (קאָנעקטיקוט)
סאָל סטאָר און פאַמיליע (קאָנעקטיקוט)
פרעד פילד (פילאַ., פּאַ.)

**ניו־דזשוירזי**

באַרנעט און דאָרע טשייסין
אייב און מערי ראָזען

נפתלי און באַשקע מעק
אָסקאַר מייער
אייב עפּשטיין
מאַרקוס און אידיט זעלצמאַן

**שרה באַרקאַן לייען־קרייז**

פעני קאַלטמאַן (אָרענדזש, נ. דזש.)

**יידישער קולטור און הילף קלוב**

אַלבערט לעדערמאַן (נוארק, ניו־דזש.)

**ניו־בראָנזוויק, פליינפעלד, סטעלטאָן קולטור קלוב**

ראָוז בלומענטאַל, סעק. (ניו־דזש.)

סעם און פרידא סאַוויטש
(מאָנטיסעלאָ, נ. י.)

איידאַ סטעלער (מאַסס.)

איסאַק און ראָוז פושקין (באַלטימאָר)